סאלאמאן קאהאן



# מעקסיקאנישע רעפלעקסן

## פובליציסטישע און ליטעראַריש-קריטישע פאַרצייכנונגען

פאַרלאַג „זעלבסטהילף"
מעקסיקע, ד. פ.
1954

SALOMON KAHAN

# REFLEJOS MEXICANOS

## ENSAYOS CRITICOS SOBRE TEMAS JUDIOS

EDICION DEL AUTOR
MEXICO, D. F.
1954

ליזען,

מיין אידעאַלער לעבנס-חברטע;
דער פאַרשטענדניספולער מוטער
און גלענצינדיקער דערציערין;
דער וואונדערבאַרער פרוי, וואָס
האָט מיין לעבן פאַרוואַנדלט אין
אַן אומאויפהערלעכן גייסטיקן
יום-טוב. — מיט אַלט-נייער
ליבע געווידמעט

# ישראל און די תפוצות

די אנטשטייאונג פון מדינת־ישראל איז א נייער, אומגעהויער וויכטיקער פאקטאר אין דעם גאנג פון דער יידישער געשיכטע, און וועט געוויס אויסאיבן א באדייטנדיקע ווירקונג אויף פארשידענע אספעקטן פון דעם יידישן לעבן  א ו מ ע ט ו ם.

אבער מיט דער אנטשטייאונג פון מדינת - ישראל הייבט זיך די יידישע געשיכטע  נ י ש ט  אן. א טעות, וואס איז מסוגל צו ווערן טראגיש פאר אונזער פאלק, מאכן די, וואס באטראכטן די פראקלאמירונג פון דער יידישער מלוכה פאר אזא ראדיקאלן איבער־ברוך, אז זיי דערלויבן זיך אוועקצומאכן מיט דער האנט די יידישע פארגאנגענהייט. אן המשכדיקייט וועט די יידישע צוקונפט ווערן צעקרימט און צעקאליעטשעט.

מיר זענען געווען א  וו ע ל ט - פאלק און, נישט געקוקט אויף די אנטשטייאונג פון מדינת־ישראל,  ב ל י י ב ן  מיר א וועלט־פאלק. אט דער גרונט־געדאנק מוז גענומען ווערן  אין  אכט  ביי אונזער יעדן פרווו צו טראכטן וועגן אונזער צוקונפט אדער איר קאנקרעט צו פורעמען.

דער פאקט פון דער עקזיסטענץ פון דער יידישער מלוכה האט אויסגעגלייכט דעם יידישן רוקן  א ו מ ע ט ו ם. קיין קרבן מצד די תפוצות איבער דער גארער וועלט קען נישט זיין צו גרויס, וואס שייך מאטעריעלער הילף און מאראלישער שטיצע פאר דעם יידישן היימלאנד.

פון דער צווייטער זייט אבער טאר מדינת־ישראל נישט פרע־טענדירן אויף א  ט א ט א ל ע  באווירקונג פון דעם יידישן לעבן

אין די תפוצות: אויף „אלע יונים האבן איין פנים"-באפעלעריש-קיים. יידיש לעבן אין די תפוצות, נישט אפזאגנדיק זיך אנצונעמען אלץ, וואס באדייט אין א העכערן זין „כי מציון תוצא תורה", קען אבער גלייכצייטיק נישט געפורעמט ווערן לויט באגריפן אדער פארלאנגען, וואס קומען ווי א באפעל מעבר לים.

נישט איינע, נאר צוויי צענטראלע אידייען מוזן איצט דאמינירן אין יידישן לעבן, און ביידע — אידייען גלייכווערטיקע; ביידע — פאראלעל לויפנדיקע: ישראל און וועלט-יידנטום. זייער קעגנזייטיקע אפהענגיקייט איז אזוי שטארק, אז איינס אן דעם צווייטן וועט בשום אופן נישט קענען געדייען.

דעריבער, אויב די תפוצות דארפן זיך באציען צו מדינת-ישראל מיט ליבשאפט און איבערגעבנהייט, מוז אבער ישראל גלייכצייטיק באטראכטן די תפוצות ווי פולשטענדיק גלייכווערטיקע (אין שייכות מיט מדינת ישראל) איינסן, און ווי ישובים, וואס מוזן פירן, און זענען בארעכטיקט צו פירן, זייער אייגענעם, דורך זייערע אויסערלעכע סביבות און אינערלעכע ספעציפישע פאקטארן באדינגטן געזעלשאפטלעך-ארגאניזאציאנעלן לעבן.

די תפוצות טארן דעריבער דורך מדינת ישראל נים באטראכט ווערן ווי „סאטעליטן", צו וועלכע ס'איז אנווענדבאר א מין „קבלו דעתי"-שטעלונג. רעספעקט צו געוויסע אייגנטימלעכקייטן פון די יידישע ישובים אין די תפוצות, איז א געבאט, וואס זיין אויספירונג וועט זיין א גרוים געווינס נישט נאר פאר די תפוצות, נאר אויך (און אין נישט קיין קלענערער מאס) פאר מדינת-ישראל. נישט-אינטערווענץ אין די אינערלעכע ענינים פון די יידישע ישובים איבער דער גארער וועלט, און שוין געווים נישט קיין דראסטישע אינטערווענץ, — איז פון גרוים וויכטיקייט פאר דער אלגעמיין-יידישער צוקונפט.

.1952

# סאָלידאַריטעט מיט מדינת ישראל

טיף אין מיין באַוווסטזיין בין איך אייניק מיט יענע אַלע יידן איבער דער גאַרער וועלט, וואָס זענען, פונקט אַזוי ווי איך, איבערצייגט, אַז מדינת־ישראל דאַרף זיין, מוז זיין און וועט פריער אָדער שפּעטער זיין נישט בלויז אַ יידישע מדינה, נאָר אויך אַ יידישע סאָציאַליסטישע מדינה. נישט געקוקט אויף אַלץ, וואָס דער טויטנדיקער טאָטאַליטאַריזם האָט אָפּגעטאָן צו דיסקרעדיטירן די אידייע גופא פון סאָציאַליזם, בלייבט מיין סאָציאַליסטישער אני מאמין דאָס גלויבן אין דער מעגלעכקייט און אין דעם אַנטגילטיקן טריאומף פון דעם פרייהייטלעכן, אַנטי - טאָטאַליטאַרישן, דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב, פעלזן־פעסט.

אָט די איבערצייגונג מיינע שטיצט זיך אויף דעם פאַקט פון דער עקזיסטענץ פון די סאָציאַליסטישע קבוצות אין ישראל, די איינציקע באמת פרייהייטלעך־סאָציאַליסטישע צעלן אין דער גאַנצער וועלט.

איך סאָלידאַריזיר זיך מיט יענע אַלע שטאָטסלייט אין ישראל, וואָס דער גורל האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט די דערהויבענע און גלייכצייטיק טראַגישע מיסיע צו שטיין ביים רודער פון דער יונגער מלוכה, וואָס זיי האָבן אויסגעטרוימט דורך די פאַר גאַרנישט זיך אָפּשרעקנדיקע מעשים פון סאָציאַליסטישער בויאונג, — אין מיטן פון שטורעמס, וואָס דראָען מיט צעשפּאַלטן, מיט צעברעכן די מלוכה־שיף.

איך זאָג צו דוד בן־גוריון און צו די אַלע, וואָס שטייען מיט

## פ אַ ל אָ מ אָ ן ק אַ ה אַ ן

אים האַנט צו האַנט און אַקסל צו אַקסל, די ווערטער פון מאַקסים גאָרקי: „צו דער נישט לאָגישקייט. פון די בראַווע און מוטיקע גייסטער דערהויבט זיך אונזער לויב-געזאַנג". גרויס איז אייער שבח, איר, שטאַטסמענער פון ישראל, וואָס איר זענט געווען נישט גענוג „פּאַרזיכטיק" און האָט די טויערן פון ישראל נ י ש ט געשלאָסן און אפילו נישט ה אַ ל ב צוגעמאַכט. געבענטשט זאָלט איר זיין, און די געשיכטע ו ו ע ט אייך בענטשן, פאַרן אַריינברענגען קיין ישראל אין בלויז פיר יאָר צייט זיבן הונדערט טויזנט יידן פון די אַרבע פינות העולם.

זי, די געשיכטע וועט משפּטן און פ אַ ר א ו ר ט יי ל ן יענע אַלע, וואָס אַנשטאָט אייך אויסצושטרעקן א העלפנדיקע האַנט און מעגלעך מאַכן, אַז דער אינטעגרירונג-פּראָצעס פון אָט דער אימי־גראַציע, וואָס האָט נישט איר גלייכן אין דער פאַרגאַנגענהייט און וואָס וואָלט אפילו גאָר גרויסע און שטאַרקע מלוכות געמאַכט אויפ־ציטערן ביז צו זייערע פונדאַמענטן, — האָבן זיי גאָר, אונטער דער מאַסקע פון „פּאַטריאָטיזם" און „נאַציאָנאַלן דיקטאַט", פאַרלאַנגט, און אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געפאָדערט, שיילאָקס פונט פלייש...

איך דריק אויס מיין טיפן גלויבן אין קאָנזיסטענטער טאָלעראַנץ אין פראַגן פון רעליגיע אָדער פרייגעזאָנעקייט אין ישראל און אומעטום. זאָלן געשטאַרקט ווערן די הענט פון יענע מענער און פרויען אין ישראל, וואָס זאָגן:: רעספּעקט פאַר אויפריכטיקן רעלי־גיעזן געפיל! און גוטער ווילן אים נישט צו באַליידיקן, געוויס און געוויס! אָבער טעאָקראַטיע, רעליגיעזער טאָטאַליטאַריזם, רעליגיע דורך צוואַנג, דאָס — ק יי נ מ אָ ל נ י ש ט!

איך באַגריס די שטאַטסמענערישע וויזיע און די געזינונג פאַר פעלקער- פאַרברידערונג, וואָס ווערט סימבאָליזירט דורך דוד בן־גוריון, וועמענס רעגירונג ס'האָט, נאָך דעם רומפולן זיג איבער אַלע אַראַבישע אינוואַזיע-אַרמייען, אויסגעשטרעקט א ברידערלעכע האַנט צו דער אַראַבישער מינדערהייט און אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פאַרשטענדעניש פאַר אירע רעכט און באַדערפענישן.

און אחרון אחרון חביב, איך דריק אויס צוטרוי דער בן־גוריון רעגירונג פאַר איר אַזוי טרעפלעכער, אַזוי ציל-באַוווסטער אינטער־נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס האָט אַזוי הויך אָוועקגעשטעלט

# מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

ישראלס נאָמען און פּרעסטיזש אין דער גרויסער וועלט, אידענטיפי־
צירנדיק די אינטערעסן פון דער יונגער מדינה מיט די באַגריפן פון
דעמאָקראַטיע און סאָציאַלן פּראָגרעס.

.1950

# אַ ישׂראל־גענעראַל אין מעקסיקע

ס׳האָט אונז דאָ אַלעמען הנאה געטאָן, ווען מיר האָבן געלייענט אין דער היגער מעקסיקאַנער פּרעסע וועגן דעם כּבֿוד, וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן דורך דער מעקסיקאַנער רעגירונג דעם אַלוף דוד שלתּיאל, ווי דעם ספּעציעלן געזאַנדטן פון מדינת־ישׂראל צו די פייערונגען פון דעם איבערגעבן די מעקסיקאַנישע פּרעזידענטשאַפט.

אָבער דאָס איז געווען אַ צופרידנהייט פון, אַזוי צו זאָגן, אַ כּלפּי חוץ־כאַראַקטער. ווען מיר וואָלטן געהאַט בלויז ד אָ ס צו געדענקען אין שייכות מיט דעם באַזוך פון דעם ישׂראל־געזאַנדטן אין בראַזיל דאָהי, וואָלט דער איינדרוק גאַנץ גיך אויסגעוועפט געוואָרן.

ס׳איז אָבער, צום גליק, נישט אַזוי.

ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז אונזער ישוב זאָל פון גענעראַל שלתּיאל דערוואַרטן עפּעס, וואָס זאָל מאַכן אַן איינדרוק אויך — און הויפּטזעכלעך — כּ ל פּ י פּ נ י ם. ער איז אַהערגעקומען מיט אַ וויכטיקער דיפּלאָמאַטישער מיסיע קעגנאיבער דער מעקסיקאַנישער רעגירונג, זייער פיין! וואָס אָבער וועט אַלוף שלתּיאל או נ ז האָבן צו זאָגן? וואָס פאַר אַ וואָרט וועט ער, אַ פאָרשטייער פון ישׂראל, ברענגען צו אונז, יידן פון איינער פון די ת פ ו צ ו ת־ישׂראל?

און ער האָט אונז נישט אַנטוישט.

ראשית כּל, איז געווען ביז גאָר דערפרייענדיק צו הערן דעם גענעראַל, דעם מיליטערישן אָנפירער מיט דער גלענצנדיקער פאַרטיידיקונג פון ירושלים, מאַכן אַ דערקלערונג, אַז ער איז, מיט זיין גאַנצן האַרצן, מיט זיין גאַנצער נשמה, אַ פּאַציפיסט, אַן אַ נ ט י־מיליטאַריסט.

## מעקסיקאנישע רעפלעקסן

ס׳איז גוט געווען צו הערן פונם מויל פון אזא ווינטיקן ישראלשן מיליטערישן פירער, ווי דער הויפט-אינספעקטאר פון דער ישראל-ארמיי (וואס, זייענדיק אין דיפלאמאטישן דינסט, איז ער בלויז אויף אורלויב פון זיין מיליטערישן פאסטן) אזא פאציפיסטישן אני-מאמין. אזוי, האבן מיר זיך געהאט פארגעשטעלט, דארף זיין דער הערשנדיקער גייסט אין דער ארמיי פון מדינת ישראל: שטענדיקע גרייטקייט צו פארטיידיקן די ישראל-גרעניצן? יא! אויסגעצייכנטע מיליטעריש-טעכנישע צוגרייטונגען? געוויס! אבער דערהויבן מיליטערישקייט צו א קולט, דאס קיינמאל נישט!

און אלוף שלתיאל האט זיך אונז אנטפלעקט, ווי די פארקערפערונג פון דעם אידעאלן ישראלשן מיליטערמאן, וואס, קענענדיק זיך פארגלייכן אין זיין ספעציאליטעט מיט די בעסטע מיליטערישע פאכלייט אין דער ארומיקער וועלט, איז ער אבער אינגאנצן פריי פון מיליטאריסטישן אפיום, וואס צווישן זיינע באשטאנד-טיילן געפינען זיך: גרויסקייט-מאניע, עקספאנסיע - פארלאנגען און אפענע אדער פארבאהאלטענע דיקטאטור-טרוימען.

ווען גענעראל שלתיאל וואלט אונז געהאט איבערגעלאזן בלויז אט דעם איינדרוק, וואלט, פון שטאנדפונקט פונם יידישן מעקסיקע, זיין קומען אהער שוין געהאט געווען כדאי.

אבער, צו אונזער גרויסער צופרידנהייט, האט ער געמאכט א טיפן איינדרוק מיט עטלעכע אנדערע מאמענטן פון זיין געזעלשאפטלעכן צוזאמענזיין מיט אונז. מיר ווילן דערמאנען בלויז צוויי.

ער האט דא ארויסגעוויזן א טיפן איינבליק אין די גייסטיקע ווארצלען פון ארץ-ישראל, ווען ער, דער גרויסער מיליטער-מאן, האט דעם הויפט-פאקטאר פון דעם היסטארישן נצחון פון „צבא הגנה לישראל" איבער זיבן אראבישע ארמייען, צוגעשריבן הויפט-זעכלעך צו דער יארן-לאנגער עקזיסטענץ פון ארץ ישראל — חלוציות. דאס האט דער אידעאליזם פון די ווייניקע באזיגט די אידעאל-לאזיקייט פון די א סך. נישט דער סאלדאט, ווי אזעלכער, האט געזיגט אין דעם פרייהייט-קריג, נאר דער חלוץ, דער אידעאליסטיש אנגעהויכטער „סאברא".

אבער דער ווינטיקסטער מאמענט פון אלוף שלתיאלס געזעלשאפטלעכן צוזאמענזיין מיט אונזער ישוב, איז געווען אויף אן אנדער געביט. דאס איז געווען זיין דערקלערונג:

# מ אַ ל אַ מ אָ ן   ק אַ ה אַ ן

„זיינט וויסן יידן, אַז מדינת־ישראל וועט געבויט ווערן אונטער אַ ל ע אומשטענדן: מ י ט   אייך, אויף וויפל איר וועט אונז העלפן, און אויך   אָ ן   אייך, אויב איר וועט אונז אייער הילף פאַרגליווערן".

אַט דאָס איז אַ ריכטיק וואָרט, וואָס ווערט צו זעלטן געהערט.

שוין צופיל יידן האָבן אָנגענומען קעגנאיבער מדינת־ישראל אַ ריין־פ י ל אַ נ ט ר אָ פ י ש ע שטעלונג. מ'פאַרגעסט, אַז דעם גרעסטן יאָך פון בויען די מדינה, פון אויפנעמען און איינאָרדנען די עולים, און פון דעם, צום באַדויערן, נאָך אַלץ אומבאַדינגט נויטיקן, שווערן מיליטערישן ביודזשעט, טראָגן די ב י רג ע ר פ ו ן י ש ־ ר אל ; אַז וויפל מ'טוט נישט, אין דעם זין פון הילף, אין חוץ לאָרץ, קען בשום אופן נישט פאַרגליכן ווערן מיט דעם אויפטו פון ישראל גופא.

שוין צופיל יידן פאַרגעסן, אַז דאָס וואָס זיי טוען פאַר ישראל, איז, אין גרונט גענומען, נישט מער ווי די עלעמענטאַרע דערפילונג פון אַ נאַציאָנאַלן חוב, אין איינקלאַנג מיט אַן אינערלעכן רוף פון יידיש־מענטשלעכער ווירדע.

איז גוט געווען, אַז אַ ישראל־בירגער מיט אַזאַ הויכן „סטאַזש" זאָל קעגנאיבער אָט דער מיאוס־פילאַנטראָפּישער שטעלונג, וואָס לאָזט זיך לעצטנס פילן צווישן יידישע פּאַטענטאַטן און סתם גבירים און פאַרמעגלעכע מענטשן אין באַצוג צו דעם ענין הילף פאַר מדינת־ישראל, אַרויסקומען מיט אָט אָט דער באַרעכטיקט שטאָלצער און ווירדיקער דערקלערונג.

.1952

# פרייהייט פון קריטיק

איינער פון די גרונט-שטריכן פון א דעמאָקראַטישער, קולטורעלער געזעלשאַפט, איז דאָס נישט אָנערקענען קיין „טאַבום".

ווו עס ווערט באַצווייפלט דאָס רעכט און די פולסטע פרייהייט אויסצודריקן אידייען, סיי דורכן גערעדטן וואָרט און סיי דורך שריפט, אַנטשטייט די געפאַר פון דיקטאַטור, אָפענער אָדער פאַרשטעלטער.

און פרייהייט פון געדאַנק, אויסגעדריקט אין פרעסע-פרייהייט, וואָס איז איינע פון אירע פאָרמען, נעמט אויך אַרום ק ר י ט י ק.

פרייהייט פון קריטיק איז נישט צעטיילבאַר. ס'איז נישטאָ און ס'קען נישט זיין אַזאַ זאַך ווי באַ ד י נ ג ט ע, קאָנדיציאָנעלע פרייהייט צו קריטיקירן. ס'איז אָדער, אָדער. הייבט מען אָן צו שאַפן פּעטישן, קען קיין פרייע קריטיק נישט געדייען.

ווער ס'איז געזעלשאַפטלעך אַקטיוו, אין וועלכער פאָרם ס'זאָל נישט זיין, איז מסוגל קריטיקירט צו ווערן, און די קריטיק קען זיין א פּאָזיטיווע, פונקט ווי זי קען אויספאַלן נעגאַטיוו. אין כּעס זיין צוליב קריטיק האָט זיך נאָר געקענט דערלויבן יופּיטער; זענען נאָך ביז איצט דאָ שטאַרקע ספקות וועגן דעם צי איז ער געווען גערעכט.

די טאַקטיק פון „האַלט ס'מויל!" איז בלויז א וואַריאַציע אויף דער מער אַלגעמיינער טעמע, וואָס הייסט „שטרוים-פּאָליטיק".

מענטשן, שטערבלעכע מענטשן, בשר ודם, זענען נישט, גיימטיק, אומבאַרירלעך. אפילו ווען זיי פאַרנעמען גאָר וויכטיקע, די וויכטיקסטע פּאָזיציעס. ערשט דאַן, אין פּראָפּאָרץ צו זייערע ווירקונגס - מעגלעכקייטן, וואַקסט זייער פאַראַנטוואָרטונג, און מיט איר

צוזאַמען וואַקסט אויך די נויטווענדיקייט פון קריטיק זיי קעגנאי־בער.

דאָס איז ריכטיק און אַנווענדבאַר אפילו אויך ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן פאַרלאַמענטאַריער, ישראל־דעפּוטאַטן בתוכם.

לאָמיר נישט פאַרבייטן די יוצרות: אינמוניטעט פון פאַרלאַ־מענט־דעפּוטאַטן האָט גאָרנישט צו טאָן מיט ג יי ס ט י ק ע ר אומבאַרירלעכקייט.

געוויס, אין אַלע דעמאָקראַטישע לענדער גאַראַנטירן די קאָנס־טיטוציעס זייערע פאַרלאַמענטאַריער אינמוניטעט. דאָס איז פאַר דער עקזיסטענץ פון דעמאָקראַטישער מלוכהשקייט פון דער גרעס־טער וויכטיקייט. אין די טראַקטאַטן פון קאָנסטיטוציאָנעלן רעכט ווערט זי דעפינירט ווי „דאָס רעכט פון פאַרלאַמענט־מיטגלידער אויס־צודריקן פריי זייערע מיינונגען, ווי אויך פריי צו שטימען, נישט ווערנדיק אַרעסטירט און פאַרצעסירט״.

איז אָט דאָס די א יי נ צ י ק ע אומבאַרירלעכקייט, וואָס קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצגעבונג גאַראַנטירט די פאַרלאַמענטאַריער.

ס׳איז אָבער נאָך אין ערגעץ נישט געשריבן געוואָרן אַ געזעץ־בוך, וואָס זאָל אַנטהאַלטן פּונקטן וועגן דעפּוטאַטישער אומבאַריר־לעכקייט וואָס שייך דער פרייהייט פון א נ ד ע ר ע ארויסצוזאָגן מיינונגען וועגן ז יי, וועגן זייערע האַנדלונגען און מיינונגען.

אַזאַ מין אינמוניטעט דאַרף נאָך ערשט געשאַפן ווערן.

זי וועט אָבער נישט געשאַפן ווערן, ווייל זי וואָלט פאַרגוואַל־טיקט די עלעמענטאַרסטע לאָגיק.

שיין וואָלט, צום ביישפּיל, אויסגעזען די ענגלישע דעמאָקראַ־טיע, וואָס איז באַרימט אין דער וועלט מיט איר פרייהייט פון גע־דאַנק און זיין אויסדרוק, ווען ס׳וואָלט פאַרבאָטן געוואָרן דער לאָנ־דאָנער זשורנאַל „פּאָנטש״, אין וועלכן היינט דער, מאָרגן יענער פאַרלאַמענט־מיטגליד ווערט „גענומען אויפן צימבל״, און ווו סאַ־טירע אין איר קלאַסישסטן אויסדרוק, איז טעגלעך ברויט.

פּאָליטישע אומבאַרילעכקייט פון פאַרלאַמענט־מיטגלידער איז געוויס אַ ברכה, ווייל זי גאַראַנטירט זיי פולשטענדיקע אומאָפּהענ־גיקייט לגבי דער רעגירונג פונם לאַנד, פּונקט אַזוי ווי ס׳איז אַ פונ־דאַמענטאַלער שטריך אין דעמאָקראַטיעס די הונדערט־פּראָצענטיקע אינמוניטעט פון ריכטער פון העכסטן געריכט. די אומבאַרירלעכקייט פון אָט דיביידע אינסטיטוטן: דעם געזעצגעבנדיקן און דעם גע־

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

ריכטלעכן קעגנאיבער דער רעגירונג, איז א זעלבסטפאַרשטענדלעכ־קייט. בלויז אין דעספאָטישע רעזשימען מיט א כלומרשטער קאָנ־סטיטוציאָנעלער באַפאַרבונג איז זי א פיקציע, און דאָן קומט א „וויבאָרג" מיט פראָצעסירטע און אין טורמעס אריינגעשליידערטע פאַרלאַמענט־מיטגלידער.

אָבער וואָס האָט אָט די נויטיקע, זעלבסטפאַרשטענדלעכע פּאָליטישע אומבאַרירלעכקייט פון פאַרלאַמענטאַריער צו טאָן מיט דעם אבסורד פון גייסטיקער אומבארירלעכקייט?

אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, ווו נאָר דעמאָקראַטיע מיינט עפּעס, זענען פאַרלאַמענט־ מיטגלידער אונטערוואָרפן צו קריטיק מצד די פאַרשידנסטע שאַטירונגען פון עפנטלעכער מיינונג, און זיי נעמען אָט דעם פאַקט אויף, ווי עפּעס, וואָס איז פּונקט אזוי נאַטירלעך ווי דאָס אָטעמען.

מיינונגס־פאַרשידנהייטן זענען דער רוקן־ביין פון א דעמאָקראַ־טיש־געזינטער געזעלשאַפט. בלויז ביים באַרג סיני איז מעגלעך גע־ווען דער פאַל פון אומבאַדינגטן נעשה ונשמע.

.1953

# דאַנק־בריוו צו חיים גרינבערג

ליבער חבר גרינבערג!

אַנצורופן זאַכן ביי זייער ריכטיקן נאָמען אויף דעם ריכטיקן פּלאַץ און אין דעם ריכטיקן פּסיכאָלאָגישן מאָמענט, איז א גרויסער פאַרדינסט. איר האָט ביידע זאַכן געטאָן. איר האָט געהאַט דעם מוט און אויסגענוצט דעם ריכטיקן פּלאַץ, זאָגנדיק אייער וואָגיק וואָרט אין דעם, פון פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, אַממערסטן צוגעפּאַסטן מאָמענט. דערפאַר — יישר כח אייך.

ס'איז געווען די העכסטע צייט, אַז אַ מענטש, וואָס צו זיין וואָרט הערן זיך צו אַנהענגער און אויך קעגנער, און וועמענס אויטאָריטעט, ווי פון א טיפן דענקער, קיינער שטעלט ניט אין ספק, זאָל אויפן באָדן פון מדינת־ישראל און פאר דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער יידי־שער אסיפה מיט אַן אָפּקלאַנג אין דער גאַנצער יידישער וועלט, וואָס ס'איז דער ציוניסטישער קאָנגרעס, — לאָזן הערן זיין שטים וועגן דער פראַגע פון „גלות" אין ליכט פון דער ניי־געשאַפענער לאַגע, וואָס איז אַנטשטאַנען דעם פערצנטן מאַי 1948.

אַלץ אָפטער און אָפטער זענען צו אונז יידן אין די תפוצות דערגאַנגען ידיעות וועגן אַ געוויסן קוק „פון אויבן אראָפּ", וואָס הערשט אין איינפלוסרייכסטע רעגירונגס־קרייזן אין דער קריה אין באַצוג צו יידיש לעבן און יידישער צוקונפט אויסערהאַלב ישראל; אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער האָבן געבלאָזן די ווינטן פון נישט גינסטיקער באַציאונג צו דער פּאָטענציעלקייט פון יידישע ישובים איבער דער גאָרער וועלט ווי זעלבסטשטענדיקע, זיך אַליין רעגירנ־דיקע, אויטאָנאָמע ישובים, מיט אַן אייגענעם בליק און אויסבליק, וואָס שייך זייער לעבן אין זייערע רעספּעקטיווע לענדער.

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

צענטראַליזירונג פון יידישן לעבן אין חוץ לארץ לויט אידייען, וואָס ווערן אויסגעפורעמט אין מדינת-ישראל און וואָס צילן הויפטזעכלעך צוצונעמען ביי די תפוצות די אייגנאַרטיקייט פון זייערע לעבנס-פאָרמען, וואָס איז דיקטירט פון די ספּעציפישע באַדינגונגען, אין וועלכע יעדן ישוב אין יעדן באַזונדערן לאַנד קומט אוים צו פירן זיין קאָלעקטיווע עקזיסטענץ, איז געוואָרן די לאָזונג.

עפּעס א מין „אַלע יוונים האָבן איין פּנים"-טענדענץ האָט זיך אין נישט ווייניק אויטאָריטאַטיווע אינסטאַנצן פון ישראל אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען וואָס שייך דעם אינהאַלט פון אונזער לעבן אין די תפוצות. אין די פאָלגנדיקע צוויי באַגריפן האָט אָט די טענדענץ געפונען איר קאָנקרעטן אויסדרוק: פולשטענדיקע, עקשונות-דיקע העברעאיזאַציע, אונטער אַלע אומשטענדן, פון „גלות", און דאָס צושטעלן אויף אַ חלוצישן אָדער אַנדערן אופן, מענטשן-מאַטעריאַל מצד דעם יידנטום פון די אַמעריקעס, נאָכדעם ווי דער אייראָפּעישער רעזערוואואַר איז אַזוי טראַגיש אויסגעטריקנט געוואָרן.

מיר, די יידן פון חוץ לאָרץ, האָבן, אין דעם באַגריף פון אַ סך פון די וואָרט-זאָגער אין ירושלים, אויפגעהערט צו עקזיסטירן ווי יידישע ישובים „אַן און פאַר זיך", און זענען אין זייערע אויגן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בלויז מיטלען צו א צוועק: דעם אויפבוי און דעם גרוים מאַכן פון מדינת-ישראל. אין בעסטן פאַל איז אונז צוגעטיילט געוואָרן די ראָל פון עפּעס א מין סאַטעליטן, וועמענס קוואַלן פון גייסטיקער עקזיסטענץ עס דאַרף להבא זיך געפינען אויסשליסלעך אויף יענער זייט ים, און וועמענס פּראָבלעמען, ווי לאָקאַל און ספּעציפיש זיי זאָלן נישט זיין, וועלן אין דער צוקונפט דאַרפן געלייזט ווערן לויט ווי זיי ווערן געזען דורך דער פּריזמע פון די אינטערעסן פון ישראל און בלויז פון אָט די אינטערעסן.

צוזאַמען מיט אַזאַ צוגאַנג האָט נאַטירלעך געמוזט גיין א היפּשער ביטול צו גלות-ווערטן פון איין זייט און פון דער צווייטער — די טאַקטיק פון אָנוואַרפן אַ שרעק אויף די יידישע ישובים אין די תפוצות, בעסער געזאָגט, פון די אַמעריקעס, וואָס שייך זייער עווענטועלער צוקונפט אויף די ערטער. דער האָריזאָנט פון זייערע וווין-ערטער ווערט זיי געמאָלן, ווי באַדעקט מיט שוואַרצע כמאַרעס,

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

און ס׳ווערט זיי אַנגעזאָגט דאָס אָנקומען פון אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט . . .

איז טאַקע דעריבער אַזוי נויטיק געווען, אַז אַ מענטש און יידישער דענקער פון אייער קאַליבער, חבר גרינבערג, זאָל גראָד אין ישראל גופא און טאַקע פון דער טריבונע פון דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, מוטיק און קלאָר אַרויסטרעטן קעגן דער אומזיניקייט פון אָט דער גאַנצער קאָנצעפּציע, און אויפווייזן איר שעדלעכקייט נישט בלויז פאַר דעם יידישן לעבן איבער דער גאָרער וועלט, נאָר טאַקע אויך ,און ראשית כל, פאַר די אינטערעסן פון ישראל.

זענט טאַקע איר, חבר גרינבערג, געווען דער באַרופענער, און איר האָט עס געטאָן אויף אייער מייסטערהאַפטן אופן. איר האָט גערופן צו רעאַליזם, און אייער אַנאַליז איז געווען שאַרף ווי אַ כירורגס לאַנצעט. פאַר די אַלע, וואָס מיינען, אז ישראלס אינטערעסן קענען געווינען דורך דעם וואָס ס׳וועט אויף די יידן פון די אַמעריקעס אַנגעוואָרפן ווערן אַ פּחד וועגן זייער צוקונפט אויף די ערטער, — האָט איר פּאַראַפראַזירט טאָלסטאָיס אויסדרוק וועגן געוויסע, מיט פּחדים אָנגעפילטע דערציילונגען פון לעאָניד אַנדרייעוו: „אָן מעניע סטראַשיט אַ מניע ניע סטראַשנאָ” (ער וויל מיר איבערשרעקן, אָבער איך שרעק זיך גאָרנישט). די אַמעריקאַנער יידן לעבן נישט, האָט איר דערקלערט, אין אַן אַטמאָספערע פון מורא. זיך באַציענדיק ספּעציעל אויף דעם יידנטום פון די פאַראייניקטע שטאַטן און פון די אַנדערע פרייע לענדער, האָט איר פון דער קאָנגרעס טריבונע געגעבן צו וויסן, אַז זיי שטייען אויף אַ הויכער מדרגה פון קולטור און האָבן דאָרט דערגרייכט גלייכהייט און שטאַרקן איינפלוס.

מיין שטאַרקסטער אַפּלויז איז אָבער באַשטימט פאַר יענעם טייל פון אייער גרויסער, ווייל מוטיקער און גייסטרייכער רעדע, אין וועלכן איר האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די יידן פון די אַמעריקעס באַטראַכטן זיך נישט ווי קאַנדידאַטן פאַר מאַסן־עליה אין דער נאָנטער צוקונפט, און אַז זיי זענען איבערצייגט, אַז „דאָ קען עס נישט געשען” און במילא וואַרט אויף זיי נישט דער זעלבער גורל ווי דער, וואָס ס׳האָבן געהאַט די יידן אין דייטשלאַנד.

און מיט נאָך אַ גרעסערן ענטוזיאַזם אַפּלאַדיר איך אייער צווייטע דערקלערונג, וואָס, קומענדיק פון דער טריבונע פון קאָנ־

# מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

גרעס און פון מויל פון אַזאַ קולטור־מענטש ווי איר, חבר גרינבערג, זענט, האָט זי געמוזט מאַכן אַ ביז גאָר שטאַרקן איינדרוק און קלינגען ווי אַן אַרויספאָדערונג צו די אומקאָמפּראָמיסלעכע „שוללי הגלות" אין די רעגירונגס־ און אַנדערע איינפלוסרייכע קרייזן אין ישראל. אייערע ווערטער, פאַרדינען איינגעקריצט צו ווערן אין האַרצן פון יעדן יידן, אין אָדער אויסערהאלב ישראל: „איך בין איינער פון די, וואָס שעמען זיך נישט מיט גלות, און איך גלויב, אַז דער גלות האָט אונטער געוויסע אומשטענדן אַן ערן ־ סטאַטוס".

יאָ, חבר גרינבערג, אַזוי איז עס, און מיט אייער רעדע אויפן ק אָ נ ג ר ע ס, אויפן באָדן פון י ש ר א ל, האָט איר נישט נאָר צו פאַרצייכענען איינס פון אייערע גרעסטע אָראַטאָרישע טריומפן; זי איז אויך פון עפּאָכע־מאַכנדיקער וו י כ ט י ק ק י י ט, ווייל אייער גלענצנדיקער אַנאַליז מוז עפענען די אויגן פון די, וואָס ווילן נישט בלויז אוים עקשנות אויך ווייטער האַלטן צוגעמאַכט די אויגן קעגנ־איבער דעם אמת. די געדאַנקען, וואָס איר האָט פון אָט דער אַל־וועלטלעך־יידישער טריבונע אַרויסגעזאָגט, מוזן קריגן אַ פ אָ ז י ־ ט י וו ן אָפּקלאַנג, ווייל אַרויסגעבראַכט דורך אַזאַ איבערגעגעבע־נעם ציוניסט, אַזאַ גוט־ווינטשער און (אין די ראַמען פון אייער געזעלשאַפטלעך־זשורנאַליסטישער טעטיקייט) מיטבויער פון מדינת־ישראל, ווי איר חבר, גרינבערג, זענט עס, — דאַרפן זיי (און, האָפנטלעך, וו ע ל ן זיי) אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אויסרייניקן די נישט געזונטע — נישט פאַר די תפוצות און געוויס נישט פאַר ישראל אַטמאָספערע, וואָס הערשט וועגן די יידישע אַמערי־קעס אין געוויסע קאַנצעלאַריעס פון ירושלים.

מיר האַלטן נאָך נישט ביים פאַרפאַקן די טשעמאָדאַנעס און, העלפנדיק פריידיק צו דעם אויפבוי און אויפבלי פון ישראל, ווילן מיר דאָ, אויף די ערטער, לעבן אַ פולבלוטיק, און פולפאַרביק יידיש לעבן.

אייער רעדע, חבר גרינבערג, איז אין אָט דער הינזיכט אַ דערמוטיקונג און באַקרעפטיקונג. דערפאַר — אַ האַרציקן יישר כחו

1951

# באַגריסונג צו ראָמאַנטיקער

**(געלייענט אויפן געזעגענונגס-אָוונט פון דער פּערטער גרופּע פון הכשרה פון „הסתדרות השומר־הצעיר", צו איר עליה קיין ישראל, דעם 25־טן נאָוועמבער 1952).**

טייערע חברים!

ס'איז דאָ צווייערליי ראָמאַנטישקייט. איינע, אַ רעאַקציאָנערע, קוקט צוריק צום נעכטן; די אַנדערע, אַ פּראָגרעסיווע, איז געווענדעט צום מאָרגן.

ווען דער אינדיווידואום, צוליב זיין אייגענער כאַראַקטער־שוואַכקייט, באַוויייזט נישט אויפצוברענגען אין זיך גענוג מוט צו קוקן דעם לעבן אין פּנים אַריין און גיין פאָרויס, ווען אפילו אַ צע־וווּנדעטער, צו נייע צילן און דערגרייכונגען, — אַנטלויפט ער פון דער ווירקלעכקייט און באַהאַלט זיך, גייסטיק, אין אַ שעל פון דעם „אַמאָל". ער נעגירט דעם היינט, האָט נישט קיין האָפענונג אויף דעם מאָרגן און גלאָריפיצירט דעם נעכטן. ער לעבט אין אַ וועלט פון דערינערונגען, וועלכע, ווערנדיק דורך אים אידעאַליזירט אין פּראָפּאָרץ צו זיין ווילנס־שוואַכקייט צו ענטפערן דורך מוטיקער טאַט אויף די נאָכאַנאַנדיקע אַרויספאָדערונגען פון לעבן, ווערט דורך אים דער־הויבן צו דער מדרגה פון אַ קולט. דאָס איז ר ע אַ ק צ י אָ נ ע ר ע ראָמאַנטישקייט, און אויף איר פּאַן איז אויפגעשריבן: „אַמאָל איז געווען...". דאָס איז בענקשאַפט, וואָס איר קוואַל איז די אימפּאָ־טענץ צו שעפערישער טאַט.

אויך אין געזעלשאַפטלעכן לעבן באַגעגנט מען רעאַקציאָנערע

ראָמאַנטיק. דערמאָנט איר זיך נישט דעם גוניאַלן פראַנצויזישן פּאָעט שאַטאָבריאַנד, וועלכער האָט אין פּרעכטיקע געדיכטן אויס־געזונגען דעם צער און יאוש פון די פראַנצויזישע אַדעליגע, וואָס זענען דורך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אָפּגעווישט געוואָרן פון פראַנקרייכ׳ס פּאָליטישער און סאָציאַלער אויבערפלאַך, און ווע־מען אפילו די שפּעטערדיקע „רעסטאַווירירונג״־יאָרן האָבן שוין נישט געקענט צוריקשטעלן אויף די פיס?

טיפע, גרענעצלאָזע בענקשאַפט נאָך דעם „אַמאָל״, אַמאָל״ פון א קלאַס, וואָס די געשיכטע האָט פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג, פּילט זיך אין זיינע לידער; בענקשאַפט נאָך „וואָס געווען, איז געווען און נישטאָ״. און ווייל ס׳איז א בענקשאַפט נאָך אוממעגלעכע רעס־טאַווירונגען, איז זיין ראָמאַנטיק די גלאָריפיצירונג פון דעם סאָ־ציאַל־פּאָליטישן נעכטן און אייערנעכטן. דאַקעגן, דער מאָרגן איז ביי אים שוואַרץ, פינצטער, און געדאַנקען וועגן טויט און אומקום ווערן דער דאָמינירנדיקער עלעמענט פון זיין לעבנס־פילאָזאָפיע. אָפּגרונט־טיפער פּעסימיזם, גרענעצלאָזער „וועלט־שמערץ״, זענען די קענצייכנס פון דער רעאַקציאָנערער ראָמאַנטיק.

איר קעגנאיבער שטייט, טריאומפירנדיק, די ראָמאַנטיק פון דעם מאָרגן. דאָס איז די ראָמאַנטיק פון דעם מענטשן, וואָס איז שטאַרק אין גייסט און פאַרוואָרצלט אין זיין האָפענונג. דאָס איז י ע נ ע ראָמאַנטיק, וואָס האָט דורך דורות און דורות דעם אינ־דיווידואום געפירט דורכן לעבן באַרג אַרויף און פאַרוואַנדלט זיין עקזיסטענץ אין א „יום־טוב אין דער וואָכן״. דאָס איז יענע בענק־שאַפט נאָך נייע האָריזאָנטן, וואָס פאַרוואַנדלט קאָלירלאָזן וועגעטירן אין ברויזנדיקן און פאַרבנרייכן לעבן.

אויף א י ר פאָן איז אויפגעשריבן: „שאַפן, בויען, נאָכאַנאַנד זיך באַנייען!״. רוטין און פאַרגליווערטקייט זענען אירע טויט־פיינט, און קעגן זיי שטייט זי שטענדיק אין קאַמף. איר מלחמה קעגן אי־נערציע הערט קיינמאָל נישט אויף.

אט דער מין ראָמאַנטיקער האַלט אין אָט דעם קאַמף אָפּ דעם ערשטן און גרעסטן נצחון: א זיג איבער זיך אליין, און אַלץ וואָס ס׳איז א שטער צו זיין שטייגן אַלץ העכער און העכער, ווערט דורך אים אויסגעשלאָסן פון זיין לעבן, כדי ער זאָל קענען פריי און פול אויס־לעבן זיין אייגענעם גייסטיקן „איך״.

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

און ווייל דעם פּראָגרעסיוון ראָמאַנטיקערס אידעאַל איז דער מאָרגן, גייט ער אים אַנטקעגן מיט געזאַנג און מיט קרעפּטיק־יוגנט־לעכן, העל לייכטנדיקן, אַלע שווערקייטן באַזיגנדיקן אָפּטימיזם. דעם פּראָגרעסיוון ראָמאַנטיקער דערקענט מען לויט זיין פרייד פון גלויבן, דורך זיין גליק פון האָפנונג און אין זיין אויפבליען דורך שאַפּענדיקער טאַט.

איר, טייערע חברים, זענט די פאַרקערפּערונג פון אָט דעם מין ראָמאַנטיק, פון דער ראָמאַנטיק, וואָס האָט אויפגעבויט דגניה און נהל׳ל. די בליענדיקע קאָלאָניעס פון עמק און די לעבנספרייד אויסשטראַלנדיקע קאָלעקטיוון פון „קיבוץ אַרצי״; פון דער ראָמאַנטיק, וואָס, אין סך־הכל, האָט זי אויפגעבויט מדינת־ישראל.

איר זענט ראָמאַנטיקער, וואָס זענט ווערט נאָך מער ווי אַכטונג, באַוווּנדערונג, ווייל אין די שווערסטע, דעם גייסט אָפּטויטנ־דיקע באַדינגונגען, און דאָס זענען, ווי עס דריקט זיך אזוי געלונגען אויס א היגער שריפטשטעלער, די פון „מעקסיקאַנער יידישן גן־עדן, ווו געבראָטענע קאַטשקעס וואַקסן אויף די בוימער און א רחבותדי־קע פוסטקייט ליגט פונאַנדערגעלייגט און אויסגעשפּרייט אויף לוק־סוסדיקע באקוועמלעכקייטן״, — האָט איר זיך אַרויסגעריסן פון די קייטן פון דער קליינבירגערלעכער רוטין, וואָס איר מאָטטאָ איז: „איך, מיינע שיך און מיין ביסעלע פּערזענלעכע פאַרגעניגן!״.

איר האָט צעריסן די קייטן פון דער גרויער זינלאָזער אלטעג־לעכקייט פון אַ לעבן, וואָס איז געבויט אויף דעם אבסורדן, אַנטי־סאָציאַלן באַגריף פון „געניסן, און נאָך מיר מעג קומען דער מבול״, ווי דעם זין פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ, און האָט שטאָלץ אויפגעהויבן די פאָן פון שאַפנדיקער אַרבעט און סאָציאַלער סאָלי־דאַריטעט, ווי דעם עמוד האש, וואָס וועט באַלייכטן אייער לעבנס־וועג.

אייער ראָמאַנטיק נעמט אַרום דעם יידישן מאָרגן און אויך דעם מאָרגן פון דער וועלט. זי איז אינטים פאַרוואַנדט מיט דער ראָמאַנטיק פון די חנה סענעשעס און פון די ענזאָ סערעניס; מיט דער ראָמאַנטיק פון די חיים ברענערס, בערל קאַצענעלסאָנס און אַ. ד. גאָרדאָנס. זי איז באַהויכט פון די אידעאַלן פון אונזערע נביאים און פון דער געדאַנקען־וועלט פון די גרויסע וויזיאָנערן פון סאָציאַליזם אין אַלע צייטן און לענדער.

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

וואָס עס פירט אייך איצט, באַגייסטערטע, קיין ישראל, איז די זעלבע שטאַרקע, נשמה-יתירותדיקע בענקשאַפט נאָך גייסטיקער שלימות, נאָך א העכערער גייסטיקער זעלבסט-רעאַליזירונג אין דעם דערגרייכטן אידעאַל פון גליק פון דעם „איך” דורך דעם „מיר”, וואָס עס האָבן אַהין, אין משך פון יאָרצענדליקער, מיטגעבראַכט די חלוצים פון אַלע גלות-לענדער: אין דעם דערגרייכטן אידעאַל פון דער פרעכטיקער אַמאַלגאַמע פון ייד, מענטש, וועלט.

זייט זשע באַגריסט, איר, נאָך אַ שענערן יידישן לעבן אין די ראַמען פון אַ בעסערער וועלט פאַרבענקטע ראָמאַנטיקער! אויב מדינת-ישראל נעמט אויף מיט אָפענע אָרעמס יעדן יידישן איינווינער, דאַרף זי אייך אויפנעמען מיט פרייד און געזאַנג ווי די, וואָס ווען דורך פריידיקן שאַפן און בויען, דורך אייגענעם רייכן און טיפן אויסלעבן זיך, ווי מענטשן און יידן, ווייטער שפּינען דאָרט דעם דערהויבענעם חלום פון אַ סאָציאַליסטישער יידישער מדינה.

1952

# וועגן דעם יידישן מעקסיקע

## שטריכן פון דעם מעקסיקאנער ישוב

# ליכט און שאָטן פון מעקסיקאַנער ישוב

לאָמיר גלייך פון אָנהויב דעפינירן די טעמע. ס'האַנדלט זיך דאָ נישט וועגן א היסטאָרישן איבערבליק פון גוטע און, פאַרהעלטנים-מעסיק, שלעכטע צייטן אין דער מער ווי א פערטליאָהונדערטדיקער עקזיסטענץ פון אונזער ישוב, נאָר וועגן א פרווו פון א קווערשניט דורך עטלעכע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דעם יידישן מעקסיקע אין 1951, ווי איך זע עס.

אין איצטיקן מאָמענט זע איך דעם מעקסיקאַנער ישוב, ווי א קיבוץ וואָס איז דעפיניטיוו אַרויס פון דעם אימיגראַנטישן פעריאָד, און פון דער מיט אָט דעם פעריאָד, ענג פאַרבונדענער אימיגראַנטישער דינאַמיק פון „זיך אַרויפאַרבעטן", אין פערזענלעכן לעבן, און פון פּיאָנערנטום אין געזעלשאַפטלעכן אויפבוי.

פון דער „כעסוס מאַריאַ" גאַס פון די יאָרן 1921-22 און דער פרימיטיוו‏סטער פעדלעריי אויף די אַרומיקע און צענטער-גאַסן פון דער הויפּט-שטאָט, ביז די פּאַלאַץ-מעסיקע רעזידענצן אַרום און א ביסל ווייטער פון דעם „טשאַפּולטעפּעק"-פּאַרק, אין דער פערזענלעכער „קאַריערע", אַזוי צו זאָגן; און פון די ענגע צימערלעך פון „קאָלאָמביאַ 12" ביז דעם אימפּאָזאַנטן, פּרעכטיקן בנין פון דער יידישער שול מיט איר „פּרעפּאַראַטאָריע" און לערער-סעמינאַר, אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעכן אויפבוי; — איז אַ ריזיקער מהלך.

אויף דעם אינדיווידועלן, פּונקט אַזוי ווי אויף דעם געזעלשאַפטלעכן געביט, הויבן מיר זיך אָן „אויסצופּיקן" ווי א ישוב מיט אַן אייגענער פיזיאָגנאָמיע, מיט אייגענע כאַראַקטעריסטישע שטריכן. זיי שאַפן אים אַן אייגנאַרטיקייט, וואָס, אומאָפּהענגיק פון די אַלגעמיין נאַציאָנאַלע שטריכן פונם ישוב, ווי א י י ד י ש ן ישוב, גיט

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

זי אים אן אייגנטימלעכע באַאַרבונג, וואָס האָט פון איין זייט, צו טאָן מיט די ספּעציפישע סאָציאַל-עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון זיין אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג, און, פון דער צווייטער, מיט איינפלוסן פון דער מעקסיקאַנישער סביבה.

צו דעם אָנהויב פון דער אויספורעמונג פון אונזער ישובס אייגענער געשטאַלט, איז א פונדאמענטאַלער צושטייער דאָס באַוווּסטזיין, וואָס קומט צום אויסדרוק אויף פאַרשידענע אופנים, אז אומאָפּהענגיק פון אונזערע נאַציאָנאַלע אידעאַלן וועגן יידישער מלוכה-עקזיסטענץ אין ארץ ישראל, בלייבן מיר, יעדנפאַלס דער ווייט גרעסטער טייל פון אונזער היגן קיבוץ, ד אָ אין לאַנד, און מיר פאַרוואָרצלען זיך דאָ: מיר און אונזערע קינדער.

דער בעסטער באַווייז פון אָט דעם פּראָצעס פון אונזער פאַרוואָרצלען זיך אין מעקסיקע, איז דאָס דערשיינען פון דעם צווייטן יידישן דור אויף דער סצענע פון אונזער עקאָנאָמישן לעבן, ווי א ממשיכדיקער פאַקטאָר פון דער מעקסיקאַניש-יידישער עקאָנאָמישער סטרוקטור. (איך נעם נישט דעם צווייטן דור, ווי א פאָרזעצער פון דער ק ו ל ט ו ר-טראַדיציע פון דעם אימיגראַנטן דור).

נאָך א סימן פון אונזער איינוואָרצלונג אין דעם מעקסיקאַנער באָדן, איז דאָס באַווייזן זיך פון יונגטלעכע פּראָפעסיאָנאַלן פון צווייטען דור אויף פאַרשידענע פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין דעם מעקסיקאַנישן רעגירונגס-אַפּאַראַט, ווי אויך אין די ראַמען פון דער אַלגעמיין מעקסיקאַנישער געזעלשאַפטלעכקייט און אינטעלעקטועלער וועלט.

אָט דער באַוווּסטזיין פון איינוואָרצלונג, וואָס גייט האַנט אין האַנט מיט דעם באַוווּסטזיין פון דער געמיינשאַפטלעכקייט מיט דעם ווווילזיין פונם לאַנד, האָט לעצטנס געקראָגן זיין אויסדרוק אין דעם מאָנומענטאַלן ווערק פון אונזער ישוב: די פּרעכטיקע „אַלבערט-איינשטיין"-שול-געביידע, מיט וועלכער מיר האָבן בייגעשטייערט צו דעם קולטורעלן פּראָגרעס פונם לאַנד.

מיט איין וואָרט: דער יידישער ישוב אין מעקסיקע דאַרף שוין נישט מער באַטראַכט ווערן, ווי א ישוב אין דער סטאַדיע פון אימיגראַנטישקייט, נאָר ווי אַ ישוב, וואָס איז פון אָט דעם עטאַפּ שוין אַרויס, און אין וועלכן די פאַרשידענע אימיגראַנטישע עלעמענטן האָבן שוין אויך דורכגעמאַכט דעם, אזוי צו זאָגן, „שמעלץ טאָפּ"-

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

פעריאָד. דאָס יידישע מעקסיקע פון 1951 ווערט אין א נייעם פראָצעס: אין דעם פראָצעס פון קריגן נייע פאָרמען, וואָס זאָלן אַנטשפּרעכן דעם נייעם עטאַפּ פון זיין אַנטוויקלונג, וואָס איז דער עטאַפּ פון אָנהויב פון פאַרוואָרצלטקייט.

—2—

וועלכע זענען די מער וועזנטלעכע שטריכן פון אונזער ישוב, ווען ער טרעט אריין אין דעם נייעם קאַפּיטל פון זיין עקזיסטענץ?

כדי צו קענען ענטפערן אויף אָט די פראַגע, מוזן מיר גלייך פון אָנהויב אָפּטיילן דעם ערשטן, אימיגראַנטישן דור, פון דעם צווייטן, הי געבוירענעם אָדער דערצויגענעם, ווייל דער צווייטער דור איז נישט קיין פולע פאַרזעצונג פון דעם יידישן טאָן און טראַכטן פון דעם ערשטן, אימיגראַנטישן דור.

וועלן מיר די פראַגע באַגרעניצן און זי פאָרמולירן אַזוי:

וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אין איצטיקן מאָמענט דער אין מעקסיקע שוין פאַרוואָרצלטער ערשטער, אימיגראַנטישער דור?

אין אַלגעמיין, איז עס א קיבוץ, וואָס פון שטאַנדפּונקט פון שעפערישקייט אויפן געביט פון יידיש לעבן און זיך אויסלעבן, איז ער נאָך גענוג ענערגיש, כאָטש דאָ און דאָרט הויבן זיך שוין אָן צו באַווייזן בולטע סימנים פון מידקייט און אַפּאַטיע. מ׳דאַרף נעמען אין אַכט, אַז ס׳האַנדלט זיך וועגן אַ קאָלעקטיוו, וואָס דער דורכשניטלעכער פון זיינע מיטגלידער איז אַרום פופציק יאָר, און ס׳וועט אפשר נאָך ריכטיקער זיין צו זאָגן, אַז ער געפינט זיך ערגעץ צווישן פופציק און פינף און פופציק.

דאָס איז (איך רעד דאָ אַלץ וועגן דעם יידיש רעדנדיקן ישוב) א קיבוץ, וואָס פרעגלט זיך נאָך אַלץ, אַזוי צו זאָגן, אין דער זאַפט פון מזרח־אייראָפּעישער, „היימישער" יידישקייט.

זיין שפּראַך איז, אין אַלגעמיין, נאָך אַלץ יידיש, כאָטש זיין היינט גרעסטער טייל האָט זיך אַרויסגעוויזן נישט גענוג שטאַרק אין אָט דער הינזיכט, און האָט קאַפּיטולירט פאַר אייגענע קינדער, אַנשטאָט זיי, די קינדער, אריינצוברענגען אין דער שפּראַך־אַטמאָספערע פון יידיש. אין די נישט צו אָפטע מאָלן, וואָס דער מעקסיקאַנער ייד גייט

אין שול אָדער בית-מדרש, ווי אויך ווען ער קומט צו עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און אונטערנעמונגען, הערט מען נאָך אַלץ דעם וויל קלינגענדיקן יידיש פון מזרח-אייראָפּע. נישט אין אַזאַ פולער מאָס האָט זיך יידיש אויפגעהיט אין דעם מויל פון היגע יידישע פרויען. און מ'הערט זיי אַלץ מער און מער רעדן שפּאַניש אויך אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און אונטערנעמונגען. אַ טייל פון זיי זענען עס אויך אַ שטאַרקער פאַקטאָר, אפשר דער שטאַרקסטער, פון שפּראַכלעכער אַסימילאַציע אין די היימען.

צוויי וויכטיקע פאַקטאָרן האָבן נישט דערלאָזן, אַז יידיש זאָל פאַרלירן אינם יידישן מעקסיקע זיינע פּאָזיציעס אין אַ גרעסערן מאָסשטאַב, ווי דאָס געשעט. דאָס איז, ערשטנס, דער פיל שטאַרקערער אונטערשייד צווישן דער מ ע ק ס י ק אַ נ ע ר סביבה און דער יידישער, ווי, צום ביישפּיל, צווישן דער נישט יידישער סביבה און דער יידישער אין די פאַראייניקטע שטאַטן. מ'דאַרף אונטערשטרייכן, אַז אין דעם עפּעס מער ווי אַ פערטל יאָרהונדערט פון יידישן לעבן אין מעקסיקע, איז דער קאָנטאַקט פון דער יידישער באַפעלקערונג מיט דער מעקסיקאַנישער, אין זיין ווייט גרעסטן טייל, געווען אַ ריין עקאָנאָמישער: קיין ס אָ צ י אַ ל ע ר קאָנטאַקט האָט כמעט, ווי נישט עקזיסטירט, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס דער לעבנס-סטאַנדאַרד פון דעם יידישן אימיגראַנטנטום איז גלייך נאָך די ערשטע עטלעכע יאָר געוואָרן אומפאַרגלייכלעך העכער פון דעם עקאָנאָמישן ניוואָ פון די מעקסיקאַנער פאָלקסמאַסן, און, פון דער צווייטער זייט, האָט דער מעקסיקאַנישער מיטל-און העכערער האַנדלס- און אינדוסטריעלער קלאַס געקוקט אויף זיין נייעם און זייער טיכטיקן קאָנקורענט מיט גרויס אומצופרידנהייט און מיט שטאַרקער קנאה, וואָס האָבן זיך מער ווי איינמאָל אויסגעדריקט אין אַנטי-יידישע אַרויסטרעטונגען. אָט דער צושטאַנד האָט זיך, אין גרונט גענומען, נישט געענדערט אויך אין די לעצטע יאָרן, ספּעציעל אין די מלחמה-יאָרן, ווען דער עקאָנאָמישער אויפשטייג פון דעם יידישן סוחר און אינדוסטריאַל איז געווען אַ שנעלער און אַ שטאַרקער.

ערשט זינט דעם יידישן אויפקום פון דער היגער יידישער שטודירנדיקער יוגנט, און מיט איר דערשיינען אין די הויכשולן, קען ערנסט גערעדט ווערן וועגן אַ נעענטערן ס אָ צ י אַ ל ן קאָנטאַקט צווישן יידן און מעקסיקאַנער.

געווים איז אויך פריער געווען א געוויסע צאָל מעקסיקאַנער יידן, וואָס האָט נישט נאָר אויפן עקאָנאָמישן געביט, נאָר אויך געזעלשאַפטלעך פאַרקערט מיט מעקסיקאַנער; אָבער דאָס איז א זייער באַגרענעצטע גרופּע פון עקאָנאָמיש הויך שטייענדיקן יידן, וואָס זייער פינאַנציעלער בונד מיט דער העכסטער מעקסיקאַנישער בורזשואַזיע האָט זיי געבראַכט צו די אויפנאַמעס און די סאַלאָנען פון דער „בעסטער געזעלשאַפט”. ווי געזאָגט, זייער צאָל איז א נישטיקע.

דער צווייטער וויכטיקער פאַקטאָר, וואָס האָט פאַרלאַנגזאַמט דאָס שוואַכער ווערן פון דער יידיש - פּאָזיציע אינם יידישן מעקסיקע, איז די געאָגראַפישע נאָענטקייט פון דעם אַמעריקן־לאַנד צו די פאַראייניקטע שטאַטן. אָט דער פאַקט האָט מעגלעך געמאַכט, אז גלייך פון אָנהויב זאָלן יידישע אימיגראַנטן אינטענסיוו פאַרזעצן דאָס לייענען יידישע פּרעסע, וואָס איז זיי די ערשטע צייט צוגעשיקט געוואָרן דורך קרובים פון יענער זייט גרעניץ, און אַ ביסל שפּעטער איז זי שוין אויסגעשריבן געוואָרן דורך די, עקאָנאָמיש, דורך דער צייט א ביסל צו זיך געקומענע אימיגראַנטן. אַזוי אַרום האָט די יידישע פּרעסע פון די פאַראייניקטע שטאַטן געדינט ווי אַ בריק צווישן דעם מעקסיקאַנער יידן און דער יידישער וועלט. מ'דאַרף נישט פאַרגעסן, אז די ערשטע צייטונג אויף יידיש איז דאָ דערשינען ערשט אין 1930, צען יאָר נאָכדעם, ווי די אימיגראַציע פון מזרח-אייראָפּעישע יידן האָט זיך דאָ אָנגעהויבן, און אַז דער ערשטער שליח פון דער יידיש-יידישער מזרח-אייראָפּע איז אהערגעקומען ערשט אין 1934. דער קאָנטאַקט, וואָס די יידישע אימיגראַנטן קיין מעקסיקע האָבן געהאַט אין די ערשטע צען-צוועלף יאָר מיט דעם יידנטום פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז, אין געזעלשאַפטלעכן זין, געווען כמעט אויסשליסלעך א פילאַנטראָפישער, מצד די „שטאַטן” בנוגע די אַריבערגעקומענע „גרינע” אין מעקסיקע.

איז, ווי געזאָגט, די טענדענץ צו שפּראַכלעכער אַסימילאַציע ביים עלטערן דור, נעגאַנגען ביז איצט אין אַ לאַנגזאַמען „טעמפּאָ”: אָבער זי איז דאָ, און אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט לאָזט זי זיך לעצטנס שטאַרקער מערקן, ווי א רעזולטאַט פון דעם שדוך מיט די נישט יידיש רעדנדיקע גרופּן פון ישוב, צו פאַראַלגעמיינען און

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

בעסער צו אָרגאַניזירן דאָס קהלשע לעבן אין מעקסיקע. אַט דער שדוך מיט די ספרדים, דייטשע, אונגאַרישע, און אַראַבישע יידן, איז א טויט-געפאַר פאַר דער יידישער שפּראַך אויף יעדער זיצונג, פאַר־זאַמלונג אָדער אַנדערער עפנטלעכער אונטערנעמונג, וואָס ווערט איינגעאָרדנט געמיינזאַם מיט זיי. ס'פּאַסירט, אַז ווען ס'איז אפילו דאָ בלויז איין פאָרשטייער פון די נישט יידיש רעדנדיקע טיילן פון דעם ישוב, איז אָנשטאָט צו פירן די זיצונג אויף יידיש און געבן דעם נישט יידיש רעדנדיקן יידן אן עקסטראַקט-איבערזעצונג פון דעם געגעבענעם פונקט, פאַרוואַנדלען זיך מיט אמאָל אלע מאַמע־לשון רעדנדיקע יידן אין שפּאַניש - רעדנדיקע. וואָלט נישט ערגעץ ווו, טיף אין היגטער־באַוווסטזיין, געווען צוגעגרייט דער באָדן צו אַט דעם איבערגאַנג, וואָלט אַט די „האָקוס-פּאָקוס" אומוואַנדלונג נישט געקענט אַזוי לייכט פאָרקומען.

איז דען א וואונדער, אז ווען ס'פּאַסירט (איינמאָל אין א יובל), אַז אַ יידישער רעדנער וואַגט צו רעדן אויף יידיש צו אַ פאַרזאַמלונג פון יידישע יוגנטלעכע, וואָס באַשטייט פון פינף און ניינציק פּראָ־צענט יידיש פאַרשטייענדיקע, און בלויז פ י נ ף פּראָצענט יידיש נישט פאַרשטייענדיקע (לאָמיר זאָגן ספרדים אָדער אַראַבישע בחו־רים און מיידלעך) הויבן אַט די פינף פּראָצענט זיך אויף און מאַכן אַ סקאַנדאַל; און טאָמער בלייבט דער רעדנער איינגעשפּאַרט און רעדט אויך ווייטער יידיש, פאַרלאָזן זיי, ווי אן אויסדרוק פון פּראָ־טעסט, דעם זאַל...

— 3 —

דער שוואַכסטער פונקט אין דעם יידישן לעבן אין מעקסיקע איז דאָס געזעלשאַפטלעך-קולטורעלע אויסלעבן זיך. מיט קליינע אויסנאַמען איז עס רעדוצירט געוואָרן צו „יאָרצייט"- און „יאָרטאָג"־קולטור. אזוי, צום ביישפּיל, איז דער „הערצל-ביאַליק" יאָרצייט דער־הויבן געוואָרן צו אן אינסטיטוציע. יאָר איין, יאָר אויס, ווערט עד דאָ געפייערט, א מאָל דורך דער, אמאָל דורך יענער אָרגאַניזאַציע; און א מאָל אויך דורך עטלעכע. אָבער אפילו פּרץ און שלום עליכם זענען שוין נישט זוכה, אז זייערע יאָרצייטן זאָלן דאָ געפּראַוועט ווערן בציבור און מיט א געוויסן פאַרנעם.

# מעקסיקאַנישע רעפּלעקסן

ס׳איז אַ פאַקט, אַז דאָס יידישע מעקסיקע קען זיך גאַנץ גוט באַגיין אָן ליטעראַריש-קינסטלערישע אונטערנעמונגען. (ווענן אַ קליינער גרופּע, וואָס איז דער אויסנאַם פון דעם כלל, איז דאָ נישט די רייד, נאָר וועגן דעם רוב בנין ומנין). די אַפּאַטיע איז אין אָט דער היגזיכט שטאַרק און אַלגעמיין.

מ׳קען יאָ טרעפן יידן פאַרזאַמלט אין גרויסע צאָל צו עפנטלעכע אונטערנעמונגען; אָבער דאָס מוזן זיין פאַרזאַמלונגען פון אַן אויס-געשפּראָכן נאַציאָנאַלן אָדער פּאָליטישן כאַראַקטער, ווי צום ביי-שפּיל, פאַראַנשטאַלטונגען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער יידישער מלוכה און מיט דער ישראל-אַרמיי, אָדער געדענק-אָוונטן נאָך די העלדן פון וואַרשעווער געטאָ. ליטעראַריש - קינסטלערישע אָוונטן זענען דאָ, בדרך כלל, שוין אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט.

און פונקט אַזוי געהערט דאָ ,מיט געוויסע אויסנאַמען, אויך יידיש טעאַטער שוין צו דער געשיכטע. אַ היפּשע עטלעכע יאָר, ווי דאָ איז שוין נישט פאַרגעקומען קיין יידישע טעאַטער-פאָרשטעלונג. וואָס זאָל קענען אַזוי אָנגערופן ווערן, אָנווענדנדיק אַ נישט טריוויאַ-לע מאָס.

ס׳איז אפשר נישט אויסערן פלאַץ צו דערמאָנען ביי אָט דער געלעגנהייט, אַז דער אינטערעס צו יידישן טעאַטער איז דאָ מיט דער צייט אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַז ווען ס׳איז אַנטשטאַנען די מעגלעכקייט, אַז אונזער ישוב זאָל געניסן פון דער גאָט געבענטש-טער, געלייטערטער קונסט פון דער תל-אביבער „הבימה", אַ דאַנק אירע גאַסטשפּילן אין די שכנותדיקע פאַראייניקטע שטאַטן, יוי אויך אַ דאַנק איר וויליקייט „אַראָפּצוכאַפּן זיך" קיין מעקסיקע אויף איר דורכרייזע פון ניו-יאָרק קיין לאָס אנדזשעלעס, — האָט אונזער ישוב, וועמען ס׳איז אין אָט דעם זין געמאַכט געוואָרן אַ קאָנקרעט-טער פאָרשלאַג, מיט אנטשפּרעכנדיקע, נישט קיין צו שווערע באַ-דינגונגען, — די גאַנצע זאַך מיט אַ לייכטן האַרצן געלאָזט פאַלן.

פונקט אַזוי דאַרף דער מעקסיקאַנער ישוב נישט האָבן קיין צענטראַלע יידישע ביבליאָטעק. אַ סימן, זי עקזיסטירט נישט.

און ס׳עקזיסטירט אויך נישט אין מעקסיקע קיין איין איינצי-קער פאָלקס-כאָר, עפּעס אַזוינס, וואָס קלענערע, אין צאָל, ישובים אין דער אַלטער היים, האָבן פאַרמאָגט, און פאַר וועלכע זינגען, ווי

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

א פאָרם פון געזעלשאַפטלעכן אויסלעבן זיך, איז געווען אן עלע־מענטאַרע נויטווענדיקייט.

א פשיטאָ שוין אַן אָרקעסטער, זאָל זיין כאָטש אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער. דאָס געהערט דאָך דאָ שוין געוויס צום געביט פון אוטאָפּיע.

1950

# דער סאָציאַלער פּרצוף פון דער אימיגראַציע

גוט צונויפגעשטעלטע סטאַטיסטישע דאַטן, דאָס הייסט, צאָלן און פּראָצענט-פאַרהעלטניסן, צו וועלכע דער פאָרשער דערגייט נאָך אַ לאַנגן פּראָצעס פון זאַמלען, עלימינירן, קלאַסיפיצירן און סיסטע־מאַטיזירן, — האָבן אַ טבע, אַז נישט נאָר באַלערנען זיי אונז וועגן זאַכן, וואָס מיר האָבן פריער אינגאַנצן נישט געוווּסט, נאָר זיי שלאָ־גען אין פּנים אונזער פּ ס ע ו ד אָ-וויסן, וואָס איז אָפּטמאָל ערגער פון איגנאָראַנץ.

ווען דער ערנסטער פאָרשער קומט מיט זיינע סטאַטיסטישע טאַ־בעלן און מיט די סאָציאַל-עקאָנאָמישע אָדער קולטורעל-געזעלשאַפט־לעכע שלוסן, וואָס ער ציט פון זיי (און וואָס יעדער איינער, וואָס וויל נישט, באַוווסטזיניק, זיין בלינד און טויב צו אומבאַשטרייטבאַ־רע פאַקטן, מוז ציען), — ווערן אָפּטמאָל צעשטערט פאַלשע באַגריפן, פאָראורטיילן ווערן צערונען, און איינגערעדטע, אויף גאָרנישט באַ־גרינדעטע זאַכן צעפאַלן זיך ווי „געביידעס", צענויפגעשטעלט פון קאָרטן.

דאָס איז דער פאַל מיט אַ געוויסן טייל פון טוביה מייזלס „יידן אין מעקסיקע", וואָס, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אומבאַשטרייטבאַרע פאַקטן, אויסגעדריקט אין קאַלטע ציפערן און טרוקענע סטאַטיסטי־שע טאַבעלן, מאַכט ער אַ סוף צו אַ געוויסער לעגענדע, בעסער גע־זאָגט, צו אַ געוויסער איינרעדעניש אין שייכות צו דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן פּרצוף פון אונזער ישוב.

וועגן וואָס גייט עס דאָ?

# ס אַ ל אָ מ אָ ן   ק אַ ה אַ ן

ס'איז אַן אַלט באַקאַנטער פאַקט, אַז כמעט יעדן אויסלענדישן געזעלשאַפטלעכן טוער אָדער שליח, וואָס קומט אַהער, און בכלל באַזוכער מיט אַ חוש פאַר דערשיינונגען און באַפאַרבונגען פון דעם לעבן פון אַ יידישן ישוב, — וואַרפט זיך, ווי דער ערשטער און שטאַרקסטער איינדרוק, אין די אויגן דאָס אויספעלן פון אַ יידישן אַרבעטער-קלאַס. זיי קענען נישט באַגרייפן, ווי שיקט זיך עפּעס אַ יידישער ישוב, וואָס זאָל אינגאַנצן נישט האָבן קיין א י נ ד ו ס - ט ר י ע ל ן פּראָלעטאַריאַט, און אַזאַ נישטיקן פּראָצענט ה אַ נ - ד ע ל ס - פּראָלעטאַריער.

איז טאַקע איינע פון די גאָר ערשטע פראַגן, וואָס אַזעלכע באַזוכער שטעלן: „ילמדנו רבונו", פאַרוואָס איז ביי אייך נישטאָ קיין יידישע אַרבעטערשאַפט? מיט וואָס דערקלערט איר אָט די א ו מ - נאָרמאַלע דערשיינונג?

אויף אָט די באַרעכטיקטע פראַגן פלעגט מען ביי אונז געבן אַ טרפאארעטן, רוטינע-ענטפער, וועגן וועלכן די געבערס זענען געווען זיכער, אַז ער פאַרענטפערט אַלץ און שעפּט אויס די פראַגע. ס'האָט געווייגלעך געהייסן:

—ס'זענען געקומען פון מזרח-אייראָפּע יידישע אַ ר ב ע ט ע ר; זיי זענען געווען דער רוב בנין ומנין פון דער אימיגראַציע אין דעם צווייטן יאָרצענדליק פון אונזער יאָרהונדערט, די יידישע אימיגראַציע איז געווען דורכאויס אַ פּראָלעטאַרישע, און געווים האָבן יידישע אַרבעטער געוואָלט גיין אויך ווייטער אין פאַבריק אַריין; זיי האָבן ממש געגאַרט ווייטער צו פירן זייער ריין-פּראָלעטאַרישע עקזיסטענץ פון דער אַלטער היים, און אויפהיטן זייער פּראָלעטאַרישן באַוווסטזיין. נאָר וואָס?

די דאַמאָלסדיקע באַדינגונגען, צווישן 1920 און 1930, אין דעם אַצטעקן-לאַנד, מיט זיין אינדוסטריע נאָך אין די וויקעלעך, און מיט די דאַמאָלסדיקע אַרבעט-לוינען, וואָלטן פאַר דעם אייראָפּעישן אַרבעטער, מיט ז יי ן לעבנס-סטאַנדאַרד, באַדייט הונגער-לוין; איז דעריבער, הייסט עס, דער יידישער אימיגראַנט, דאָס הייסט, דער אַרבעטער, געצוווּנגען געוואָרן אָנצוהויבן צו פאַרנעמען זיך מיט דער פרימיטיווער פאָרם פון האַנדל: מיט פעדלעריי. דער יידישער אימיגראַנט, הייסט עס, האָט נ י ש ט געוואָלט פאַרלאָזן זיין פּראָלעטאַרישן שטאַנד; דאָס האָט מעקסיקע אים געצוווּנגען איבערצו-

גיין צו סוחרעריי, און שפּעטער צו ווערן אַן אינדוסטריעלער, דאָס הייסט אַריבערצוגיין פון דער פּאָזיציע פון כשרער פּראָלעטאַריש־קייט צו דער פּאָזיציע פון אַן עקאָנאָמישן עקספּלואַטאַטאָר.

אַזוי איז געגאַנגען די ווערסיע.

וואָס טוט גאָט?

איז די גאַנצע מעשה בלויז אַ האַלבער אמת (וואָס איז אָפּטמאָל ערגער פון אַ גאַנצן ליגן).

קומט אַ באַרופענער פאָרשער פון אונזער סאָציאַל־עקאָנאָמיק, טוביה מייזל, און באַווייזט מיט קאָנקרעטע סטאַטיסטישע דאַטן, אַז לא דובים ולא יער; אַז דער סאָציאַלער צוזאַמענשטעל פון דער יידישער אימיגראַציע קיין מעקסיקע אין די צען גרונטלייגנדיקע יאָרן, איז גאָר נישט געווען קיין פּראָלעטאַרישער; ער איז גאָר געווען כמעט דורך און דורך אַ קליין־בירגערלעכער, און ס׳האָט אים גאָר לחלוטין נישט געצויגן אין פאַבריק אַריין. ער וואָלט אַהין ניט געוואָלט גיין אפילו ווען מעקסיקע וואָלט שוין דאַן יאָ געווען אינ־דוסטריאַליזירט און דער אַרבעטס־לוין וואָלט געווען העכער, ווי ער איז דאַן פאַקטיש געווען.

אָט אַזוי זעט אויס דער נאַקעטער אמת, ווי ער שפּיגלט זיך אָפּ אין די סטאַטיסטישע דאַטן, וואָס טוביה מייזל גיט אָן וועגן דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון דער יידישער אימיגראַציע.

אָבער שוין צייט צו לאָזן, אַז צ י פ ע ר ן זאָלן רעדן. מיר וועלן דעריבער זיך צוקוקן צו דעם, וואָס ס׳זענען געווען די פריער־דיקע באַשעפטיקונגען פון דעם רוב בנין ומנין פון די מזרח־אייראָפּעישע יידישע אימיגראַנטן, דאָס הייסט פון די אימיגראַנטן פון פּוילן (36 פּראָצענט) און פון רוסלאַנד (34 פּראָצענט), צוזאַמען מיט די אימיגראַנטן פון ליטע (7 פּראָצענט), וועלכע שטעלן צוזאַמען צו־נויף 77 (זיבן און זיבעציק פּראָצענט) פון דער גאַנצער מזרח־אייראָ־פּעישער אימיגראַציע קיין מעקסיקע אין די צוואַנציקער יאָרן.

אויפן גרונט פון דער טאַבעלע, וואָס מיר ברענגען דאָ (גענומען פון זיין אַרבעט, ווי זי איז אָפּגעדרוקט אין די „ייוואָ בלעטער", זייט 320), שטעלט ער פעסט (צוגלייך מיט דעם פאַקט, אַז 71 פּראָצענט פון דער עקאָנאָמיש ־אַקטיווער ספרדישער אימיגראַציע פאַרנעמט זיך מיט האַנדל), אַז כמעט די מזרח־אייראָפּעישע איינוואַנדערונג, וואָס שאַפט דעם רוקנביין פון דעם אשכנזישן ישוב, שטאַמט פון

לענדער, ווו עס האָבן געלעבט גרויסע יידישע מאַסן, „שטאַרק דיפע־רענצירטע פּראָפעסיאָנעל און סאָציאַל”, —

„באַשטייט דאָס רוב איינוואַנדערער פון פוילן און פון רוסלאַנד פון סוחרים און קליינע אינדוסטריעלער”
(זייט 318)

און אָט זענען די לעבעדיקע עדות: די ציפערן און די פּראָצענט־פאַרהעלטנים.

טאַבעלע 4

פריערדיקע באַשעפטיקונגען פון מזרח־אייראָפּעישע יידישע אימיגראַנטן קיין מעקסיקע.

| באַשעפטיקונג | פּראָצענט |
|---|---|
| סוחרים | 64.3 |
| אומאָפּהענגיקע בעלי מלאכות | 15.6 |
| האַנדל־ און אינדוסטריע־אָנגעשטעלטע | 8.0 |
| פאַבריקאַנטן | 5.5 |
| פרייע פּראָפעסיע | 3.1 |
| אַרבעטער | 1.0 |

דאָס איז אַלזאָ דער נאַקעטער אמת וועגן דעם סאָציאַלן פּרצוף פון דעם יידישן אימיגראַנטן־עלעמענט אין מעקסיקע:

סוחרים און פאַבריקאַנטן — זיבציק פּראָצענט.

אַרבעטער — איין פּראָצענט.

מיט רעכט זאָגט דעריבער טוביה מייזל:

„אָט די מזרח־אייראָפּעישע אימיגראַציע, פּונקט אַזוי ווי די ספרדישע, איז סאָציאַל און פּסיכאָלאָגיש נישט געווען צוגעגרייט אַריינצוגיסן זיך אין דער מעקסיקאַנער אינדוסטריע און צו שאַפן דאָ אַ יידישן פּראָלעטאַריאַט”.
(זייט 320)

קאָרעקט איז אויך זיין אויספיר, אַז

„פּונקט ווי עס זענען אין לאַנד נישט געווען קיין פּאַסיקע פאַקטאָרן אויסצופורעמען אַ יידישן פּראָלעטאַריאַט, זענען להיפוך יאָ געווען זייער גינציקע באַדינגונגען פאַר דער אויספורעמונג פון אַ ברייטן יידישן סוחרים־קלאַס. דער דאָזיקער קלאַס האָט זיך טאַקע געשאַפן און איז אין אַ גאַנצער ריי צווייגן פון האַנדל און אינדוסטריע געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר פאַר דער גאַנצער עקאָנאָמיק פון לאַנד”.
(זייט 321)

## מעקסיקאַנישע רעפּלעקסן

די פאָלגנדיקע טאַבעלע (אויף זייט 321) באַשטעטיקט פול־שטענדיק אַט די באַהויפּטונג פון מחבר, פונקט ווי זי באַשטעטיקט אויך זיין באַמערקונג (אויף זייט 324), אַז לעצטנס „באַמערקט זיך דער עיקר אַן איבערגאַנג פון האַנדל אין דער אינדוסטריע אַריין".

טאַבעלע 5

דער פּראָצענטועלער צונויפשטעל פון דער יידישער עקאָ־נאָמישער סטרוקטור אין מעקסיקע.

| באַשעפטיקונג | פּראָצענט |
|---|---|
| סוחרים | 68.3 |
| אָנגעשטעלטע | 13.4 |
| פאַבריקאַנטן | 11.4 |
| בעלי־מלאכות | 4.2 |
| פרייע פּראָפעסיעס | 2.5 |
| אומבאַקאַנטע און פאַרשידענע | 0.2 |

אין דער רובריק „אָנגעשטעלטע" גייען אַריין פאַרוואַלטערס פון פאַבריקן, רייזנדער־פאַרקויפערס, בוכהאַלטאָרן, געשעפט־פירער און געזעלשאַפטלעכע אָנגעשטעלטע.

האָט איר באַמערקט, אַז אין אַט דער טאַבעלע גייען שוין יידי־שע אַרבעטער בכלל נישט אַריין?

— 4 —

ווען טוביה מייזעלס שטודיע וואָלט נישט געהאַט קיין שום אַנ־דערע וויסנשאַפטלעכע פאַרדינסטן, וואָלט זי געקראָגן עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג שוין בלויז דורך דעם, וואָס זי האָט צום ערשטן מאָל, אויף אַ אומבאַשטרייטבאַרן אופן, אַרויסגעבראַכט דעם אמת וועגן דעם סאָציאַלן צוזאַמענשטעל פון דער יידישער אימיגראַציע קיין מעקסיקע, און האָט אַ סוף געמאַכט צו דער לעגענדע, אַז יידן זיינען דאָ געוואָרן סוחרים און פאַבריקאַנטן נאָר ווייל זיי האָבן געמוזט.

טוביה מייזל האָט פאַר דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער אָפּגע־טאָן אַ גרויסע אַרבעט, פעסטשטעלנדיק, אַז נישט קיין פּראָלעטאַריער

# סאַלאָמאָן קאַהאַן

זיינען געווען דער גרונט־שטיין פון דעם ישוב, נאָר קליינבירגער נאָך פון דער היים.

און נישט ווייניקער האָט טוביה מייזעל מיט אָט דער פעסטשטעלונג אויפגעטאָן פאַר דעם סאָציאָלאָג פון דעם יידישן מעקסיקע, ספּעציעל פאַר דעם באָבאַכטער און פאָרשער פון די סאָציאַל־קולטורעלע טענדענצן (איינשליסלעך דעם קולטורעלן „באַרג אַראָפּ") פון דעם יידיש רעדנדיקן מעקסיקע.

.1946

# עטלעכע גרונט - הנחות

אונזער ישוב, כאָטש ער איז אַן אָרגאַנישער טייל פון יידישן וועלט-פאָלק און איז, ווי אַזעלכער, ענג פאַרבונדן אויף אַלערליי אופנים מיט ישראל, ווי אויך מיט אַלע תפוצות, — האָט ער אָבער אין די עטלעכע און דרייסיק יאָר פון זיין עקזיסטענץ, ווי אַן אָרגאַניזירטער קיבוץ, אָנגענומען אין אַ סך פּרטים, אַ לעבנס-גאַנג און פאָרמען, וואָס זענען ספּעציפיש בלויז פאַר אים. מיט דעם וויל איך זאָגן, אַז אויף דער יידישער וועלט-מאַפּע עקזיסטירט שוין אַ פּונקט, וואָס הייסט מעקסיקאַנער יידנטום, נישט בלויז פון ריין געאָגראַפישן שטאַנדפּונקט, נאָר אויך פון קוק-ווינקל פון געוויסע זיינע אייגנטימלעכע, בלויז פאַר אים כאַראַקטעריסטישע שטריכן.

אַנדערש פאָרמולירט, מיינט עס, אַז אונדזער ישוב איז נישט נאָר אַן אַריפמעטישע סומע פון יידן אין מעקסיקע, נאָר טאַקע אויך —און הויפּטזעכלעך— אַ קאָלעקטיוו פון מעקסיקאַנער יידן, מיט אַ גייסטיק-אויטאָנאָמען סטאַטוס און מיט ספּעציפישע פּראָבלעמען, וואָס זענען אַרויסגעוואַקסן פון דעם אייגנאַרטיקן יידיש-מעקסיקאַנער באָדן, און וואָס נאָר ער, דער יידיש-מעקסיקאַנער ישוב קען זיי לייזן, באַנוצנדיק מיטלען, וואָס בלויז די ווירקלעכקייט פון היגן יידישן לעבן דיקטירט.

די צווייטע גרונט-הנחה איז: אויב פון איין זייט דאַרף אונזער ישובס אָרגאַניזירטער בייטראָג צו קאָנסאָלידירן דעם ליכטיקסטן פאַקט אין אונזער היסטאָרישן לעבן ווי אַ פאָלק פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר: מדינת ישראל, זיין וואָס אַ מאָל גרעסער און איינטענסיווער, — מוז אָבער גלייכצייטיק אונטערשטראָכן ווערן דער

## פ אַ ל אָ מ אָ ן   ק אַ ה אַ ן

אַנדערער פאַקט: אַז כאָטש איינצל־פּערזאָנען און פאַרשידענע חלו־צים־גרופּן וועלן יאָר־איין, יאָר־אויס עולה זיין קיין ישראל, וועט אָבער אונזער ישוב, ווי אַזעלכער, בלייבן דאָ אין לאַנד.

פון דעם קומט, ווי אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ, אַ ווייטערדיקע גרונט־הנחה:

דער מעקסיקאַנער יידישער ישוב, וועלנדיק ווייטער ציען דעם גאָלדענעם פאָדעם פון גייסטיק אינהאַלטלעכן יידישן לעבן, מוז זוכן וועגן און מיטלען אויפצוהאַלטן יידישע  א י י ג נ א ר ט י ק י י ט  אין די ספּעציפישע באַדינגונגען, וואָס די עטלעכע און דרייסיק יאָר פון זיין אייגענער עקזיסטענץ, ווי אַן אָרגאַניזירטער קיבוץ אויפן מעקסיקאַנער באָדן, האָבן פאַר אים געשאַפן.

קומט איצט די פערטע גרונט־הנחה:

דער  אי מ י ג ר אַ נ ט י ש ע ר  פּעריאָד אין דער געשיכטע פון אונזער ישוב איז אַן  אָ פּ ג ע ש ל אָ ס ע נ ע ר  ק אַ פּ י ט ל, דאָס הייסט, אַז דער נייער ייִדיש־מעקסיקאַנישער דור, איז אַ דאָהי געבוירענער און אויסגעוואַקסענער. די געאָגראַפישע, אַזוי צו זאָגן, פיזיאָזשן פון אונזער, דעם עלטערן דורס אַלטער היים, זענען אים פרעמד, סיי וואָס שייך דער אויסערלעכקייט, און נאָכמער, וואָס שייך דעם  מ ע נ ט ש ל ע כ ן  פיזיאָזש.

אָט דער נייער דור קען זיך נישט אויסלעבן גייסטיק מיט אונ־זער אייגענער, אימיגראַנטישער נאָסטאַלגיע נאָך דעם, „וואָס געווען, איז געווען און נישטאָ". אַלץ, וואָס מיר האַלטן פאַר  ג ר ו נ ט־ז ע צ ל ע ך  פאַר יידיש קולטור־לעבן, סיי אין דער פאָרם פון ישראל־אינספּיראַציע, און סיי וואָס שייך אונזער גרויסער מזרח־אייראָפּעי־שער ירושה, — מוז אים צוגעטראָגן ווערן אויף אַזאַ אופן, אַז, נישט אַרויסרופנדיק קיין קאָנפליקטן אין דער פאָרמירונג פון זיין גייסטי־קער פערזענלעכקייט, זאָל עס אָרגאַניש זיך אַריינוואַקסן אין זיין יידישן „איך".

קומען מיר אַזוי אַרום צו דער פינפטער גרונט־הנחה:

מיר קענען נישט אין זינען האָבן בלויז די יידישע קולטור־אינ־טערעסן פון דעם  א י מ י ג ר אַ נ ט י ש ן  ד ו ר, און אויך ווײ־טער שטיין מיטן רוקן צו דעם ישובס צוקונפט, וואָס ס'איז דער יונגער, שוין דאָהי געבוירענער און אויסגעוואַקסענער דור. מיר קענען נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף דעם פאַקט, אַז דער רוב בנין

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

ומנין פון דעם ערשטן, א י מ י ג ר אַ נ ט י ש ן דור, איז איצט אַלט צווישן פופציק און זעכציק יאָר, נענטער צו די זעכציקער. דאָס הייסט, אַז ס'איז איצט די ריכטיקע צייט פאַר די, וואָס זענען געווען די פּיאָנערן און בויער פון יידישן קולטור-לעבן דאָהי, זיך ערנסט צו פאַרטראַכטן וועגן דער נויטווענדיקייט ב אַ צ יי ט נ ס צוצוגרייטן דעם באָדן פאַר קולטור-המשך.

1953

# נוסח מעקסיקע

יעדער זשורנאַליסט, וואָס שטרעבט צו ווירקן ווי א פּובליציסט, שטעלט זיך, אייגנטלעך, דעם צוועק צו באַווירקן זיין סביבה. באַזיצנדיק פעסטע איבערצייגונגען וואָס שייך די גרונט-פּרינציפּן, אויף וועלכע עס דאַרף זיך באַזירן דאָס לעבן פון דעם קרייז, אין וועלכן ער לעבט, און אַרויסגייענדיק פון געוויסע, לאָגיש באַגרינדעטע, שטאַנדפּונקטן, פון וועלכע ער קוקט אויף דער ווירקלעכקייט פון אָט דער סביבה, — באַמיט ער זיך, אַז דאָס, וואָס ער באַטראַכט פאַר פעלערהאַפט, זאָל אויסגעבעסערט ווערן; אַז טעותן, וואָס האַלטן, לויט זיין מיינונג, ביי געמאַכט ווערן, זאָלן אויסגעמיטן ווערן; אַז דאָס וואָס ס׳קומט אים פאַר ווי גוט און דערהויבן, זאָל געלויבט און סטימולירט ווערן, און אַז דאָס, וואָס איז אין זיינע אויגן, נעגאַטיוו אָדער גאָר שעדלעך, זאָל באַצייטנס געשטעמפּלט ווערן ווי אַזעלכעס. רייניקן די לופט, טאָן פּראָפילאַקטישע אַרבעט, איז איינע פון דעם פּובליציסטס שטענדיקע אויפגאַבן.

זענען עס אַלץ פונדאַמענטאַלע באַדינגונגען, זיין אַרבעט זאָל זיין פרוכטבאַר.

כדי אָבער ער זאָל איר קענען טאָן בשלימות, פעלט נאָך א יי ן באַדינג, וואָס מ׳קען זאָגן, אַז ער איז כנגד כולם. דאָס איז דער אומאויפהערלעכער קאָנטאַקט מיט דער רעאַלער ווירקלעכקייט פון זיין סביבה. דער פּובליציסט קען נאָר דאַן האָפן צו זיין ווירקזאַם, ווען ער איז ר ע אַ ל י ס ט י ש. מיט אַנדערע ווערטער, בלויז, ווען דאָס, וואָס ער וויל אויסבעסערן, פאַרשענערן און דערהויבן, איז דאָס ר ע אַ ל ע לעבן פון זיין סביבה אין דעם מאָמענט, ווען ער וויל איר באַווירקן. דער אויסגאַנגס-פּונקט פאַר זיינע באַטראַכטונגען מוז

זיין דאָס לעבן, ווי עס א י ז, און נישט דאָס לעבן, ווי עס איז ג ע וו ע ן, ווייל, ווי זינגט זיך עס אין דעם פאָלקס-ליד: „וואָס גע־ווען, איז געווען און נישטאָ". נעמען ווי אן אויסגאַנג-פונקט די פאַר־שוווּנדענע פאַרגאַנגענהייט, איז ווי אָנגעמאָסטן פאר א לירישן פאָ־עט; פאר א מקונן, וואָס וויל באקלאָגן דעם „אמאָל". א פובליציסט קען אָבער נישט נעמען קיין לירישע „לאַמענטאַציעס", ווי א מיטל צו באַווירקן די צוקונפט פון זיין סביבה. ער מוז שטיין מיט ביידע פיס אויפן באָדן פון דער האַרטער ווירקלעכקייט, און פון ד אַ נ ע ן אוים זיך באַמיען צו באווירקן זיינע מיטמענטשן אין דער ריכטונג, וואָס ער האלט פאר געווונטשן. ער מוז מאַכן פאַר זיין „לעמאַ" דעם פאָעטס ווערטער: „נישט וויינען, נישט כעסן זיך, נאָר פאַרשטיין!"

דערפאַר, אויב מען וויל איצט, פובליציסטיש, זיין ווירקזאַם אין אונזער ישוב, מוז מען, ווי א פאָר-באדינג, שלום מאַכן מיטן פאַקט, אַז אונזער ישוב איז אַזוי ווי ער איז, און נישט ווי עס האָט זיך אונז, זיינע פיאָנערן-בויער, אין די צוואַנציקער יאָרן, געוואָלט, אַז ער זאָל אויסזען אין דרייסיק יאָר אַרום.

און כדי „נישט צו וויינען, נישט צו כעסן זיך, נאָר צו פאַרשטיין". איז נויטיק צו האַלטן פאַר די אויגן דעם פאַקט, אז אין משך פון שוין כמעט, צוואַנציק יאָר פון אונזער ישובס ביז איצטיקער, קור־צער, אינגאַנצן עטלעכע און דרייסיק יאָריקער עקזיסטענץ, איז מעק־סיקע פאר יידישער, מזרח-אייראָפּעישער אמיגראַציע געווען פאַר־שלאָסן אויף זיבן שלעסער, מיט אַלע שעדלעכע קאָנסעקווענצן, וואַס אָט דער פאַקט פון ערשטקלאַסיקער וויכטיקייט האָט אומפאַרמיידלעך געמוזט מיט זיך ברענגען פאר דעם, נומעריש, אַזוי שוואַכן, בלויז ניינצן אָדער, העכסטנס, צוואַנציק טויזנט קעפּיקן היגן קיבוץ, הויפּטזאַכלעך אויף דעם יידיש-קולטורעלן געביט.

מ'טאָר אויך נישט פאַרמאַכן די אויגן אויף דעם אַנדערן, נישט ווייניקער וויכטיקן פאַקט, אַז צוליב אַ גאַנצער רייע אָביעקטיווע באַדינגונגען האָט זיך דאָהי נישט אויסגעבילדעט קיין יידישער אר־בעטער - קלאַס, און אז די עקאָנאָמיש - סאָציאלע פּיראַמידן פונם היגן ישוב הייבט זיך אָן מיטן אָרעמען מיטל-קלאַס, האָבנדיק, ווי איר שפּיץ, אַרום צוויי הונדערט פעזאָ-מיליאָנערן; אַ ביז גאָר וויכ־טיקער פאַקטאָר אין דער אויספאָרמירונג פון דער גייסטיקער פיזאָ־גנאָמיע פון אונזער ישוב.

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

און געדענקען מוז מען אויך, אַז יידיש איז שוין נישט די שפּראַך פון דער דורכשניטלעכער יידישער היים אין מעקסיקע, וואָס דאָס אַליין פורעמט די באַדינגונגען פון דעם גייסטיקן אויסלעבן זיך פון דעם נייעם יידיש-מעקסיקאַנישן דור, מיט אן אייזערנער„ נישט אָפּצושפּרעכנדיקער לאָגיק.

איז גענוג אויסצורעכענען אָט די דריי פאַקטאָרן, כדי קלאָר איינצוזען און, במילא, אויך צו מוזן אָנערקענען, אַז ס'איז אן אב־סורד צו באַהאַנדלען פובליציסטיש דעם היגן ישוב, אָנווענדנדיק צו אים א קריטעריום, וואָס איז געווען לאָגיש לגבי אים מיט דרייסיק יאָר צוריק.

לאָמיר עס אָפן און קלאָר זאָגן: צי עס געפעלט מיר יאָ, צי עס געפעלט מיר נישט; דאָס לעבן האָט ביי אונז, פּיאָנערן-בויער, נישט געפרעגט קיין עצה. עס האָט דעם היגן ישוב אויסגעפורעמט לויט א מאָדעל, וואָס אָביעקטיווע, עקאָנאָמישע באַדינגונגען און סאָציאַל-פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרן האָבן אויסגעאַרבעט, און וועלכע מיר, די אידעאַליסטיש געזינטע גרופּע פון בויער פון היגן ישוב, האָבן, צום באַדויערן, נישט געקענט בייקומען...

אַזוי אַרום שטייען מיר אין 1953 פאַר א געשעענעם פאַקט, און ער הייסט: לעבנס-פאָרמען **נוסח מעקסיקע**. דאָס צו לייקענען איז א אומזין.

1953

# ראָשי פּרקים פון קאָנסטרוקטיווער געזעלשאַפטלעכקייט

דעמאָקראַטישקייט אין דעם אָרגאַניזירטן יידישן געזעלשאַפטלעך־אינסטיטוציאָנעלן לעבן, מוז זיין דער לייט־מאָטיוו פון אַלע אונזערע שטרעבונגען און טואונגען. דעמאָקראַטישקייט מוז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, גיין פּאַראַלעל מיט דער שאַרפסטער באַקעמפונג פון יעדן שפּראָץ פון ת ק י פ ו ת, וואָס אין אַנדערע ווערטער איז עס מצד די, וואָס באַטראַכטן זיך מכּמה טעמים (און ספּעציעל צוליב זייער ׳ פּריווילעגירטער עקאָנאָמישער סיטואַציע) פאַר באַרעכטיקט אַרויסצוצווינגען געוויסע ט אָ ט אַ ל י ט אַ ר ע פאָרמען אויפן לעבן פון אונזער ישוב. א דעמאָקראַטיש, אָבער טאַקע א באמת דעמאָקראַטיש געוויילטע קהילה, איז און בלייבט דער אידעאַל פון יידישן געזעלשאַפטלעך־ אינסטיטוציאָנעלן זיך אויסלעבן דאָ אין לאַנד.

בלויז ווען דעמאָקראַטישקייט וועט זיין דער גרונט־שטיין פון אונזער לעבן ווי א ישוב דאָהי, וועט אויך די אַזוי וויכטיקע, אַזוי גרונטלייגנדיקע פראַגע פון מיינונג־און־פּרעסע־פרייהייט, קריגן א פּאַסנדיקע און ווירדיקע לייזונג. במילא וועט אויך די אַלגעמיינע יידישע פּרעסע דאָהי קענען זיין פיל אומאָפּהענגיקער אין פאַרגלייך מיט דעם ווי זי איז עס איצט.

פונקט אַזוי וויכטיק איז דער ענין חנוך, וואָס מיט אים איז פאַרבונדן די פראַגע: וועלן מיר דאָ האָבן א המשך אָדער די אַלע אויפטוען פון דעם ערשטן, דעם אימיגראַנטישן דור, וועלן בלייבן פרוכטלאָז.

אָבער אָט דער ענין איז פאַרבונדן מיט אַ צווייטער פראַגע: וועט

זיך איינגעבן אַרויסצורופן אַ רעוואָלוציע קעגן די גרונט-קאָנצעפּטן, וואָס האַלטן די מערסטע היגע יידישע היימען אין זייער קלעם, און וואָס זיי זענען: „נאכל ונשתה כי מכר נמות", און „נאָך מיר מעג קו־מען אפילו דער מבול".

אַן אַ רעוואָלוציע אין די היגע יידישע היימען, וואָס זענען אויס־געליידיקט געוואָרן פון יעדן אידעאַל (אָדער בעסער געזאָגט, ווענעמענס „אידעאַל" ס'איז געוואָרן דער „קלאַנג פון גאָלד און רויש פון פּאַ־קער"), איז קיין שום האָפנונג נישטאָ אויף וועזנטלעך-יידישער המ־שכדיקייט דאָ אין לאַנד, ווייל „קליינע קייען וואָס גרויסע שפּייען"...

זאָל אַזאַ רעוואָלוציע האָבן פּאַרגעקומען, קומט דאַן די פראַגע וועגן קאָנקרעטער יידישער דערציונג פון דעם יונגן דור, וואָס דערציט זיך דאָ אין יידישע שולן, וואָס פון שטאַנדפּונקט פון די תלמידים (אין אָנבאַטראַכט פון דעם פאַקט, אַז זיי פאַרברענגען דעם ווייט גרעסטן טייל פון זייער צייט אין שול, זיך אויסלעבנדיק אין ש פּ אַ־נ י ש און געפינענדיק זיך אונטער דער ווירקונג פון נ י ט ־ יידישע לערער), זענען זיי גאָר מ ע ק ס י ק אַ נ י ש ע שולן מיט בלויז אַ יידישן אַ פּ ע נ ד י ק ס

דאָס ביסל, וואָס קען אין אַזעלכע באַדינגונגען ג ע ט אָ ן ווערן מצד דער יידישער לערערשאַפט, מוז אַריינגעמען, אין אַ גלייכער מאָס און פּראָפּאָרץ, יידיש און העברעיש. יעדער פרוו אָפּצווייכן פון אָט דעם פּרינציפּ, קען האָבן פאַטאַלע קאָנסעקווענצן. נישט דאָ איז, פאַרשטייט זיך, דער פּלאַץ פאַר טעאָרעטישע באַגרינדונגען. ס'זאָל דאָ בלויז אונטערשטראָכן ווערן, אַז יעדער פרווו צו העברעיזירן יידי־שע דערציונג, אויסשליסנדיק פון איר יידיש ווי אַ גרונט-עלעמענט, וועט, נ י ש ט דערגרייכנדיק דעם צוועק: העברעיזאַציע, און וועט דערברענגען צו אַ ס י מ י ל אַ צ י ע.

טויזנט יאָר יידישע קולטור, אין איר גלענצנדיקן מזרח-אייראָ־פּעישן קאַפּיטל, טאָרן בשום אופן נישט אויסגעשלאָסן ווערן פון יידישער דערציונג; און זאָגן מזרח-אייראָפּעישע קולטור אָ ן יידיש, איז אַן אַבסורד.

יידישער אַלוועלטלעכער עבר, פּליוס יידישע קעגנוואַרט אויף דער גאַנצער וועלט, פּליוס אַלדאָס שיינע און דערהויבענע, וואָס יש־ראל איז פעיאיק פון זיך אויסצושטראַלן און דאַרף פריידיק אויפגענו־

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

מען ווערן דורך אַלע תפוצות, — אַט דאָס דאַרף זיין אויפן געביט פון יידישער דערציונג דער גרונט-פרינציפּ פון אונזער ישוב.

פיעטעט צו מדינת-ישראל, אויסגעדריקט אין מעשים; פולשטענדיקע זעלבסטפאַרוואַלטונג פון אונזער ישוב אין זיין אינערלעכן אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן; דעמאָקראַטיע, ווי די באַזע פון אונזערע געזעלשאַפטלעך-אינסטיטוציאָנעלע טעטיקייטן, און פולבלוטיקע, נישט איינזייטיקע יידישע דערציונג, באַזירט אויף אַלץ, וואָס איז געווען און איז פּאָזיטיוו ווירקנד אין יידישן לעבן, — זיי אַלע צוזאַמען קענען שאַפן אַן אומצעשטערבאַרן גרונטשטיין פאַר אונזער צוקונפט ווי א יידישער ישוב דאָ אין מעקסיקע.

1953

# סימפּטאָמען פון דעקאַדענץ

ס׳איז מער קיין ספק נישט: ס׳לאָזן זיך וואָס א מאָל שטאַרקער מערקן סימפּטאָמען פון דעקאַדענץ אין דעם לעבן פון אונזער ישוב. מיט עטלעכע יאָר צוריק זענען זיי נאָך געווען פאַראיינצלט, און ווען אימיצער האָט געוואָלט מאכן אויפמערקזאָם אויף אָט די סי־מנים פון אַ פּאָטענציעלן פונאַנדערפאַל, האָט מען אים געמאכט לעכערלעך, און „דאמיט פאַסירט".

די צייט האָט אָבער געטאָן אירס, און די נעגאַטיווע דערשיי־נונגען אין היגן יידישן לעבן זענען געוואָרן וואָס אמאָל אָפטער די טעמע פון געשפּרעכן צווישן דער היגער יידישער אינטעליגענץ, ווי אויך צווישן פּאַלקסמענטשן מיט א חוש פאַר דעם, וואָס ס׳גייט אָן אין זייער סביבה. ס׳האָט אָנגעהויבן עקבערן דאָס באַוווסטזיין, אַז „עפּעס איז פויל אין קעניגרייך פון דענעמאַרק"; אַז אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ, אין וועלכער אונזער ישוב איז — מיט ריזן־שריט — גע־שטיגן אויפן לייטער פון עקאָנאָמישן ווויליזיין, איז געגאַנגען די ירידה פון דעם געזעלשאַפטלעך־ קולטורעלן אויסלעבן זיך, פון איין זייט, און פון דער אַנדערער, פון דעם יי ד י ש - יידישן אויסלעבן זיך אין די צעלן, פון וועלכע דער ישוב פאָרמירט זיך: אין די היגע יידישע היימען.

פאַר די יעניקע אין אונזער ישוב, וואָס פאַרמאָגן אַן „עין רואת ואוזן שומעת", איז שוין לאַנג קלאָר געוואָרן, אַז מיט אָט דעם זיך אָנהויבנדיקן פונאַנדערפאַל פון דעם קולטור־לעבן און פון דעם יי ד י ש - קולטורעלן אויסלעבן זיך אין די היימען, האָט אָנגעהויבן זיך צו מערקן אַ פאַרווילדונג און פאַרפרעמדונג פון דעם אונטער־וואַקסנדיקן דור; אַז די יוגנט גייט אַוועק אויף וועגן, וואָס קענען ווערן טראַגיש פאַר דער צוקונפט פון דעם ישוב, און וואָס זענען

פול מיט געפּאַרן פאַר איר אַליין; אַז ווילדגראַז צעוואַקסט זיך אין אונזער היגן יידישן לעבן, און וועט אין אַ נישט גאַר וויטער צו־קונפט צו שאַנד און צו שפּאָט מאַכן אַלץ, וואָס איז הייליק און טייער די, וואָס האָבן אונזער ישוב געבויט.

ווהין זענען אַהינגעקומען די קולטורעלע אונטערנעמונגען, וואָס זענען „אַמאָל" געווען דער שטאָלץ פון ישוב? פאַרוואָס איז אַזוי פּוסט אין די געזעלשאַפטלעכע לאָקאַלן אַלע זיבן אָוונטן אין דער וואָך? פאַרוואָס איז אַריינגעקומען אַזאַ שטילשטאַנד אין דער הינזיכט פון ביכער לייענען? און נאָך אַ סך ענלעכע „פאַרוואָסן" מאַטערן יעדן אויפמערקזאַמען באַאָבאַכטער פון דעם היגן יידישן לעבן.

ביסלעכווייז איז קלאָר געוואָרן די ענגע שייכות צווישן די צוויי דערשיינונגען: דעם „וישמן ישורון" און דעם ויבעט".

אָבער כאָטש גאַר אַ סך פון אונזערע היגע פאַרשטייער און וואָרט־זאָגער האָבן געזען די נאַקעטע ווירקלעכקייט און אירע מעג־לעכע פאַטאַלע אַנטוויקלונג, האָבן זיי אָבער נישט געהאַלטן, אַז ס'איז שוין געקומען דער מאָמענט אַרויסצוקומען אין דער עפּנט־לעכקייט וועגן די פאַרשידענע סאָרטן גאַנגרענעס, וואָס האָבן שוין געהאַט אָנגעהויבן צו צעפרעסן די קולטור־געזעלשאַפטלעכע פונדאַמענטן פון דער פאָלקסטימלעכקייט פון אונזער ישוב. העכס־טענס האָט מען זיך געקענט דערלויבן צו רעדן וועגן דעם אַלעם אין פּעליעטאָן־פאָרם, וועלכע האָט געדאַרפט מאַכן גוטמוטיק לאַכן דעם „חשובן לייענער".

כאַראַקטעריסטיש איז אין אָט דער הינזיכט דער פאָלגנדיקער פאַקט:

ווען דער שרייבער פון אָט די שורות האָט זיך, מיט אַ יאָר צוויי צוריק (אין 1944), געווענדעט צו איינער פון די היגע רעפּרע־זענטאַטיווע געזעלשאַפטן, אַז זי זאָל איינאָרדענען זייענעם אַ רעפע־ראַט אויף דער טעמע: „סימפּטאָמען פון דעקאַדענץ אין היגן יידישן לעבן", האָט די באַטרעפנדיקע קערפּערשאַפט זיך אָפּגעטרייסלט פון אָט דעם „שוידערלעכן" פּראָיעקט און פון אַזאַ „שרעקלעכער" טעמע, אָנגעבנדיק ווי דעם מאָטיוו פון איר אָפּזאָג, אַז „דאָס וואָלט גע־קענט אַרויסרופן אַן אומצופרידנקייט און אפשר אויך אויפרעגונג אין פאַרשידענע קרייזן". און ס'איז אַלץ געבליבן, ווי געווען: „קיינער די באַקן, די פאַרב זאָל שטיין"...

# מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

נאָך מיט אַ יאָר צוריק האָט מען דאָ דעם שרייבער פון אָט די שורות געוואָלט „פאַרשטיינען" פאַר דעם „שווערן חטא", וואָס ער איז געווען באַגאַנגען מיטן אָפּדרוקן אין אַ ניו־יאָרקער ערנסטן זשורנאַל אַ שטודיע וועגן געוויסע אַספּעקטן — דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן און קולטורעלן — פון אונזער היגן לעבן. דער אַרגומענט פון די „פאַרשטיינער" איז געווען: „אַלץ, וואָס דער מחבר פון דער שטודיע האָט געשריבן, איז טאַקע אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט אמת, אָבער ארויסברענגען עס אין דער עפנטלעכקייט האָט ער נישט געטאָרט". דער אַלט־באַקאַנטער „אל תגידו בגת"...

און דאָך, נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, ווילט זיך מיר זאָגן: ס'איז שוין רייף געוואָרן די צייט, אַז מיר זאָלן אויפהערן „זיך צו פּיעשטשען" און צו „קנייפּן זיך אין די בעקעלעך" אין אַ שטימונג פון זעלבסצופרידנקייט.

ס'איז איצט פאַר יעדן היגן יידישן זשורנאַליסט מיט אַ געפיל פון זשורנאַליסטישער פאַראַנטוואָרטונג און מיט באַוואוסטזיין פון מאָראַלישער פליכט צו אונזער ישוב, די צייט צו פרעגן עפנטלעך: „קוואָ וואַדיס", מעקסיקאַנער יידישער קיבוץ, אויף דעם געביט פון יידיש־פאָלקסטימלעכן אויסלעבן זיך, ווי אַ ישוב מיט אַ קלאָר דעפינירטן יידישן פּנים?

נאָך מער איז ברענענד־אַקטועל געוואָרן אַ צווייטע, אפשר נאָך וויכטיקערע פראַגע: „קוואָ וואַדיס", מעקסיקאַנער יידישע יוגנט?

און אָט איז די דריטע פראַגע, וואָס דאַרף געשטעלט ווערן. זי מוז זיין געווענדט צו די מעקסיקאַנער יידישע טאַטע־מאַמעס, אין דער עלפטער שעה:

צי ווייסט איר ווו ס'האַלט מיט אייערע קינדער, וואָס אָט, אָט טרעטן זיי שוין אַריין אין דעם ד ע ר וו אַ ק ס ע נ ע ם לעבן?

צי גיט איר זיך אָפּ אַ רעכנונג וועגן דעם וווהין די „דערציונג", וואָס זיי האָבן געקראָגן אין אייערע היימען, האָט זיי דערפירט, און וועגן די שטיינער, וואָס איר האָט אַזוי לייכטזיניק אַוועקגעלייגט אויף זייער לעבנסוועג?

וועגן דעם אַלעם מוז די היגע יידישע זשורנאַליסטיק אַלאַרמירן דעם מעקסיקאַנער יידן, און נישט מיד ווערן אין אָט דער נישט דאַנקבאַרער אַרבעט, אויב זי וויל ווערט זיין איר נאָמען און דערפילן איר פליכט, ווי אַ קאָנסטרוקטיווער פאַקטאָר אין אונזער ישוב.

1946

די פאָרליגנדיקע צוויי שטודיעס זיינען
צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט גע
וואָרן אין דער ניו־יאָרקער צייט־
שריפט „געדאַנק און לעבן" (אָרגאַן
פון ניו־יאָרקער לערער־סעמינאַר), אין
1945 און 1946.

# צו דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער כאַראַקטע־ריסטיק פון דעם מעקסיקאַנער ישוב (1)

א גוטער אופן זיך צו באַקענען מיט דער פיזיאָנאָמיע פון א יונגן ישוב, איז אויפמערקזאם צו לייענען א יאָרגאַנג פון זיין פּרעסע און שענקען די אַנאָנסן די זעלבע אויפמערקזאמקייט ווי דעם רעדאַק־ציאָנעלן טייל, ווייל ביי אַזאַ אויפמערקזאַמען לייענען טרעפט זיך, אַז גראָד דער אַנאָנסן־טייל ווייזט זיך אַרויס אַלס דער מער ווערטפו־לער קוואַל פון אינפאָרמאַציע.

אין א ישוב ווי דער מעקסיקאַנער, ווו גענוי צוזאַמענגעשטעלטע און גוט קלאַסיפיצירטע סטאַטיסטישע דאַטן, ווי בכלל זאַכלעכע אינפאָרמאַציע, זענען אין די אַרכיוון פון די געזעלשאַפטלעכע אינס־טיטוציעס א יקר־המציאות, — איז דער מעטאָד אַרויסצוקריגן די מאַטעריאַלן, וואָס זענען נייטיק צו שאַפן זיך א בילד וועגן דער לאַגע און וועגן די עווענטועלע טענדענצן פון דעם ישוב, דורך א גענויערן שטודיום פון דער פרעסע, אפשר גאָר דער בעסטער. נאַטירלעך, קומען אויך אין באַטראַכט די פּערזענלעכע דערפאַרונג און באַאָבאַכטונגען פון דעם מחבר.

אין די ווייטערדיקע קורצע קאַפּיטלעך ווערן געגעבן איינצלנע שטריכן פון יידישן לעבן אין מעקסיקאָ, וואָס צוזאַמען קענען זיי שאַפן דעם נייטיקן מאַטעריאַל פאַר א מער אַלגעמיינער כאַראַקטעריסטיק.

---

(1) די דאָזיקע אַרבעט שטעלט זיך דעם ציל צו מאַכן א קווער־שניט דורך דעם ישוב, ווי ער זעט אויס איצט, אין 1945, און צו אונטער־שטרייכן געוויסע, נעגאַטיווע, טענדענצן אין זיין אַנטוויקלונג.

דאָס לעבן פון ישוב ווערט באַלויכטן פון עטלעכע פאַרשידענע קוק־ווינקלען, כדי דער לייענער זאָל זיך אַליין שאַפן דעם אַלגעמיינעם באַגריף און נישט זיין אָנגעוויזן אויף אַ פּאַרטיקער מיינונג.

## יידישע עקאָנאָמיק אין מעקסיקע

ווען מיר בלעטערן די טראַדיציאָנעלע, פילפאַך פאַרגרעסערטע ניי־יאָר נומערן אין די צוויי מעקסיקאַנער יידישע צייטונגען, וואַרפט זיך מער פון אַלץ אין די אויגן דער פאַקט, אַז אַלע באַדייטנדיקע מעקסיקאַנישע בענק פון דער הויפּטשטאָט און פון דער פּראָווינץ ווינטשן דעם יידישן ישוב פיל גליק צום נייעם יאָר. דאָס זעלביקע טוען די וויכטיקע מעקסיקאַנישע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן אין די גרעסטע מעקסיקאַנישע „וואַרענהייזער”. נישט ווייניקער אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, אַז די זעלבע גליקווונטשן קומען פון די מאָדערנסטע האָטעלן אין די באַרימטסטע מעקסיקאַנישע דאַטשע־ערטער און פון דעם לוקסוספולן „סאָסייעטי”־קאַפע־הויז אין דער הויפּטשטאָט.

פּאַראַלעל מיט אָט דעם כאַראַקטעריסטישן פאַקט גייט אַ צווייטער. אין קיין איינעם פון די ניי־יאָר נומערן פון די ביידע צייטונגען קען מען נישט געפינען, נישט אפילו מיט אַ דיאַגנאָס־לאַמטערנע, קיין איין איינציקן אַנאָנס פון יידן, וואָס זוכן אַרבעט, און מ׳געפינט קוים אַן אַנאָנס, אין וועלכן אַ געוויס געשעפט זוכט אַ יידישן אָנגעשטעלטן.

די דאָזיקע פאַקטן רעדן אייגנטלעך פאַר זיך אַליין, אָבער די וויטערדיקע מאַטעריאַלן אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל וועלן זיי ווי גענעריק אויפקלערן.

ווען מיר נעמען אין באַטראַכט, אַז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין מעקסיקאָ באַטרעפט בערך זעכצן אָדער זיבעצן טויזנט נפשות (פון צוועלף ביז דרייצן טויזנט אין דער הויפּטשטאָט, און פון פיר ביז פינף טויזנט אויף דער פּראָווינץ), ווערט דער פאַקט פון דער ניי־יאָר־העפלעכקייט פון די בענק און אַנדערע וויכטיקע האַנדלס־פירמעס צו די מעקסיקאַנער יידן, נאָך מער באַדייטונגספול. דאָס איז אַ העפלעכקייט צו וויכטיקע קליענטן. ווען די פאַרשטייער פון יידישע צייטונגען קומען נאָך אָט די אַנאָנסן, ווערן זיי אויפגענומען אויפן פריינדלעכסטן אופן און דער ענין ווערט גלייך דערלידיקט, כאָטש אין קיין שום אַנדערע צייטונגען דערשיינען נישט קיין ניי־יאָר באַגריסונגען פון די אַלע אויבנדערמאָנטע אינסטיטוציעס.

אז יידן שפילן טאַקע גאָר אַ וויכטיקע ראָלע אלס קליענטן פון די גרויסע מעקסיקאַנישע פינאַנץ-און האַנדלס-אינסטיטוציעס, קען מען ארויסלייענען פון דער רובריק „עקאָנאָמיק און פינאַנסן", וואָס איז אַ טייל פון דעם לעצטן יערלעכן איבערזיכט פון לעבן פון ישוב אין דער צייטונג „דער וועג":

„אין פינאַנציעל עקאָנאָמישער הינזיכט שטייט אונזער ישוב זייער גוט, הלוואי אויף אַנדערע יידישע קיבוצים געזאָגט געוואָרן, אויסער אונזער שאָדן.... זייער גוטע געשעפטן האָבן געמאַכט (און מאַכן) אונזערע סוחרים, פאַבריקאַנטן און אינדוסטריעלער. די מלי־חמה פּראָספּעריטי האָט זייער פיל צוגעשפּילט זיי אויף דער האַנט. עס פאַרמערט זיך די צאָל פון די שיינע און גרויסע יידישע פּאַלאַצן אין די אַריסטאָקראַטישע קוואַרטאַלן פון אונזער מעטראָפּאָליע. עס ווערן כסדר געפּראַוועט לוקסוס-פייערונגען מכל המינים. עטלעכע יידישע שרייבער האָבן פון די שפּאַלטן פון אונזער צייטונג געוואָרנט קעגן דעם, אָבער מען הערט זיי ווי דעם קאָטער... יידן טוען זיך ווייטער דאָס זייעריקע."

„די איינציקע יידישע געזעלשאַפטלעכע באַנק, די „באַנקאָ מערקאַנטיל דע מעכיקאָ", האָט אין יאָר תש"ג שטאַרק איבערגעבריי־טערט איר טעטיקייט און אויסגעוויילט אַ נייע טיכטיקע פאַרוואַל־טונג מיט אָנגעזעענע עסקנים בראש."

וועגן דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער באַנק אינפאָרמירט די צווייטע היגע צייטונג „די שטימע":

„די אָפּעראַציעס פון באַנק, געפירט אויף אַ געזונטער באַזע און אונטער דער גענויער קאָנטראָל פון דער פאַרוואַלטונג, האָבן אין־משך פון יאָר אַרויסגעוויזן דעם גוטן גאַנג און די אַנטוויקלונג פון באַנק; פאַרן לעצטן יאָר, נאַטירלעך אויך צוליב פאַרבעסערטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען — איז דער אומזאַץ פון דער יידישער באַנק פאַרפירפאַכט געוואָרן."

דער איצטיקער אקטיוו פון דער באַנק איז ניין מיליאָן פעזעס. ס'איז שוין עטלעכע יאָר ווי די פאַרוואַלטונג באַשטימט אויסצו־צאָלן דיווידענדן, אָבער די אַקציאָנערן איילן זיך נישט זיי צו נע־מען.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אז דער דירעקטאָר און ניינציק פּראָצענט פון דעם פּערסאָנאַל פון אַט דער באַנק זענען

מעקסיקאַנער. דאָס איז צוליב צוויי סיבות וואָס זענען גלייך וויכ־טיק: צוליב דעם, וואָס אזוי פאָדערט די מעקסיקאַנישע געזעצגע־בונג, און צוליב דעם, וואָס מ׳וואָלט סיי־ווי־סיי נישט געקענט צו־זאַמענשטעלן דעם פּערסאָנאַל מיט יידן, ווייל יידן אין מעקסיקאָ, אַלט און יונג, ווילן זיין טעטיק אויף אייגענעם חשבון.

היות, ווי באַמערקט, קיין יידישע אַרבעטער אין מעקסיקאָ זע־נען כמעט נישטאָ (און אפשר טאַקע אָן דעם „כמעט") שטעלט זיך די גרונט־פראַגע: פון וואָס ציען דאָ יידן זייער חיונה?

די רשימה פון יידישע באַשעפטיקונגען, וואָס מיר ברענגען דאָ, כאָטש נישט קיין פולשטענדיקע, גיט אַ באַגריף וועגן דער טיפקייט און פילזייטיקייט פון דעם יידישן אריינוואַקסן אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד, און פון דער וויכטיקער עקאָנאָמישער ראָלע פון יידישן ישוב. לאָמיר לכתחילה אונטערשטרייכן דעם פונדאַמענטאַלן פאַקט, אַז בדרך כלל לעבן די מעקסיקאַנער יידן פון די מעקסיקאַנער און בלויז אין געוויסע איינצלנע פאַלן, ווי, למשל, שפּייז־קראָמען, לעבן יידן פון יידן. אָט איז אַ טיילווייזע ליסטע פון יידישע אונטער־נעמונגען:

א חוץ דער שוין דערמאָנטער געזעלשאַפטלעכער באַנק, עק־זיסטירן דאָ פינף פּריוואַטע יידישע באַנק־אינסטיטוציעס, מיט באַ־דייטנדיקע קאַפּיטאַלן.

צוויי היגע פילם־געזעלשאַפטן געהערן אויסשליסלעך צו יידי־שע בעלי־הבתים. איינע פון זיי ווערט דאָ פאַררעכנט אַלס די ווייט־גרעסטע פילם־פּראָדוציר אונטערנעמונג אין לאַנד. (דערביי דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די מעקסיקאַנער פילם־אינדוסטריע האָט אין דער פאַרהעלטניסמעסיק קורצער צייט פון איר עקזיסטענץ זיך אַרויפ־געאַרבעט צום פינפטן פּלאַץ צווישן די וויכטיקסטע אינדוסטריעס דאָ אין לאַנד).

די זעלבע פילם - געזעלשאַפט האָט געגרינדעט איר אייגענע באַנק צו פינאַנסירן אַלערליי פילם־אונטערנעמונגען, איינשליסלעך קינאָ־טעאַטערס.

דער פיש־פאַנג ביי די ברעגן פון דעם מעקסיקאַנישן טייל פון קאַליפאָרניע, אַ פילפאַך־מיליאָניקע אונטערנעמונג, וועלכע האָט אַ־רע אייגענע אַכט שיפן, געהערט צו אַ יידן.

דער זעלבער אונטערנעמער האָט, אַרבעטנדיק מיט יידישע

שותפים, אויסגעבויט פאר דער מעקסיקאנער רעגירונג דעם באַ־רימטן שאָסיי לאַרעדאָ—מעקסיקאָ שטאָט, וועלכער איז אַ טייל פון דעם קאָנטינענטאַלן פאַן־אַמעריקאַנישן שאָסיי פון ניו־יאָרק קיין בוענאָס־איירעס.

צוויי היגע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן, וואָס אָפּערירן מיט גאָר גרויסע קאַפּיטאַלן, זענען יידיש אייגנטום אין פינף און זיבע־ציק פּראָצענט פון זייער אַקציען־קאַפּיטאַל.

באַדייטנדיקע יידישע קאַפּיטאַלן זענען אינוועסטירט געוואָרן אין אַקציעס פון די גרעסטע מעקסיקאַנישע אַוויאַציע־קאָמפּאַניעס.

צו יידן געהערט אַן אַקציען - געזעלשאַפט, וואָס פאַרקויפט אורבאַניזירטן באָדן אין דעם שטאָט־טייל, וואָס איז באַרימט מיט זיינע פּאַלאַצן פון איינגעפונדעוועטע און אויפגעקומענע גבירים.

די פּראָדוקציע פון „פּעפּסי־קאָלאַ" פאַר גאַנץ מעקסיקאָ איז איז יידישע הענט.

יידן האָבן זיך דעראָבערט איינע פון די שטאַרקסטע פּאָזיציעס אין דער היגער בוי־אינדוסטריע, אלס בוי־אונטערנעמער.

ביי עקספּאָרט און אימפּאָרט אונטערנעמונגען זענען יידן געוואָרן מיליאָנערן.

נישט אומבאַדייטנד איז אויך דער יידישער ביישטייער צו דער פּעטראָלעאום־אינדוסטריע, און אין דער זעלבער מאָס האָבן זיך יידן געשאַפן פּאָזיציעס אין דער מעטאַלורגיע.

דאָס זענען אַלץ אונטערנעמונגען פון אַ פּראָפּאָרציאָנעל־קליינער צאָל יידן. דער רוב פון די מעקסיקאנער יידן איז פאַרנומען אין די ווייטער אויסגערעכנטע אינדוסטריעלע און האַנדלס־אונטערנעמונגען. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז אויך אין די דאָזיקע אונטערנעמונגען זענען נישטאָ קיין מיליאָנערן, אויך פּילפּאַכע מיליאָנערן דערצו, ווי צום ביישפּיל אין דער זאָקן־פאַבריקאַציע. (2)

יידן זענען דאָ רייך געוואָרן פון: זאָקן־פאַבריקן, סוועטער־פּראָדוק־ציע, אונטערוועש־פאַבריקן, קליידער־פאַבריקאַציע, פאַבריקאַציע פון אַלערליי שטאָפן און טוכן, מעבל־פאַבריקן, שניידערייען און שוך־פאַבריקן.

---

(2) אין אַלגעמיין שאַצט מען, אַז ס'זענען דאָ דאָ, אין דער הויפּט־שטאָט און אין דער פּראָווינץ צוזאַמענגענומען, אַרום דרייסיק „דאָלאַר־מיליאָנערן".

## ס אַ ל אָ מ אָ ן   ק אַ ה אַ ן

אַן אַנדער קוואַל פון רייכטום איז דאָ דער האַנדל מיט: שיך, קליידער, פוטערוואַרג (בלויז אין דער הויפטשטאָט זענען דאָ אַרום 15 יידישע אונטערנעמונגען), אייזנוואַרג, אַלט אייזן, דרוקערייען, גע־שעפטן פון זילבערוואַרג און אַלערליי „קוריאָזיטעטן" פאַר אַמערי־קאַנער טוריסטן.

**ווי לעבט זיך עס יידן אין מעקסיקאָ?**

איינע פון די וווּנדערלעכסטע דערשיינונגען פון דעם יידישן לעבן דאָ אין לאַנד איז דער אומדערהערט־שנעלער עקאָנאָמישער אויפשטייג פון דעם יידישן אימיגראַנט. כדי אָפּצושאַצן די אויסער־געוויינלעכקייט פון דער דאָזיקער דערשיינונג, איז נייטיק צו פאַר־גלייכן די סיטואַציע פון די מעקסיקאַנער יידן מיט אַ פינף און צוואַנ־ציק און אַפילו צוואַנציק יאָר צוריק, מיט דער לאַגע אין די לעצטע עטלעכע יאָר (1940—1945)

מיר וועלן עס לאָזן טאָן פאַר אונז דעם טאַלאַנטפולן היגן זשורנאַליסט און שרייבער, משה רובינשטיין. אין איינעם פון זיינע העכסט געלונגענע קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן באַשרייבט ער די וווינונגען פון די יידישע אימיגראַנטן מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק (אין זיין בוך מ ע ק ס י ק אַ נ ע ר ט ע מ ע ס):

**„אויף „כעסוס מאַריאַ" האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס אָרימע יידישע לעבן אין מעקסיקאָ, דאָ און אין די אַרומיקע גאַסן, אויף סאָלקעס און פאַרשטעקטע הייזלעך פון לאַנגע שפּאַנישע הויפן, וווּ הילצערנע טרעפּ פירן אויף אַרומיקע גאַלעריעס צו די דירות — דאָרטן האָבן יידישע באַלעבעסלעך און נאָר וואָס חתונה־געהאַטע בחורים, וועלכע האָבן די ווייבער געלאָזן דערווייל אויף יענער זייט — זיך איינגעקוואַרטירט.**

**צוערשט איז מען געווען פּעדלער. מען האָט... גענומען אַ פּעקל אויף דער פּלייצע, אַ רימען אויף די לענדן, אַרומגעפּוצט זיך מיט מעסערלעך און שערעלעך, מיט שנוראָוואַדלעס און שקאַרפּעטן, און אָנגעהויבן מאַכן חיונה.**

**דער פּרוזדור איז געווען דאָס פּעקל — און פון דעם איז מען אַוועק צו סוועטער און צו זאָקן, צו לעדער און צו אָנצוגער, צו שיך און צו קליידער און צו אַלע צווייגן פון דער קליידער אינדוסטריע.**

**מאַשינען האָט מען גענומען אויף אויסצאָלן, סחורה אויף באָרג**

„און אָנגעהויבן אַרבעטן אַליין מיט אַ פּאָר שיקסעס, און ביסלעכווייז אַריין אין ביזנעס."

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און —

„אין הייזער האָבן זיך גענומען באַווייזן נייע גאַרניטורן מעבל, פּלושענע דיוואַנען. די ווייבער דאַרפן טראָגן אַמעריקאַנער קליידער, מוזן גיין אין פוקסן און פּאַקענע מאַנטלען. קינדער וואַקסן און לערנען אין שפּאַנישע שולן. מען מוז זיי לערנען טאַנצן און שפּילן פּיאַנאָ אָדער פידל."

ריכטיק ווערט אין דעם דאָזיקן רעפּאָרטאַזש איבערגעגעבן די „האַרי-אַפּ"-שטימונג, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אימיגראַנטן-מאַסע אין די יאָרן פון אַנטפּלעקן די גרויסע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן, וואָס מעקסיקאָ האָט מיט זיך פאַר זיי פאַרגעשטעלט:

„— און מען מאַכט אונטערוועש, מען שטריקט סוועטערס, מען פאַרקויפט שיך און זאָקן און אויב מען דערמאָנט זיך אויף יום-טוב צושיקן דאָרט צו די אַלטע טאַטע-מאַמע אָדער פאַמיליע עטלעכע דאָלאַר — איז מען שוין יוצא פאַר יענער וועלט אויך. און דער אמת איז, אַז עס איז נישטאָ קיין צייט, עס פאַרפעלט געדולד צו באַקלערן זיך, צו טראַכטן וועגן זיך און וועגן יענעם, וועגן דער וועלט, וועגן מענטשן און וועגן לעבן, וועגן זיין און וועגן זין — אַז מען מאַכט אונטערוועש..."

דאָס איז געווען די לאַגע ווען ס'איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט-מלחמה. די בלוטיקע איראָניע פון שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז דער קאַטאַקליזם אין אייראָפּע זאָל שאַפן אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט אַ קאָניונקטור פון עקאָנאָמישער שפע, פון וועלכער מ'האָט קיין מאָל פריער נישט געחלומט. מעקסיקאָ איז אין דעם פּרט נישט קיין אויסנאַם, און אַזוי ווי די מעקסיקאַנער יידן געהערן כמעט אויסשליסלעך צום האַנדל און אינדוסטריע קלאַס, איז די וועלט-מלחמה פאַר זיי — פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט — פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שמאַלץ-גרוב. גראָד האָט פּאַסירט, אַז יידישע פאַבריקאַנטן האָבן געהאַט ריזיקע זאַפּאַסן פון רוי-מאַטעריאַל, און פון דער צווייטער זייט זענען די יידישע סוחרים געווען זייער ווייט פון פאַרלירן עפּעס צוליבן שדים-טאַנץ פון די פרייזן...

דעם רעזולטאַט דערפון לייענען מיר אין די פאָלגנדיקע שורות,

וואָס זענען אַרויסגעקומען פון אַ רעאַליסטישער באַשרייבונג פון אַ הויז פון אַ מעקסיקאַנער יידישן נגיד, דאָס הייסט פון אַ כמעט דורכשניטלעכן טיפּ פון אַ מעקסיקאַנער יידן:

**„די מעבל און די באַלעבאַטישקייט האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון דער סביבה, דעם קאָלאָניאַלן סטיל, וואָס איז דאָ אַריין אין דער מאָדע.**

**שווערע טישן, שטולן און שאַפעס האָבן אָנגעפילט די גרויסע רייכע צימערן. ראָמאַנטיש־קאָלאָניאַל זענען געוואָרן איינגעאָרדנט די שלאָף־צימערן פאַר די עלטערן, פאַר די טעכטער און פאַרן קינד; יעדעס שלאָפצימער מיט זיין שטייגער מעבל, אַלץ אין קאָלאָניאַלן סטיל.**

**רייכקייט און לוקסוס האָבן אַראָפּגעגלאַנצט פון אַלע ווינקעלעך; פון די גרויסע געשליפענע שפּיגלען אויף די ווענט, פון די קונסטבילדער, פון די הענג־לייכטערס און ראָמאַנטישע לאַמטערן, פון די שאַפעס, הינטער גלעזערנע טירן, אָנגעפילט מיט גלאָזוואַרג, קרישטאָל, גאָלד און זילבערוואַרג און פון די טייערסטע פּערסישע טעפּעך אויף די ווענט". (3)**

ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז יידן וווינען שוין לאַנג נישט אין די מאַסן אין די אָרעמע קוואַרטאַלן, אין „כעסוס מאַריאַ", די גאַס, וווּ די יידישע אימיגראַנטישע אָרעמקייט האָט זיך קאָנצענטרירט מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק. זיי האָבן שוין לאַנג „אויסגעוואַנדערט" פון דאָרט און זיך באַזעצט אין די שענסטע טיילן פון שטאָט, צווישן זיי אין איינעם, וואָס איז באַרימט מיט זיין ווונדערלעכן, פּרעכטיקן פּאַרק, און וווּ זיי זענען דער איבערוועגנדיקער רוב פון דער באַפעלקערונג. דער דאָזיקער קוואַרטאַל ווערט פון יידן און אויך פון אַ סך מעקסיקאַנער באַצייכנט אַלס „תל־אביב", כאָטש זיין אמתער נאָמען איז גאָר „היפּאָדראָם", אָדער „פּאַרק אויפן נאָמען פון סאַן מאַרטין".

אָבער פונדעסטוועגן איז אויך „כעסוס מאַריאַ" נישט געבליבן אינגאַנצן פאַרשעמט:

**„פאַראַן נאָך היינט דאָרט דאָס קערנדיק־יידישע אויף „כעסוס**

---

(3) „באַגינען", ראָמאַן פון יידישן אימיגראַנטן־לעבן אין מעקסיקע. פון יוסף וויניעצקי.

מאַריאַ". דאָרט באַקומט מען היימיש יידיש ברויט און חלה. דאָרט גיט מען אייך אפילו א לעבל שוואַרץ־ברויט ווי אין דער היים, כאָטש קיין קאָרן־מעל איז דאָ גאָר נישטאָ... דאָרט איז די חברה־קדישא און דאָרט ערגעץ וווינט דער באַגראַבער — דאָרט אויף כעסוס־מאַריאַ און דערגעבנדיקע גאַסן וווינען נאָך פיל יידישע משפחות, עפּעס ווי פון טראַדיציע־וועגן... זיי וואָלטן פונקט ווי אַנדערע געקאָנט שוין וווינען אין „קאָלאָניע", נאָר עפּעס דוכט זיך זיי, אז דאָ איז היימלעכער, דאָ איז עס אַזוי ווי אין דער היים, מ׳איז צווישן יידן..." (4)

די „איבערוואַנדערונג" פון די מעקסיקאנער יידן געפינט זיך איצט שוין אייגנטלעך אין איר צווייטער פאַזע, ווייל פאַר א סך פון זיי איז שוין „תל אביב" געוואָרן צו ענג. בעסער געזאָגט, זיי פילן, אַז לויט זייער עקאָנאָמישער סיטואַציע „טאָרן" זיי שוין נישט וווינען אין שכנות מיט יידן, וואָס פאַרמאָגן בלויז צו עטלעכע הונדערט טויזנט פעזעס. די דאָזיקע מיליאָנערן ציען זיך אריבער אין א קוואַרטאַל, וועלכער געפינט זיך בשכנות מיט דער „קאָלאָניע", וווּ סשטייען די לוקסוספולע פּאַלאַצן פון די מעקסיקאנער איינגעפונדעוועטע אריסטאָקראַטן, פון די העכסטע רעגירונגס־פונקציאָנאַרן און פון די אַלערלייי „נייע גבירים", דאָס הייסט מעקסיקאַנער, וואָס זענען געוואָרן גבירים־אדירים, כאַפּנדיק פיש אין די מוטנע וואַסער פון פון ספּעקולאַציע אין מלחמה־צייט.

די יידישע מיליאָנערן בויען זייערע פּאַלאַצן מיט א פּאַרנעס און לוקסוס, וואָס לאָזט ווייט הינטערשטעליק די מעקסיקאַנער פון אַרום. דער דאָזיקער פאַקט שווימט פון צייט צו צייט אַרויף אויף די שפּאַלטן פון דער מעקסיקאַנער פּרעסע, און דאָס, וואָס ווערט דאָרט געזאָגט, איז נישט גאָר אַנגענעם פאַר אַ יידישן אויער.

בדרך כלל קען מען זאָגן, אַז אַ העלפט פון די יידן אין דער הויפּט־שטאָט וווינט שוין אין אייגענע הייזער, וואָס מ׳האָט ספּעציעל געלאָזט בויען, כדי זיי זאָלן זיין צוגעפּאַסט צו יעדנס באַגריפן וועגן באַקוועמלעכקייט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, האָט יעדעס הויז אַ גאַראַזש מיט, ווייניקסטנס, איין אויטאָמאָביל. אין געוויסע פאַלן האָבן

(4) „כעסוס מאַריאַ", אין משה רובינשטיינס בוך: „מעקסיקאַנער טעמעס".

דער מאן, די פרוי, און יעדער איינער פון די דערוואַקסענע (דאָס הייסט, אָנהויבנדיק פון זעכצן יאָר) קינדער, יעדער איינער אָן אויטאָמאָביל פאַר זיך אַליין. דאָס וואָס יעדער הויז־אייגנטימער האָט אָן אויטאָמאָביל אָדער אויטאָמאָבילן אין זיין גאַראַזש, שליסט אָבער נישט אויס דעם פאַקט, אַז אויך דער גרעסטער פּראָצענט פון די יידן, וואָס ווילן נאָך נישט אָדער קענען נאָך נישט אויפבויען זיך אָן אייגן הויז, פאַרט אויך אַרום אין אייגענע אויטאָמאָבילן.

אָט זענען עטלעכע אילוסטראַציעס פון דעם ווי ס'לעבט זיך יידן עקאָנאָמיש אין מעקסיקאָ. דער פאָלגנדיקער אַנאָנס איז ווייט נישט קיין זעלטנהייט אין דער היגער יידישער פּרעסע:

„נוצט אויס די געלעגנהייט!

כ׳פאַרקויף 2 נייע הייזער און דריי פּלעצער (טערענאָס) אין דער קאָלאָניע פּאָלאַנקאָ און נועווא אַנסורעס פאַר אַן אויסערגעוויינלעכן ביליקן פּרייז.

איך בין דער אייגנטימער פון די הייזער און פּלעצער.

זיך ווענדן אויף דער גאַס . . .״

די צוויי „קאָלאָניעס״, דאָס הייסט קוואַרטאַלן, וואָס ווערן דערמאָנט אין דעם דאָזיקן אַנאָנס, געפינען זיך טאַקע בשכנות מיט די אַריסטאָקראַטישע „קאָלאָניעס״, וואָס מיר האָבן פריער דערמאָנט.

ביי דער געלעגנהייט איז ווערט צו דערמאָנען, אַז גאַר א סך יידן האָבן א חוץ זייערע אייגענע הייזער, אויך „אַפּאַרטמענט״־הייזער, פון וועלכע זיי ציען באַדייטנדיקע הכנסות, ווי א צוגאָב צו זייערע „ביזנעס״.

די ווייטערדיקע עטלעכע אַנאָנסן זאָגן עדות אויף דעם לוקסוס, אין וועלכן ס'באָדט זיך דער ווייט־גרעסטער טייל פון דער היגער יידישער באַפעלקערונג:

1. „מיר מאַכן באַקאַנט דער חשובער יידישער קאָלאָניע און אַלע אונזערע באַקאַנטע, אַז מיר האָבן באַקומען א גרויסן אויסוואַל צום נייעם יאָר פון ברילי‍אַנטן און אַלערליי זילבערנע אַרטיקלען, דער בעסטער אויסוואַל פון גאָלדענע פינגערלעך, בראָשן, און בראַזאַלעטן״.

2. „מיר באַזיצן דעם גרעסטן אויסוואַל פון ברילי‍אַנטן. — א רייכן אויסוואַל פון אַלערליי זילבערנע אַרטיקלען ווי סערוויזן, טאַצן, וואַזעס, לייכטער. קרוגן און א סך פאַרשידענע אַנדערע אויסאַרבעט־

טונגען. אַ גרויסער אויסוואַל פון צירונג, גאָלדענע פינגערלעך, בראָשן, אוירינגלעך אאַז״וו.״

3 „מיר בייטן אויס איבעריקע זילבערנע זאַכן ווי קריגן, טאַצן, שאַקאַלאַדניצעס און אַנדערע, אויף צירונג, ווי זייגערס, ברילִיאַנטן און פאַרשידענע אַנדערע אויסאַרבעטונגען, פון וועלכע מיר האָבן אַ רייכן אויסוואַל.״

4. „מיר האָבן באַקומען צו די יום־טובים אַ ספּעציעלן רייכן אויסוואַל פון אַמעריקאַנער מעבל, ווי שלאָפצימערן און אַנדערע.

ווי שטענדיק באַקומט איר אויך ביי אונז אין הויז אַ גרויסן אויסוואַל פון עלעגאַנטע פולמאַנס.

עס־צימערן און שלאָף־צימערן פון פאָלגנדע סטילן: קאָלאָניאַל, פראַנצויזישן און אַמעריקאַנער, אַלע מעבל ווערן אויסגעאַרבעט פון אימפּאָרטירטע מאַטעריאַלן.

אויך באַקומט איר ביי אונז מעבל פון מאָנטערעי, די בעסטע אַקרעדיטירטע פאַבריקן. — אַ רייכער אויסוואַל פון טאַפּעטן לינאָ־לעאומס, מאַטראַצן פון אַמעריקאַנער רעסאָרטער, און פאַרשידנסטע מעבל צירונג ווי: טישלעך, זאַל־לאָמפּן, אאַז״וו״.

5. אָנטוּנג פרויען

„מיר פאַרקויפן ממש פאַר אומזיסט די שענסטע און מאָדערנס־טע מאָדעלן פון נייע אַמעריקאַנער קליידער וואָס זענען נאָר וואָס אָנגעקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

קומט און איבערצייגט אייך אויף...״

נאָך אַזעלכע אַנאָנסן איז שוין נאַטירלעך און זעלבסטפאַר־שטענדלעך, אַז אין די היגע יידישע צייטונגען זאָל מען זען צענד־ליקער אַנאָנסן פון יידישע שפּייז־געשעפטן מיט מער־ווייניקער דעם פאָלגנדיקן אינהאַלט:

„אַ גרויסער אויסוואַל פון וויין און ליקאָרן, שנאַפּסן און אַלערליי סאַרדינען פון אויסלאַנד און אינלאַנד. שטענדיק פרישע וורשט, כעסיסקעס א.א. פרישע פוטער. קעז און אייער, שמאַלץ־הערינג און אויך מאַרינירטע.

איר קענט אויך מאַכן אייערע באַשטעלונגען טעלעפאָניש.״

אַלץ, וואָס ס׳איז דאָ געזאָגט געוואָרן וועגן דעם ווי ס׳לעבט זיך יידן אין דער הויפּטשטאָט, איז אויך גילטיק פאַר די יידן אויף דער פראָווינץ. אין דעם דאָזיקן זין איז כאַראַקטעריסטיש דער פאָלגנדי־

קער אויסצוג פון אַ קאָרעספּאָנדענץ פון מאָנטעריי, וואָס איז פֿאַר־עפֿנטלעכט געוואָרן אין היגן „וועג":

„מיט צען יאָר צוריק איז די גרעסטע צאָל יידן אין מאָנטערעי געווען פּעדלער, אויף די מאָנטערעיער גאַסן האָט זיך דאַן שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן אַ ייד מיט אַ פערד און וועגעלע אָנגעפּילט מיט שמאַפּן. דאָס האָט דער יידישער פּעדלער דאַן אַרומגעפירט אַלערליי שמאָפּן צו פאַרקויפן די מעקסיקאַנער אויף „אַבאָנאָס" (אויסצאָל).

דאָס וועגעלע האָט געהאַט אַ זייער כאַראַקטעריסטישן נאָמען: „וואַגע". און ווער האָט עס נישט געהאַט קיין „וואַגע".

היינט זעט מען שוין כמעט נישט קיין „וואַגעס", דערפֿאַר אָבער זעט מען אין סאַמע צענטער גרויסע, שיינע, מאָדערן איינגע־אָרדנטע יידישע געשעפטן פון שמאָפּן, מעבל געשעפטן, אייזן־סקלאַדן, אָדער פאַבריקן פון בעטן."

איידער מיר פאַרענדיקן דעם דאָזיקן קאַפּיטל, וועלן מיר נאָך באַקענען דעם לייענער מיט דער פאָלגנדיקער באַמערקונג, וואָס גע־פינט זיך צום סוף פון אַן אַנאָנס פון דער היגער „ליגע פאַרן ראַטן־פאַרבאַנד" וועגן אירער אַן אונטערנעמונג:

„ספּעציעלע פּעריזאָנען וועלן אַוועקגעשטעלט ווערן צו היטן די אויטאָמאָבילן, מיט וועלכע מען וועט קומען אין טעאַטער."

ס'דאַרף דאָ געזאָגט ווערן, אַז וויינציקסטנס פינף און זיבעציק פּראָצענט פון דער מיטגלידערשאַפט פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַ־ציע זענען זייער רייך, און כמעט אַלע אירע מיטגלידער קומען צו די אונטערנעמונגען אין אייגענע אויטאָמאָבילן.

„יידישע" אויטאָמאָבילן פירן אַרום זייערע אייגנטימער נישט נאָר איבער דער שטאָט, נאָר אויך, זייער אָפט, צו די וווּנדער־שיינע דאַטשע־פּלעצער אַרום דער הויפּטשטאָט, און אויך ווייטער, אַזש ביז צו דער וועלט־באַרימטער אַקאַפּולקאָ, אין וועמענס טייערסטע האָטעלן, פונקט ווי אין די לוקסוספולסטע האָטעלן פון אַנדערע דאַ־טשע־פּלעצער, ווערן איבערגעלאָזן צענדליקער און הונדערטער טויזנטער פּעזאָס פון יידישע געסט; ענלעכע סומעס ווערן אויך געוווּנען און פאַרשפּילט אין 'פּאָוקער'."

# מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

## שמחות ביי מעקסיקאַנער יידן.

אייגנטלעך איז ביי די מעקסיקאַנער יידן שטענדיק שמחהדיק. ס'איז עפּעס א מין שטענדיקער „יום-טוב אין דער וואָכן". אַ געוויסע פּסיכאָלאָגישע אומזיכערקייט, (אויף וועלכער ס'וואָלט כדאי געווען זיך אָפּצושטעלן געגויער) צווינגט דעם דורכשניטלעכן מעקסיקאַנער יידן צו וועלן פאַרכאַפּן וואָס מער עולם הזה אין אַ מעגלעכסט קורצער צייט. ס'ווילט זיך שיעור נישט זאָגן, אַז דאָס איז עפּעס א מין „נאכל ונשתה כי מחר נמות".

עפּעס איז אין די מעקסיקאַנער יידן אריין א דיבוק פון לוקסוס, וואָס צווינגט זיי צו „יאָגן און איבעריאָגן" איינער דעם צווייטן. ס'איז, צום ביישפּיל, געננוג, אַז אַ יידישע פרוי זאָל זיך דערוויסן, אַז אירע א שכנטע אָדער א „גוטע פריינדין" האָט זיך פאַרשאַפט א שטיק מעבל, — אַז זי זאָל זיך אַרויסלאָזן איבער די טייערסטע מעבל-געשעפטן, כדי צו געפינען עפּעס ענלעכעס פאַר אַ טייערערן פרייז, ווי דער, וואָס יענע האָט באַצאָלט. דערביי דאַרף מען אונ-טערשטרייכן, אַז ס'ווערט נישט גענומען אין אַכט דער אמתער, עסטעטישער ווערט פון דער זאַך, נאָר אויסשליסלעך דער פרייז, וועלכער דאַרף זיין אויף דעם קויף-שיין וואָס אַ העכערער.

מ'דערציילט דאָ וועגן אָפטע פאַקטן, פון אַזאַ מדרגה פון סנאָ-ביזם פון אַזעלכע פרויען וואָס עס פּאַסט זיי צו זאָגן, ווען מ'לייגט זיי פאָר צו קויפן געוויסע סחורות: „ניין, איך קויף נישט צו אַזעל-כע ביליקע פרייזן. האָט איר נישט עפּעס פאַר אַ טייערן פרייז?" ס'האָבן פּאַסירט פאַלן ווען דער סוחר האָט אַזעלכע „יענטע טיני-פּאָצקים" (א נאָמען פון אַ טיפּ, וואָס אַ היגער פעליעטאָניסט האָט געשאַפן און וועלכער איז שוין דאָ געוואָרן „קלאַסיש") דער-לאַנגט אַן אַנדערן מוסטער פון דער זעלבער סחורה, פאַרלאַנגענדיק פאַר אים אַ סך אַ גרעסערן פרייז, און די „יענטע" האָט גערן באַ-צאָלט, אַוועקגייענדיק אַ צופרידענע מיט אַט דער עקסהיביציע פון איר עקאָנאָמישער געהויבנקייט.

מיט דעם דאָזיקן הינטערגרונט, קען מען שוין לייכט פאַר-שטיין, אַז ס'ווערט דאָ נישט דורכגעלאָזן קיין שום געלעגנהייט צו באַווייזן זיך מיט רייכקייט. דער בעסטער אופן זיך גרוים צו שטעלן פאַר פריינד און באַקאַנטע (וועלכע וועלן שוין אַזוי אַרום זיך פילן פאַרפליכטעט זיך צו „רעוואַנשירן"), איז איינצואָרדנען (וואָס מער

און וואס אפטער) אלערליי פאמיליען-שמחות. צו אט די שמחות דארף מען אויך צורעכענען די חנוכת הבית-פייערונגען פון זיך אריינציען אין אייגענע הייזער.

די אבליגאטארישע פאמיליען-שמחות, וואס מוזן איינגעאָרדנט ווערן מיט דער גרעסטער פאמפע און צוליב וועלכע ס'מוזן דערשיינען פולע זייטן מיט גראטולאציעס אין די שבת-נומערן פון די היגע יידישע צייטונגען, זענען די פאלגנדיקע: ברית מילה, בר-מצוה, פופצן יאריקער געבורטסטאג פון א מיידל, תנאים, חתונה, זילבערנע האכצייט, חנוכת הבית פון אן אייגן הויז.

אט די אלע שמחות ווערן געפייערט זונטיק נאכמיטאג, אדער אין אוונט, און די געלטער, וואס ווערן אויף זיי אויסגעגעבן, זענען פון פינף טויזנט פעזעס ביז פופציק טויזנט און אפילו מער.

אין די אנאנסן-זייטן פון די שבת-נומערן פון די יידישע צײטונגען דערשיינען אין א וואך ארום פולע זייטן מיט אנאנסן-גראטולאציעס. געוויינלעך קומען אויף אט די זייטן גרויסע פאטאגראפישע בילדער פון די בעלי-שמחות.

אט זענען עטלעכע מוסטערן פון „קעפ" פון אזעלכע פול-זייטיקע אנאנסן, וועלכע ווערן נאטירלעך „צוגעפראוועט" אין די רעדאקציעס.

**„דעם פארגאנגענעם זונטיק איז אויף אן אימפאזאנטן אופן דורכגעפירט געווארן די פייערונג פון 15-טן געבורטסטאג פון דער סימפאטישער שילערין פון דער... שולע.**

**אירע עלטערן, דער באקאנטער סוחר, ה'... און פרוי, האבן איינגעאָרדנט א גראנדיעזע פייערונג לכבוד זייער גראטענער טאכטער, אין וועלכע עס האבן זיך באטייליקט צענטליקער חברים און חברות פון דער יובילארין."**

דערביי ווערט געדרוקט אויף א האלבער זייט די פאטאגראפיע פון דער „יובילארין". מיר זעען זי אלס „קעניגין", ארומגערינגלט פון א גאנצער סוויטע פון „פרינצן" און „פרינצעסינס". די מיידלעך טראגן די טייערסטע קליידער, וואס מ'קען נאר קריגן אין שטאט.

די אנאנסן-גראטולאציעס פון תנאים אדער חתונות זענען באצירט מיט פאטאגראפיעס פון חתן-כלה אין מעגלעכסט אידילישע פאזעס. אט איז א טיפישער „קאפ" פון א תנאים אנאנס:

**„אימפאזאנטע פארלאבונג-שמחה ביי די חשובע פאמיליעס... און...**

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

דעם פאַרגאַנגענעם זונטיק איז אויף אַ פייערלעכן און אימי־פּאָזאַנטן אופן דורכגעפירט געוואָרן די פאַרלאָבונג פון (פלוני בן פלוני) אַ זון פון דעם חשובן און פראָמינענטן סוחר (דעם און דעם) מיט דער סימפּאַטישער פרייליין (דער און דער).

אין דער שיינער שמחה האָט זיך באַטייליקט אַ גרויסער עולם פריינט און באַקאַנטע פון די פאַרלאָבטע און פון די חשובע פאַמי־ליעס... און... מיר דאַנקען אַלע געסט, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין אונזער שמחה."

די צווייטע העלפט פון דער זייט איז אויסגעפילט מיט די אנאָנסן־גראַטולאַציעס פון יעדן איינעם פון די אָנוועזנדע.

אינטערעסאַנט איז, אַז די טראַדיציע פון דרוקן פול־זייטיקע אַנאָנסן־גראַטולאַציעס, האָט זיך מיט דער צייט אויסגעשפּרייט אויך אין אַ גאַנץ אַנדערער, פאַרקערטער ריכטונג. זינט עטלעכע יאָר איז דאָ אַ מאָדע, אַז די זעלבע אַנאָנסן־זאַמלער, וואָס קומען אויף יידישע שמחות, קומען אויך אויף לוויות, און גייען צוריק פון בית־עולם מיט נישט קיין קלענערן דערפּאָלג, ווי דער וואָס זיי האָבן אויף א געבורטסטאָג־שמחה אָדער אויף אַ חתונה.

אָט דער פאַרוואָרצלטער עקסהיביציאָניזם שפּיגלט זיך אָפּ אַמ־שטאַרקסטן גראָד אין די ימים נוראים, ווען די פרויען־אָפּטיילונגען פון די שולן און בתי־מדרשים ווערן פאַרוואַנדלט אין קליידער־ און צירונג אויסשטעלונגען.

נאָך דעם לעצטן יום־כיפור האָט דער היגער וו ע ג עדיטאָ־ריעל קאָמענטירט:

„נישט איינמאָל האָבן שוין יידישע שרייבער געוואָרנט קעגן דעם פוסטן עקסהיביציאָניזם פון אונזערע „יענטעס" און פון זייערע יוגנטלעכע טעכטער. אָבער דאָס העלפט נישט. אויך דעם פאַרגאַנ־גענעם יום כיפור זענען די שולן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אויס־שטעלונגען פון שיינע קליידער, פעלצן, בריליאַנטן און פוטערס. ווי האָבן אויף דעם געקוקט די אָרעמע מעקסיקאַנער פרויען, וואָס זע־נען אין דעם זעלבן טאָג געשטאַנען שעה־לאַנג אין די לאַנגע רייען, כדי צו קענען קויפן עטלעכע קילאָ קוילן פאַר זייער משפּחה?"

### דער צווייטער דור

מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָט דער מעקסיקאַנער יידישער פעליעטאָניסט, אברהם ווייסבוים, פאַרעפנטלעכט אַ פעליעטאָנען־

סעריע: „די טיניפּאָצקים", אין וועלכער ער האָט געגעבן כאַראַקטער-פּאָרטרעטן פון אַ פאַמיליע פון מלחמה-גבירים: פאָטער, מוטער, זון און טאָכטער. די סעריע האָט געשאַפן אין ישוב סענסאַציע און געמאַכט אַן אומגעהויערן איינדרוק, טאַקע דערפאַר, וואָס גאָר אַ סך פאַמיליעס האָבן אין אָט די פעליעטאָנען זיך אַליין דערקענט. אַ יידישער זשורנאַליסט האָט זיך וועגן אָט דער פעליעטאָנען-סעריע אויסגעדריקט, אַז זי איז:

"...אַ קולטור-היסטאָרישער דאָקומענט, דערפאַר, וואָס דורך איר וועט דער צוקונפטיקער היסטאָריקער פון אונזער ישוב זיך גרינטלעך באַקענען מיט אַ באַדייטנדן שיכט פון דער היגער יידישער באַפעלקערונג און מיט זיין לעבן און שטרעבן אין די יאָרן פון דעם גרויסן וועלט-אומגליק און דעם יידישן בראָך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה. ווען צוליב וועלכן ס׳איז צופאַל זאָלן פאַרלוירן גיין אַלע עקזעמפּלאַרן פון אונזערע היגע יידישע צייטונגען מיט זייערע אַרשינקע, אויף די העכסטע אָקטאַוון שרייענדיקע אַנאָנסן פון תנאים, חתונות, געבורטסטאָגן און אַלערליי אַנדערע שמחות מיט די געשמאַקלאָזע „פּיקטשעס" אַלס באַפּוצונג, און ס׳זאָלן בלייבן בלויז ווייסבוימס „טיניפּאָצקים", וועט ער, דער היסטאָרי-קער, זיך קענען פולשטענדיק אָריענטירן וועגן דעם ווי אַ גרויסער טייל פון היגן ישוב האָט געטאַנצט אין אַ וואַקכאַנאַליע פון אומ-ענדלעכן ווילטאָג אויף די חורבות פון אייראָפּעישן יידנטום."

אין דעם פעליעטאָן, וואָס איז געווידמעט דער „סעניאָריטאַ טיניעפּאָצקי", אַ זעכצן-זיבעצן יאָריקער הי-געבוירענער מיידל, לייגט איר דער אויטאָר אַריין אין מויל די פאָלגנדיקע ווערטער:

„כקען זיך פאַרגינען, לעב איך אין לוקסוס. דאָס לעבן איז אַזוי שיין. אפשר נישט? מיינע עלטערן זענען רייך, זייער רייך. זיי האָבן א סך געלט.

אין דער היים האָב איך נישט קיין אַפּעטיט צום עסן, אָבער טאַקע גאָר קיין אַפּעטיט נישט. דאַקעגן, אין רייכן, עלעגאַנטן רעסטאָראַן עס איך מיט אַזוי פיל אַפּעטיט. מ׳טרינקט אַ קאָקטייל, מ׳עסט עפּעס. די מוזיק שפּילט, מ׳טאַנצט אַ ביסל, נאָכער עסט מען עפּעס, און דאַן גייט מען ערשט רעכט טאַנצן. אַך, ווי פיין! אפשר נישט?

איך מוז עסן מיט מוזיק, מיט אַן אָרקעסטער. איך מוז גיין כאָטש

פיר מאָל אַ וואָך אין „סינע". איך מוז דאָך זען אַלע פּרעמיערן. איך וואָלט אַלע נאַכט געוואָלט זען שפּילן דיאַנאַ דורבין מיט בעטי גראַבעל. אך, ס'איז מחיה!"

די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק פון דער „סעניאָריטאַ טיניפּאַצקי" איז, נאַטירלעך, אַ ביסל איבערטריבן, אָבער נישט צו שטאַרק. דאָס איז כמעט דער דורכשניטלעכער טיפּ פון אַ מעקסיקאַנער יידיש יונג מיידל. אפשר נישט אַלע פאַרברענגען אַזוי אָפט ווי אָט די סעניאָריטאַ אין רעסטאָראַנען, אָבער אַלע יידישע מיידלעך (מיט געציילטע אויסנאַמען, וואָס באַשטעטיקן דעם כלל) באַטראַכטן דאָס לעבן ווי אַ זייער אַנגענעמען צייט־פאַרטרייב, וואָס האָט זיין שטיץ־פּונקט אין טאַטע־מאַמעס עקאָנאָמישער פּאָזיציע.

אין מעקסיקאָ איז דער פופצנטער געבוירן־טאָג אַ ווענד־פּונקט אין דעם לעבן פון אַ יידיש מיידל. צו פופצן יאָר האָט זי שוין געווינלעך געענדיקט איר „סעקונדאַריאַ" שול־בילדונג, און אירע עלטערן אָרדנען איין פאַר איר אַ גרויסאַרטיקע געבורטסטאָג־פייערונג, געווינלעך אין איינעם פון די לוקסוספולסטע רעסטאָראַנען פון שטאָט. צו דער דאָזיקער פייערונג ווערן איינגעלאַדן אַלע אירע יוגנטלעכע פריינד און פריינדינעס, ספּעציעל די ערשטע. ס'ווערט סערווירט אַ גרויסאַרטיקער אָוונט־ברויט, מ'טאַנצט ביז אין טאָג אַריין, און שפּעטער דערשיינען אין די יידישע צייטונגען ריזיקע „פּיקטשעס" פון דער „יוביליאַרין", אַרוימגערינגלט פון אירע „פּרינצן" און „פּרינצעסינס".

אָט די פייערונגען פון דעם פופצנטן געבוירנטאָג פון די „סעניאָריטאַס", האָבן, פון דעם שטאַנדפּונקט פון די עלטערן, פאַר וועלכע קיין שום אויסגאַבע פאַר אָט דעם צוועק איז נישט צו גרויס, אַ טיפערן זין. פאַר די עלטערן פון דעם מיידל, פאַר זייער קרייז פון פריינד און באַקאַנטע און פאַר דעם מיידל אַליין (כאָטש זי וועט דאָס עפנטלעך נישט צוגעבן), ווי אויך פאַר אירע יוגנטלעכע פריינד, באַדייט דער דאָזיקער געבורטסטאָג־באַנקעט אַ קלאָרן און דייטלעכן אָנזאָג, אַז פון אָט דעם מאָמענט אָן שטייט די „סעניאָריטאַ" אין שידוכים.

פאַרוואָס די עלטערן פון די מיידלעך איילן זיך אַזוי צו פירן זייערע טעכטער צו דער חופה, איז אַן אַנדער פראַגע, וואָס וואָלט געקענט זיין אַ טעמע פאַר זיך, און ענטפערן אויף איר קענען זיין פאַרשידענע. אָבער זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז איינער פון די מאָ־

טיוון, און אפשר איינער פון די וויכטיקסטע, איז די מורא פון די טאַ־טע־מאַמעס, אז קיין „גוט אויג" פון מעקסיקאַנישע יונגע לייט זאָל חלילה נישט שאַדן זייערע יונגע, טעמפּעראַמענטפולע, אין טראָפּישן קלימאַט געבוירענע און אויסגעוואַקסענע, און צו דעם אַלעם נאָך אין גאַנצן אין לעבן אומדערפאַרענע טעכטער.

בּיסלעכווייז האָט זיך איינגעשטעלט דער מנהג, אַז צו פופצן יאָר ווערט אַ יידיש מיידל אַ „כלה־מיידל". פון דאַן אָן גייט זי אויף אַלע פאַרוויילונגען און ווו נאָר אַ באַל, אַליין אָדער באַגלייט דורך איר מוטער, און טאַנצט אַ סך, מיט דער (פאַרבאַהאַלטענער) כוונה, אַז פון די אַלע קאַוואַליערן, וואָס לאַדן איר אַזוי העפלעך איין צום טאַנצן, זאָל אַרויסקומען איר אויסגעחלומטער פּרינץ...

„הילדאַ גרייט זיך צום טאַנץ־אָוונט. איר צימער שמעקט מיט פּערפומען און פּודער, ווי אַ מאָדע־בּודוּאַר פאַר זאָרגלאָזע דאַמען. עס גרייט צו הילדעס טואַלעט, איר שלעפּע־קלייד, די באַגילדעטע פּאַנ־טאָפל און דעם גרויסן סכום קליינינקייטן אין וועלכן זי דאַרף איינ־הילן באַלד איר שלאַנקע פיגורקע — די מאַמע. אייגנטלעך גרייט זיך און קלויבט זיך די מאַמע מער ווי די פופצן אַ האַלב יאָריקע טאָכטער. דאָס קינד זאָל אויסזען שענער ווי אַנדערע מיידלעך, עס זאָל פון איר שמעקן און גלאַנצן. זי וועט דאָך טראָגן אויף זיך אָן אַנטוּועכץ פון אפשר אַ טויזנט פּעזאָס — מיין מיידעלע.

אין שפּיגל זעט זיך הילדאַ ווי אַ פּרינצעסין. אָט איז זי שוין אָנגעטאָן. אַ בויג. אַ וואָרף די פּושיסטע קאָפּ האָר, די פּלייצע נאַ־קעט און דער דעקאָלטע טיף, ביים אָנהויב פון אירע קוים זיך זעענ־דיקע ברוסטן — און דער מאַמעס האַרץ קוועלט. אוי, וועלכער בחור וועט עס נישט אַ צאַפּל טאָן זעענדיק איר הילדאַ. סאַראַ אַלאַבאַסטער האַלז און סאַראַ ליכטיקע אויגן מיט אַזעלכע גרויסע ברעמען און לאַנגע וויעס. אַ מלאך...

אין זאַל פון קלוב איז ליכטיק און מוזיק רוישנדיק. אַנדערע מיידלעך און יונגעלייטלעך מיט קוים שפּראָצנדיקע וואָנסעלעך אונ־טער די קינדערשע נעזעלעך, דרייען זיך שוין אין אַ לייכטן, מאָדער־נעם טאַנץ. מאַליע צו טאַליע, האַנט אויף אַקסל און אָטעם ביי אָטעם הויבט זיך אָן דער באַרוישנדיקער פאַר דער יוגנט אָוונט־באַל. מאַ־מעס מיט און אָן גוידערס, אין מאָדערנע קליידער, מיט פאַראַיאָריקע פוטער־פוקסן אויף די אַקסלען — זעצן זיך אוים ביים זייט זאָל אויף די שטולן צו קלויבן נחת פון די קינדער און „האָבן אַן אויג"...

# מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

די מאַמעס, אַנדערע צווישן זיי זענען נאָך אַליין יונג אויס, קוקן מיט פאַרשטאַרטע בליקן אין דער ריכטונג ווו עס באַוועגט זיך דאָס „קינדעלע"... מען מעסט אָפּ פון אויבן ביז אראָפּ דעם פאַצעטל, וואָס איז אַריינגעשטעקט אין נייעם אָנצוג און האָט לאָקן־פאַרקאַמטע האָר אויף זיין האַלב קינדעריש קעפּל; מ׳וויל וויסן ווען ער גע־הערט און וואָס פאַר אַ פאַבריק האָט דער טאַטע...

צווישן מאַמעס פאַרבינדט זיך אַ געשפּרעך. מ׳וואַרפט זיך אי־בער מיט אַ וואָרט, אַ פראַגע, אַ באַמערקונג וועגן דעם אָדער יענעם פּאָרל וואָס טאַנצט. מען ווערט צעשמאָלצן פון די קעגנזייטיקע קאָמפּלימענטן וועגן די קינדער. מ׳קוועלט וואָס זיי זענען אַזוי גע־ראָטן, און מען דערמאָנט זיך אַז עס ליגט שוין אַזאַ יאָר וועגן א זיווג, וועגן א שידוך, פארן קינד." (5)

אזוי, אין אנגענעמען צייט־פאַרברענגען און אין אַקטיוון וואַרטן אויף א חתן, גייט אַריבער די צייט פון דער דורכשניטלעך מעקסיקאַנער יידישער כלה־מיידל.

אַז אַ יידיש מיידל דאַרף דאָ חתונה האָבן צו זעכצן אָדער זי־בעצן יאָר, איז אין ישוב אַ נישט געשריבן געזעץ. אויב צו אַכצן אָדער ניינצן יאָר האָט זי נאָך נישט חתונה געהאַט, גייען שוין אירע עלטערן אַרום מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ, און זי אַליין הויבט זיך אָן צו פילן מינדערווערטיק. אַ מיידל פון צוואַנציק יאָר ווערט באַ־טראַכט ווי אַ „פּאַרזעסענע", און ס׳איז דאָ ווייניק האָפענונג, אַז זי זאָל קענען אַרויס אַ זיגעריין אין דעם קאַמף מיט אירע יינגערע (און אָפטמאָל אויך רייכערע) קאָנקורענטקעס פאַר אַ מאַן און אַן איי־גענע היים.

און ווי זעט אויס מיט די יידישע בחורים אין מעקסיקאָ?

לאָמיר ווידער אַריינקוקן אין אברהם ווייסבוימס אַ „טיניפּאָצקי"־פעליעטאָן, דאָס מאָל אין דעם פעליעטאָן, אין וועלכן ער כאַראַקטע־ריזירט דעם זונדל פון די שוין דערמאָנטע מלחמה־גבירים. און לאָמיר געדענקען, אז דאָס בילד איז, פונקט אַזוי ווי אין דעם פאַל פון דער „סעניאָריטאַ טיניפּאָצקי", אַ ביסל איבערגעטריבן, אָבער נישט צו שטאַרק.

---

(5„ „מאַמע און טאָכטער", אין משה רובינשטיינס „מעקסיקאַנער טעמעס".

# סאַלאָמאָן קאַהאַן

„איך בין עס דער יונגער טיניפּאַצקי, סאַלוואַדאָר טיניפּאַצקי.

איר וווּנדערט זיך, וואָס איך שטיי מיר אַזוי רואיק, זאָרגלאָז, די הענט אין די הויזן־קעשענעס, די פיס א ביסל צעשפּרייט און פייף מיר צו אַ שפּאַניש לידל? ס׳איז גלאַט אַזוי זיך. ס׳איז מיר גוט, ס׳איז מיר פריילעך, זייער פריילעך, זינג איך מיר און פייף. אַט אַזוי.

וואָס פעלט מיר? גאָרנישט. ס׳פעלט מיר אַבסאָלוט גאָרנישט. פאַרקערט, כ׳האָב נאָך מער ווי איך דאַרף. אַ סך מער ווי א יונגער מאַן דאַרף האָבן. נו, טאַנץ איך, זינג איך און פייף.

מיין טאַטע וויל כ׳זאָל ווערן א סוחר אָדער אן אינזשעניער, און די מאַמע וויל דווקא איך זאָל ווערן אַ דאָקטאָר, זי וויל האָבן, זאָגט זי, כאָטש איין דאָקטאָר אין דער פאַמיליע, דאָקטאָר סאַלוואַדאָר טיניפּאַצקי!

אָבער איך ווייס נישט וואָס ווילן פון מיר מיינע עלטערן. שטודירן, לערנען, נאָכאַנאַנד גאָר צוגרייטן לעקציעס.

צו וואָס דאַרף איך זיך אַזוי ברעכן דעם קאָפּ מיט די ביכער, אַז מיין טאַטע איז אַזוי רייך? און קיין כלה מיט נדן זוך איך אויך נישט. אַנדערע יונגע לייט וואַרטן אויף א כלה מיט א פעטן נדן, אָבער איך נישט. צו וואָס דאַרף איך אַזוי פיל שטודירן, צו וואָס?

איך האָב ליבער פאַרוויילונג, פאַרגעניגן און מער גאָרנישט. מיין פּאַפּאַ איז רייך, זייער רייך, פאַרוואָס זאָל איך זאָרגן? כ׳האָב ליב צו לעבן א גוטן טאָג.

די זון שיינט אַזוי שיין. די שאָסייען זענען אַזוי גלאַטיק. זעץ איך זיך אַריין אין מיין שיינעם אויטאָ, א „פּאַקאַרד", און איך פלי מיר אַוועק אין קוערנאַוואַקאַ, קואַוטלאַ, טעהואַקאַן, סאַן כאָסע פּאָרואַ (באַרימטע דאַטשע־ערטער — ס.ק.). ס׳איז דאָ ווו צו פאָרן אין מעקסיקאָ.

דריי מאָל אַ וואָך גיי איך אין די „מוּוויס". צוויי מאָל א וואָך גיי איך אויף אַ טאַנץ אָוונט. אַ יונגער מאַן דאַרף טאַנצן, ניט אמת? און לערנען דאַרף מען אויך אַ ביסעלע. און א „פּאָוקער" דאַרף מען אויך שפּילן, נישט אמת? מיינע עלטערן מעגן שפּילן, און איך ניט?

איי, ווי איך האָב ליב צו לעבן אַ גוטן טאָג. איך גיי אויסגעפּוצט ווי אַ פּרינץ. כ׳האָב צוויי פולע קעשענעס מיט געלט. מיר גייט גאָרנישט אָן. מיר געפעלט בלויז פאַרוויילונג.

**איך האָב ליב פאַרגעניגן. וואָס פעלט מיר דען? מיין פאָטער איז רייך, אויף מיין וואָרט, זייער רייך. איך בין סאַלוואַדאָר טיני-פאַצקי."**

די מעקסיקאַנער יידישע יוגנט איז, אין גרונט גענומען, א „גאָלדענע יוגנט". די טאַטע-מאַמע האָבן זי דערצויגן אויף באַגריפן, פון וועלכע זאָרג און קאַמף פאַרן לעבן זענען אַזוי גוט ווי אויסגע-שלאָסן. זיי, — די טאַטע-מאַמעס — האָבן מיט דער „דערציונג" פון זייערע קינדער, פאַראורזאַכט, אַז די איצטיקע אַכצן-נײַנצן יאָריקע יונגע לייט זאָלן מיינען, אַז דאָס לעבן איז איין גרויסער, אומענד-לעכער יום-טוב, אַ באַנקעט אויף וועלכן זיי קענען געניסן פון כל טוב ביי יעדן איינציקן פון די טישן, צו וועלכע זיי דאַרפן נאָר צוגיין.

די גבירישע טאַטע-מאַמעס האָבן אין זייערע קינדער געשאַפן די פסיכאָלאָגישע איינשטעלונג, אַז פולשטענדיקע זאָרגלאָזיקייט איז עס דער גייסטיקער עלעמענט מיט וועלכן אַ יוגנטלעכער קען אַריינטרעטן אין דערוואַקסענעם לעבן, מיט גוטע אויסזיכטן אויף דערפאָלג.

זיי, די עלטערן, האָבן אַנטוויקלט אין זייערע קינדער דעם באַוווסטזיין, אַז יעדער איינציקער פון זיי, די איצטיקע בחורים, איז דער צענטער פון דער וועלט, און במילא איז יעדער קאַפּריז זייי-נער, ווי אומלאָגיש און אומבאַרעכטיקט ער זאָל נישט זיין, אַ געזעץ פאַר די אַרומיקע, אַ „חוק נתן ולא יעבר".

דער רעזולטאַט פון דעם אַלעם איז, אַז ס'האָט זיך אין דעם דורכשניטלעכן מעקסיקאַנער יידישן בחור, אין אַ געוויסער מאָס, אַנטוויקלט אַ געזעלשאַפטלעך-שעדלעכע אינדיפערענץ צו נאַציאָ-נאַלע און סאָציאַלע פראַגעס, וועלכע האָט געקראָגן איר בולטסטן אויסדרוק אין דער שווידערלעכער גלייכגילטיקייט, וואָס אַ זייער באַ-דייטנדיקער טייל פון דער מעקסיקאַנער יידישער יוגנט האָט אַרויסגע-וויזן, ווען ס'זענען אָנגעקומען די ידיעות וועגן דעם חורבן פון איי-ראָפּעישן יידנטום (6).

מיט אָט דעם פסיכאָלאָגישן הינטערגרונט ווערן פאַרשטענדלעך די פאָלגנדיקע ביטערע ווערטער, וואָס דער „וועג" האָט לעצטנס, צווישן אַנדערס, געזאָגט אויף מאָרגן נאָך יום-כפור:

**„אָבער נישט אַלץ איז געווען פייערלעך און שיין. אונזער אַזוי גערופענע „גאָלדענע יוגנט", די צעלאָזענע און צעבאַלעוועטע זינד-לעך און טעכטערלעך, וואָס פאַרשטייען נישט ווי אַזוי צו רעספּעק-**

פירן די היילִיקסטע געפילן פון דעם עלטערן דור, האָבן דינסטיק ביינאַכט צו כל נדרי און דעם גאַנצן מיטוואָכדיקן טאָג באַוויזן, אַז זיי האָבן זייער ווינציק טאַקט און פאַרשטענדעניש. אויך די עלטערן זייערע וואָלטן כאָטש געמעגט אָפּשטעלן זייערע אויטאָס און די געדונגענע „ליבערעס" אַ ביסעלע ווייטער פון דעם הויפּט אַריינגאַנג אין דער שול פון „נדחי ישראל", ווי זיי האָבן דאָס געטאָן דינסטיק פאַרנאַכט. דאָס איז נישט בלויז אַ חילול השם; דאָס איז אויך אַ באַווייז, אַז די וואָס פירן זיך אַזוי, זענען פעיק צו טרעטן מיט די פיס היילִיקע געפילן פון טויזנטער יידן.

די אויפפירונג פון דער צעבאַלעוועטער יוגנט איז אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך. מיר האָבן מיט פאַרדרוס געזען די שטיק פון די יונגע „אַלרייטניקעס" וואָס זיינען געשפּרונגען פון איין אויטאָ צום אַנדערן מיטוואָך בייטאָג אין סאַמע יום־כּפור, און ווי זיי האָבן קאָמיש אויסבאַהאַלטן זייערע פּאַפּיראָסלעך אונטער די פאָלעס." (6)

אינטערעסאַנט איז, אַ כאָטש פאַר אַנדערע, וויכטיקערע צוועקן דאַרף מען פאַרווענדן זייער פיל אַרבעט און שוויים, און אַז אַן אַקציע פאַר וואָס פאַר אַ ס'איז צוועק, וואָס ברענגט אַריין הונדערט טויזנט פעזאָס, ווערט באַטראַכט פאַר אַ ריזיקן דערפאָלג, איז דאָ נישט לאַנג צוריק, אָן קיין שום אָנשטרענגונג, געשאַפן געוואָרן אין אַ „כהרף־עין" די סומע פון דריי הונדערט טויזנט פעזעס, צו קויפן אַ פּלאַץ און אויפצובויען אויף אים אַ ספּאָרט־צענטער פאַר דער „גאָלדענער יוגנט". ווען עטלעכע היגע זשורנאַליסטן זענען אַרויס מיט אַ שאַרפער קריטיק קעגן דער לייכטזיניקייט, מילד גערעדט, פון אויסגעבן אין איצטיקן מאָמענט אַזאַ ריזיקע סומע אויף אַ ספּאָרט (פאַקטיש, פאַרוויילונגס) צענטער, דאַן ווען די גאַנצע פאָלקס־ענער־גיע דאַרף איצט אַוועקגעגעבן ווערן אויף רעטונגס־פאָנדן פאַר די שארית הפליטה אין אייראָפּע, — האָבן די וואָרט־זאָגער פון דער „גאָלדענער יוגנט" געענטפערט מיט דער באַהויפּטונג, אַז:

„דער עלטערער דור רעכנט זיך נישט מיט די לאָקאַלע באַ־דינגונגען און מיט דער סביבה אין וועלכער היגע קינדער און יוגנט־לעכע וואַקסן אויף. מען קען נישט פאַרלאַנגען פון אַ יוגנט עלעמענט

(6) די פראַגע וועגן דער אַטראָפירטער יוגנט ווערט געניער באַהאַנדלט אין מיין בוך „יידיש־מעקסיקאַניש".

# מ ע ק ס י ק אַ נ י ש ע   ר ע פ ל ע ק ס ן

**וואָס איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין מעקסיקע אין אַן אומגעבונג פון זאָרגלאָזיקייט און באַקוועמלעכקייטן, אַז זיי זאָלן האָבן די זעל־בע אַספּיראַציעס און אידעאַלן, אָדער דעם זעלבן צוגאַנג צו זאַכן, ווי די אייראָפּעישע יידישע יוגנט.״**

ס׳איז דעריבער קיין וווּנדער ניט, וואָס יידישע סטודענטן וואַרפן אַוועק זייער שטודיום, געלאָקט פון א ריזיקן נדן, אַ געזיכערטער שותּפות ביים צוקונפטיקן שווער אין פאַבריק אָדער געשעפט, פון אַ לוקסוספולן אויטאָמאָביל פון דער נייעסטער מאַרקע, אַ פולשטענ־דיק איינגעאָרדנטער היים (וואָס ס׳איז אָפטמאָל א הויז, וואָס גייט גלייך איבער אין זיין אייגנטום) און א זעכצן־זיבעצן יאָריקער כלה דערצו. ס׳זענען נישט זעלטן די פאַלן, ווען דער חתן קריגט גלייך, אַלס נדן, א זעלבסטשטענדיקן געשעפט אָדער אַ פולשטענדיק איינ־געאָרדנטע פאַבריק. די סטאַטיסטיק פון איינעם פון די היגע יוגנט־קלובן ווייזט, אַז פון ניין און פערציק מיטגלידער זענען אַכט בחורים אין עלטער צווישן ניינצן און צוויי און צוואַנציק יאָר, שוין אייגנ־טימער פון געשעפטן אָדער פאַבריקן, וואָס זייערע עלטערן האָבן זיי אַוועקגעגעבן, בלייבנדיק אַליין מיט גענוג אַנדערע „ביזנעס״. ס׳איז נאַטירלעך, אַז אויך אַנדערע יוגנטלעכע זאָלן וועלן ווערן אייגנטימער; און אויב חתונה האָבן איז א סגולה דערצו, גייט מען אונטער דער חופּה.

אַן אַנדער פראַגע איז צי די דאָזיקע מערסטנטיילס „געשעפט־לעכע״ הייראַטן זענען פון דעם שטאַנדפּונקט פון אינטימען גליק א דערפאָלג. ווען דער רב פון מעקסיקאָ סיטי וואָלט געמעגט און גע־וואָלט דערציילן וועגן די אַלע פאַלן אין וועלכע אים קומט אויס צו אינטערווענירן, אויף דער ביטע פון עלטערן, כדי צוריקצושטעלן דעם צעבראָכענעם שלום בית צווישן אַזעלכע יונגע פּאָרן א קורצע צייט נאָכדעם ווי די חתונה איז געפּראַוועט געוואָרן מיט פאַנטאַס־טישן לוקסוס, — וואָלט זיך געקראָגן גאָרנישט קיין דערפרייענדיק בילד. וואָס מ׳קען אָבער אויך אַזוי פעסטשטעלן, איז דער פאַקט, אַז דער פּראָצענט פון גטן צווישן יונגע פּאָרלעך איז דאָ א גאַנץ הוי־כער, גאָרנישט אין פּראָפּאָרץ צו דער צאָל חתונות.

און ס׳קען אויך אַנדערש נישט זיין. די לייכטזיניקע באַציונג צום לעבן, וואָס ס׳ברענגט מיט זיך אַריין אין דער נייער היים דער צוואַנציק אָדער עטלעכע־ און צוואַנציק יאָריקער מאַן, און די פול־

שטענדיקע נישט צוגעגרייטקייט צו איבערנעמען אַפילו די קלענסטע פאַראַנטוואָרטונג, מצד דער זעכצן-זיבעצן יאָריקער יונגער פּרוי, וועלכע האָט אין איר פריערדיקן לעבן ניט „אַריינגעטאָן קיין האנט אין קאַלטן וואַסער", זענען צוויי פאַקטאָרן, וואָס צילן קעגן דער פאַרוואָרצלונג פון דער נייער געמיינזאַמער היים. די באַלעבאַטיש-קייט אין די ריזיק גרויסע וווינונגען אָדער גאַנצע הייזער פון די יונגע פּאָרלעך, פּירן, אומבאַגרענעצט און אויף זייער שטייגער, די דינסטן, אַ מאָל דריי און אַ מאָל אַפילו פיר אין צאָל.

דאָס פעלן פון ערנסטקייט ביי דעם מאַן און די פולשטענדיקע לעבנס-אומדערפאַרנקייט מצד דער פרוי, פירן אומפאַרמיידלעך צו שווערע קעגנזייטיקע פעלערן און דורכפאַלן, און די לאַגע ווערט נאָך קאָמפּליצירטער, ווען ס'קומען קינדער. די רייכסטע וווינונגען און די לוקסוספולסטע אויטאָמאָבילן קענען נישט פאַרווישן און פאַרטיליקן די שווערע זינד, וואָס זענען דורך די טאַטע-מאַמעס באַגאַנגען גע-וואָרן קעגן זייערע קינדער, ביי וועמען זיי האָבן פאַרגעסן צו אַנט-וויקלען פליכט-באַוואוסטזיין און אַן אחריות-געפיל לגבי זייערע מיט-מענטשן, אין זייער ענגן קרייז און אין אַ ברייטערן זין.

1945

# צו דער כאַראַקטעריסטיק פון מעקסיקאַנער יידישן קולטור־לעבן

די געשיכטע פון יידישן קולטור־לעבן אין מעקסיקע דאַרף איינגעטיילט ווערן אין צוויי תקופות:

א) די אימיגראַנטישע תקופה

ב) די תקופה פון עקאָנאָמישן אויפבלי

די אימיגראַנטישע תקופה האָט געדויערט פון 1921 ביז בערך 1936־37.

די ערשטע תקופה איז געווען אַ צייט פון אוימאויפהערלעכן קולטורעלן באַרג אַרויף; דער פּעריאָד פון דעם עקאָנאָמישן אויפבלי איז, וואָס שייך קולטור־לעבן, כאַראַקטעריסטיש דורך אַ פּאַמעלעכדיקן באַרג אַראָפּ.

פון 1921 ביז 1936־37 ציט זיך די תקופה פון קולטורעלער דינאַמיק פון ישוב; דערנאָך קומען יאָרן פון פּאַסיווקייט און אינערציע.

## „אַ מ אָ ל י ק ע   י אָ ר ן"

אין זיין ראָמאַן פון יידישן אימיגראַנטן־לעבן אין מעקסיקע: „באַגינען" גיט יוסף וויניעצקי, וואָס האָט אַליין מיטגעמאַכט דעם „בראשית" פונם יידיש־רעדנדיקן ישוב, צוויי זייער געלונגענע בילדער פון דעם קולטור־ענטוזיאַזם און דעם ווילן צו קולטורעלן אויפבוי, וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט דעם אימיגראַנטישן פּעריאָד.

ער דערציילט וועגן די ערשטע פּרוּוון פון קולטור־אָרגאַניזאַציע:

**„אויף דער זייטיקער גאַס פון דער יידישער געגנט, „איינזאַמקייט", האָט מען געדונגען אַ לאָקאַל אין דער נידער, כדי דער פּאַר־**

האָרעוועטער פעדלער, ווען ער וועט וועלן קומען אין זיין קלוב זיך אָפּרוען, זאָל ער נישט דאַרפן גיין אויף קיין טרעפּ.

דער לאָקאַל איז באַשטאַנען פון אַ קליין צימערל פאַר דער פאַרוואַלטונג, און אַ „זאַל" פאַר אַ ביבליאָטעק, פאַרזאַמלונגען, פאַר־וויילונגען אאַז"וו. דער פאַרוואַלטונגס־צימער איז געווען אָפּגעטיילט פון דעם „זאַל" מיט אַ ווענטל פון דינע ברעטלעך, דורך וועלכע מ'האָט זייער דייטלעך געקאָנט הערן די „סודות" פון די פאַרוואַל־טונג־זיצונגען...

דערצו איז אין דעם פאַרוואַלטונגס־צימערל קיין פענצטער נישט געווען און מען האָט דערפאַר אין דעם צימער סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט, געדאַרפט ברענען אַן עלעקטריש לעמפּל, אָבער עס האָט גאָרנישט אויסגעמאַכט, ווייל סיי־ווי האָט זיך דער לאָקאַל זעלטן ווען געעפנט בייטאָג...

דערפאַר האָט דער „זאַל" פאַרמאָגט צוויי פענצטער אין גאַס אַרויס, גענוג אויף אַריינצוברענגען דאָס ליכט און די לופט פון דער „איינזאַמקייט" און אויף אַרויסצוטראָגן אין דער שטילער „איינ־זאַמקייט" אַרויס דעם געפילדער פון דעם אימיגראַנטישן קולטור־פאַראיין.

אין „זאַל" איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש, אויך פון ווייסע ברעטער צונויפגעקלאַפּט, אויך אייגענע אַרבעט פון אימיגראַנטן, און אַרום טיש זענען געשטאַנען אַ צוויי טוץ שטולן, וואָס האָבן פאַרמאָגט די אייגנשאַפט, וואָס מען האָט געקאָנט אויף זיי זיצן, כאָטש געמאַכט האָבן זיי נישט קיין סטאָלאַרעס, ווי געוויינטלעך, נאָר אויך די זעלבע אימיגראַנטן, וואָס האָבן געמאַכט כמעט די גאַנצע מעבל פון זייער קלוב. דער ליידיקער טיש אין „זאַל" האָט קאָנטיק געוואַרט אויף יידישע צייטונגען, וואָס דער מעמאָראַנדום האָט געלאָזט ברענגען פון אַמעריקע...

די ווענט זענען געווען באַהאַנגען מיט בילדער, וואָס אימי־גראַנטן האָבן צונויפגעשלעפּט, און דווקא אינטערעסאַנטע בילדער, בילדער פון יידישע שרייבער און קולטור־טוער פון אַלע מינים. אָט אַ שטייגער האָבן זיי געפּאָרט פּרצן מיט ביאַליקן, מענדעלע מיט דאָקטאָר הערצלען, דעם ווילנער גאון מיט קאַרל מאַרקסן. עס האָט קיינער קיין זאַך נישט איבערגעקליבן. וואָס אַן אימיגראַנט האָט געבראַכט, איז געווען אָנגענומען פאַר אַ שיינער מתנה. און ווער,

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

וואָס עס האָט געהאַט, האָט געבראַכט צו באַשיינען דעם לאָקאַל, וועלכער האָט אויפן ערשטן בליק געמאַכט דעם איינדרוק פון דער באחרית הימים אידיליע.

און צווישן אַט די ווענט האָט זיך אָנגעהויבן פאַר די אימי־גראַנטן אַ נײַ לעבן."

א סך פון די איצטיקע גבירים, צווישן זיי עטלעכע פון די היגע יידישע מיליאָנערן, געדענקען נאָך די טרערן פון פרייד, וואָס זענען פאַרגאָסן געוואָרן, ווען אַט דער קולטור־פאַראיין האָט פייערלעך דערעפנט די ערשטע יידישע ביבליאָטעק אין מעקסיקע, און די נשמה יתירהדיקייט, וואָס האָט דאַן געהערשט אין דעם אָרימען לאָקאַל.

דער קולטור פאַראיין איז אויך געווען דער פּיאָנער פון יידישן טעאַטער־וועזן אין מעקסיקע. אַט ווי יוסף וויניעצקי באַשרייבט דעם ערשטן שריט:

אינגיכן האָט זיך טאַקע אין דעם קולטור־פאַראיין געשאַפן א דראַמאַטישער קרייז... די דראַמאַטישע סעקציע האָט רעפּעטירט שלום עליכמס „אַ דאָקטאָר". נאָך אַ פּאָר וואָכן רעפעטירן האָט מען אין א מזלדיקער שעה אָפּגעדונגען אַן אַלט טעאַטערל אין דער יידישער געגנט, טאַקע נישט ווייט פון דער „איינזאַמקייט" און מען האָט געשפּילט יידיש טעאַטער. ס'איז געווען יום־טוב! צום ערש־טען מאָל אין מעקסיקע יידיש טעאַטער! מענטשן האָבן געוויינט פאַר פרייד.

די דאָזיקע קולטור־התלהבות פאַר גייסטיקע ווערטן, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין די ציטירטע שילדערונגען אין ב א ־ ג י נ ע ן, באַציט זיך אויף די גאָר ערשטע יאָרן פון אימיגראַנ־טישן לעבן. אָבער אויך אַביסל שפּעטער, אין אַן אַכט — נײַן יאָר אַרום, ווען ביי אַ טייל אימיגראַנטן הויבט שוין די עקאָנאָמישע לאַגע זיך אָן צו פאַרבעסערן, און ס'באַווייזן זיך שוין אפילו די ערשטע גבירים, האַלט נאָך אָן דער אינטערעס צום קולטורעלן אויסלעבן זיך. אין דעם זעלבן ראָמאַן געפינען מיר אַ באַשרייבונג פון דער ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געפונען אין א זייטיקן צימער פון דעם ברחבותדיקן פיין־אויסגעמעבלירטן יידישן קלוב:

„דער ערשטער צימער איז געווען גרויס און מיט פיינע מאַלע־

רייען אויף די ווענט, פון וועלכע עס האָבן אַראָפּגעקוקט די בילדער פון מענדעלען, פּרצן, און שלום עליכמען.

מענדעלע דער זיידע האָט געשמייכלט צו די אייניקלעך די קונדסים, וואָס האָבן זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף די מעקסיקאַנער בערג און לייענען זיין „קליאַטשע", „פישקע דעם קרומען" און די „מסעות בנימין השלישי"...

עס האָט געקוקט דער גוטמוטיקער טאַטע פּרץ אויף זיינע קינדערלעך; ווייט פון דער היים, האָבן זיי דאָך הנאה פון פאָלקס־טימלעכע געשיכטן. און שלום עליכם האָט אראָפּגעלאַכט צו זיינע מנחם מענדלעך, וואָס האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט צו אַזאַ שיינעם קלוב, וואָס אין דער היים האָבן זיי אַזעלכן אַפילו אין חלום נישט געזען...

די באַזוכער אין קלוב זענען געווען פון אלע מינים: אויפגעקר־מענע גבירים און עמך־לייט; יונגע, זאָרגלאָזע, שטיפערישע און אויך פאַרחלומטע, וואָס פלעגן פאַרבייגיין דעם גרויסן זאַל מיט די געמאָלן און בילדער אויף די ווענט און די ווייסע שטולן אין אַלע ווינקעלעך און אפילו דעם בופעט מיט כל־טוב, און גלייך אַריינגיין אין ביב־ליאָטעק בייטן אַ בוך."

אין 1932 איז אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון די מעקסיקאַנער יידן פאָרגעקומען, בעל־כרחך, א פונדאַמענטאַלע ענדערונג. אַלע יידישע פּעדלער (גאָר אַ באַדייטנדיקער טייל פון דעמאָלדיקן יידישן ישוב) זענען אראָפּגעטריבן געוואָרן פון די מערק, ווו זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט קליין־האַנדל אָדער פעדלעריי. אויף אַזאַ אופן זענען יידן געצוווּנגען געוואָרן צו זוכן זיך אַ פעסטערן עקאָנאָמישן באָדן דורך עפענען געשעפטן אָדער קליינע ווארשטאַטן אין פאַ־בריקלעך. הקיצור, דאָס, וואָס איז אויפן ערשטן בליק באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אומגליק, איז גאָר געווען דער אָנהויב פון דעם יידישן עקאָנאָמישן באַרג אַרויף אין מעקסיקע. עס האָט זיך אָנגע־הויבן די צייט פון „אַרויפאַרבעטן זיך", אַ פּראָצעס, וואָס איז דורך דער מלחמה פילפאַך פאַרשנעלערט געוואָרן.

אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן דער עקאָנאָמישער אויפבלי פון ישוב, האָט נאָך דער שטאַרקער אינטערעס צו קולטור־טעטיקייטן אָנגעהאַלטן אין דער זעלבער מאָס, וואָס פריער, ביז בערך 1938. מען האָט נאָך אַלץ גע־

## מעקסיקאנישע רעפלעקסן

קענט טרעפן אויף רעפעראטן אדער אנדערע קולטורעלע ארויס־טרעטונגען פון לאקאלע קולטור־טוער און אינטעליגענטן א דריי־פיר הונדערט מענטשן, און ווען עס האט זיך געהאנדלט וועגן געסט פון אויסלאנד, זענען זיבן־אכט הונדערט צוהערער געווען א געוויינלעכע דערשיינונג.

דאס איז אפשר געווען א פועל יוצא דערפון, וואס דער עקאנאמישער אויפשטייג פון ישוב איז פארגעקומען אין א בהדרגהדיקן, לאנגזאמען טעמפא, און זיין ווירקונג אויף דער פסיכיק פון דעם זיך ארויפארבעטנדיקן עולם, האט זיך נאך ניט געלאזט שטארק פילן.

ווי די זאך זאל ניט זיין, האבן נאך אין יאר 1937, צום ביישפיל, די גאסט־שפילן פון זיגמונט טורקאוו, צוגעצויגן א ריזיקן עולם, וואס האט, זונטיק איין, זונטיק אויס, אנגעפילט דעם גרויסן זאל פון דעם טעאטער, ווו ער און זיינע מיטשפילער (לאקאלע פראפעסיאנאלן און אמאטארן) האבן געגעבן פארשטעלונגען.

### סימפטאמען פון בארג אראפ

משה רובינשטיין, דער רעדאקטאר פון דער שטימע, ווייזט אן אויף דער נישט נארמאלער דערשיינונג, וואס דער מעקסיקאנער קליינער ישוב, מיט א באפעלקערונג, וואס דערגרייכט אפילו נישט צו צוואנציק טויזנט נפשות, דערלויבט זיך דעם לוקסוס פון האבן זעכציק געזעלשאפטלעכע ארגאניזאציעס און אינסטיטוציעס. ער באמערקט דערביי, אז גראד מיט דעם אומנארמאלן וואקסן פון דער צאל געזעלשאפטן, גייט האנט אין האנט א פארמינערונג פון באמת פרוכטבארער געזעלשאפטלעכער טעטיקייט (1).

אין זיין אפהאנדלונג „יידן אין מעקסיקע", וואס ער האט פארעפנטלעכט אין די צוקונפט (יוני, 1944) שטעלט זיך אפ רובינשטיין אויף דעם פאקט, אז אין די לעצטע עטלעכע יאר איז קיין יידיש טעאטער אין מעקסיקע שוין כמעט ווי נישט געווען, און ער דערקלערט עס אויף א טרעפלעך־איראנישן אופן:

„עס פילט זיך נישט קיין נאכפרעג אויף דעם ארטיקל און במילא ווערט ער נישט פראדוצירט — רעדנדיק מיטן קאמערציעלן לשון, וואס איז, דוכט זיך, דער פארשטענדלעכסטער ביי אונז".

נישט וויניקער באלערנד איז אן ארטיקל, וואס איז פארעפנט־

# ס אַ ל אָ מ אָ ן   ק אַ ה אַ ן

לעכט געוואָרן אין  וו ע ג  וועגן דעם פאַרוואָס דער רחבותדיקער לאָקאַל פון דעם נישט לאַנג צוריק אויפגעבויטן „קולטור־צענטער", פּוסטעוועט גאַנצע וואָכן און חדשים:

מען טאָר נישט פאַרגעסן אויף קיין איין מינוט, אַז די צייט ווען טאַקובאַ 15 (דער פריערדיקער לאָקאַל) האָט געגלאַנצט אַלץ ווען דער „קלוב" פון „יאַנג מען" איז געווען אַ באַליבטער און פּאָפּולע־רער אַדרעס פאַר אונזער גאַנצן ישוב, איז גלייכצייטיק געווען די צייט פון יידישער אימיגראַציע, פון יידישער „גרינקייט" אין דער נייער מעקסיקאַנער היים. יידן האָבן דאַן נאָך געזוכט אַ וואַרעמע היימישע סביבה. זיי האָבן נאָך דאַן געדאַרפט אויפזוכן און געפי־נען „שיפסברידער", לאַנדסלייט, חברים און באַקאַנטע, פאַר וועמען צו אַראָפּרעדן זיך פון אָנגעלאָדענעם האַרצן, אָדער בעטן אַ גמילת חסדל. היינט איז דאָך דאָס אַלץ אַנדערש. די „גרינע" האָבן זיך אויסגעגלעט, זיי דאַרפן שוין מער נישט אָנקומען צו היימישע לאַנדסלייט, אָדער צו גוטע ברידער. היינט האָבן זיי עקאָנאָמיש זיך אַרויפגעאַרבעט, זיי האָבן אייגענע גרויסע געשעפטן און פאַבריקן. אין די פרייע אָוונטן האָבן זיי בילכערע זאַכן וואָס צו טאָן, איידער אַריינכאַפּן זיך הערן אַ יידיש וואָרט אין אַ יידישן לאָקאַל, אָדער ליינען אַ יידישע צייטונג. דער פּאָקער, בעוונותינו הרבים, ברענט אונטער די הענט. די קינאָס זענען פול מיט יידישע באַזוכער און אויף די פאָרשטעלונגען פון די ביליקע און געשמאַקלאָזע „רעוויס־טאָס" אין „ליריקאָ" אָדער אין „פּאַלים" קען מען טרעפן יעדן אָוונט פיל אחינו בני ישראל...

אָט דאָ ליגט דער גרונט־אונטערשייד, און דערפאַר פּוסטעוועט דער זאַל פון יידישן קולטור־צענטער און — הלוואי זאָלן מיר זיין פאַלשע נביאים — ער וועט אין דער צוקונפט אויך זיין ליידיק, כל זמן אונזערע יידן וועלן זיך נישט אַרומזען און אויפהערן יאָגן זיך נאָכן עגל הזהב...

די זעלבע לאַגע ווערט באַשריבן אין אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטן „בריוו צו שלום עליכם", וואָס דער זשורנאַליסט און געזעלשאַפט־לעכער עסקן א. ז. בערעביטשעז האָט פאַרעפנטלעכט צום דריי־סיקסטן יאָרצייט פונם גרויסן יידישן שרייבער.

ווען איר וואָלט זיך געקענט אַראָפּכאַפּן אין אונזערע מקומות וואָלט איר געזען דאָס וואָס פון די אַמאָליקע קאַסרילעווקער יידן איז

געוואָרן, ווי זיי שרפענען דאָ אַ וועלט, ווי מען דערגרונטעוועט זיך צו די דרייצן פאַסן, ווי, פון פיניעס געשעפטן שאַרט מען דאָ גאָלד. טינט איז טינט און לימאָנאַד איז לימאָנאַד, פראָשקעס פאַר וואַנצן און מייז, איז גאָר א געהויבענע ביזנעס וכדומה, אַזעלכע מלאכות פון וועלכע אייער מאָטל פּייסי דעם חזנס דערציילט מיט אַזאַ בטול, דאָ האָבן די געשעפטן באַקומען תיקון, ווער שמועסט שוין וועגן פאַפירן, אַקציעס, הייזער, מאַיאָנטקעס, צוקער און האָלץ — דאָס זענען אַלץ געשעפטן מיט וועלכע מען גייט אַוועק העט, העט...

מיר געדענקען אייערע דאַטשעס, די דאַטשניקעס, די רעסטאָ־ראַנען, די נסיעות צו די דאַטשעס און די לופט, „וואָזדוך", ווי איר פלעגט דאָס רופן. איז גלויבט מיר, אַז אייערע דאַטשעס און גאַנצע קלאָפּער געצייג איז געווען, ווי זאָל איך אייך זאָגן, ווי אַן אָרעמע פלאַטקע קעגן דעם לויתן, ווי טוביהס אײדעס קעגן פּאָליאַקאָוון, אין פאַרגלייך מיט אונזערע דאַטשעס דאָ אין מעקסיקע.

ווען איר קענט כאַפּן אַ קוק אויף אונזער קוערנאַוואַקאַ, קואַ־טלאַ, סאַן כאָסע פּורואַ וכדומה, וואָס ס׳קומט אוים חלילה צו ברעכן אַ צאָן, איידער מען זאָגט אַרויס די נעמען, ווען איר זעט אונזערע דאַטשעס און זייערע שטאָט־געסט מיט זייער לשון, מיט זייערע נעמען, מיט די מאכלים, וואָלט איר געהאַט צו שרייבן און שרייבן און יידן וואָלטן געהאַט צום לאַכן אויף דורות.

היינט אונזערע גבירים, וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבן געהאַט אייערע בראָדסקים אקעגן אונזערע, כ׳האָב פאַרגעסן ווי מען רופט זיי, ווען איר כאַפּט זיך אַריין צו אונזער א גביר, וואָלט איר געוווסט, וואָס איז דער טייטש חי געלעבט, מיט די אימפּאָרטירטע מעבל מיט די פערסישע טעפּיכער, מיט די פאַרגליווערטע פלעשער ווייך, מיט די צעיורענע טאָרטן, מיט די פעטע פופיקלעך, העלדזלעך און פּאָלקעס, וואָס מען רייבט אַריין, און ווי מען נעמט זיך נאָכדעם צום שיינעם באַלעבאַטישן תהילים אויף די גרינע טישלעך און מען גיט ינא במנך', און מען צעשרייט זיך „קאַרטו פּאָדאַוואַי", און מען קלאַפּט אין טיש אַז די ווענט ציטערן און ס׳איז ווי האָט ער געזאָגט, א רוח זאָל אַריינפליען אין זייער פאָטערס זון אַריין.

און ווען איר זעט נאָך אונזערע חתונות, בריתן, יובילעאומס און גלאַט באַנקעטן, לאָנטשן, מיטאָגן, וכדומה, וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבן געהאַט די וועטשערעס ביי די יעהופּיצער בעלי בתים קעגן

למשל א מיטאָג ביי אונזער אַ מענטשן. היינט חתונות ביי אונז; ווייל וויסן דאַרפט איר, אַז ביי אונז באַנוגנט מען זיך נישט מיט איין חתונה, ביי אונז איז דער ענין חתונה אַזוי אָנגעלייגט אַז מען פראַוועט אַ צענ־יאָריקע חתונה, אַ 25־יאָריקע חתונה, בקיצור, מען האַלט אין איין חתונה האָבן. און די החתונה ווי איר ווייסט דאָך, איז בלומען און טאָרטן, וויינען און יישיק, היינט מתנות, אַ באַרג מיט מתנות. (2).

## פּוּף פון דעם האָניק־חודש

אַ רייע סאָציאַל - עקאָנאָמישע און סאָציאַל - פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרן באַווירקן דעם איצטיגן מצב פון דעם יידישן קולטור־לעבן אין מעקסיקע.

ס׳איז אן אָנערקענטער אמת, אַז אין די מזרח־אייראָפּעישע ישובים, פון וואַנען כמעט אַלע יידיש־רעדנדיקע אימיגראַנטן זענען געקומען, איז דער יידישער אַרבעטער געווען דער וויכטיקסטער קאָנסומענט פון דער מאָדערנער יידישער קולטור. מיט געציילטע אויסנאַמען, וועלכע ווערן בטל בשישים, זענען אין מעקסיקע קיין אַרבעטער נישט בנמצא.

דער בליץ־שנעלער עקאָנאָמישער אויפבלי פון ישוב זינט 1939 האָט ווי אַ רעזולטאַט אַרויסגעבראַכט די אָפּשוואַכונג פון זיין פאָלקס־טימלעכן כאַראַקטער, וואָס קומט צום אויסדרוק אין פאַרשידענע פאָרמען:

אַ באַדייטנדיקע צאָל געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פירט לעצטנס די קאָרעספּאָנדענץ שוין נישט אויף יידיש, נאָר אויף שפּאַניש. אויף געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענקומען הערט מען שוין גאַנץ אָפט קיין איין יידיש וואָרט נישט. איינע פון די רעפּרעזענטאַטיווסטע יידישע אָרגאַניזאַציעס פירט שוין זינט אַ געוויסער צייט אירע זיצונגען אויף שפּאַניש, נאָר צוליב דעם, וואָס אין איר פאַרוואַלטונג גייען אַריין צוויי אָדער דריי ספרדישע יידן און איינער אָדער צוויי דייטשע יידן.

ס׳האָבן זיך שוין אויך באַוויזן די ערשטע סימנים פון שפּראַכלעכער אַסימילאַציע אין די יידישע היימען. דאָרט הערט זיך די יידישע שפּראַך אַלץ וויניקער. די עלטערן, אַנשטאָט צו פירן די קינדער

און זיין זייערע מדדיכים אויפן וועג צום אויסלעבן זיך אויף יידיש, גייען בעסער אויפן וועג פון „קלענסטן ווידערשטאנד" און שלעפן זיך שפּראַכלעך נאָך נאָך זייערע קינדער, וואָס רעדן די שפּראַך פון דער דינסט און פון דער גאַס.

בײַסלעכווייז הויבן מעקסיקאַנער יידן אָן אויך צווישן זיך צו רעדן שפּאַניש. ס'איז געווען אַרויסצוגיין אין אַ זונטיקדיקן פרימאָרגן אין דעם פּאַרק פון דער יידישער געגנט („היפּאָדראָמאָ", וואָס די מעקסיקאַנער האָבן אגב אורחא א נאָמען געגעבן „תל-אביב") כדי זיך אין דעם צו איבערצייגן.

טראַגי-קאָמיש איז אין די לעצטע יאָרן געוואָרן די באַציונג פון דעם יידישן „אַלרייטניק" צו די לאָקאַלע יידישע קולטור-כוחות און צו דער לאָקאַלער יידישער אינטעליגענץ בכלל. ער גייט „פּרינציפּיעל" נישט צו קיין קולטור-אונטערנעמונגען, אָבער ס'איז אינגאַנצן אוממעגלעך אים איבערצורעדן, אַז ער זאָל קומען הערן א רעפעראַט צי וועלכן ס'איז אַנדערן קולטור-אַרויסטריט פון אַ לאָקאַלן פּרעלעגענט אָדער רעדנער. אָן אָן „אויסלענדישער מאַרקע" רירט ער זיך איבערהויפּט נישט פון דער היים. בלויז א ניו-יאָרקער „גדול" האָט ווען ס'איז שאַנסן, אַז ער זאָל אים קומען הערן.

וועגן אָט דעם מין סנאָביזם שרייבט אַ. ז. בערעבימשעז (3):

**„פּוסטעווען ביי אונז די לאָקאַלן. אין קולטור-קלוב אויף קובא 81, אין דער פאָלקס-ליגע, אין נדחי ישראל, ביז וואַנען דער אויבערשטער איז זיך מרחם און עס קומט אַ גאַסט אויף אַ ווייל און אויב דער גאַסט פאַרווילט נישט צו לאַנג, ווערן זיינע אָוונטן גוט באַזוכט. מאָלט אייך אַז די היגע עסקנים דאַרפן אויך צולייגן אַ האַנט, דאָס הייסט אַרומלויפן מיט א פּאָר וואָכן פריער און פאַרקויפן „אַבאָנאָס" בילעטן. ווען נישט די פּאָר „אַרומלויפער", איז דאָס אויך נישטאָ."**

ווען מען בלעטערט די מעקסיקאַנער יידישע צייטונגען פון די לעצטע עטלעכע יאָר, באַמערקט מען טאַקע אַנאָנסן וועגן רעפעראַטן אָדער אַנדערע קולטורעלע אונטערנעמונגען, נעמען כמעט אויסשליסלעך פון אויסלענדישע געסט.

דאָס הייסט אָבער נישט, אַז אָט די אַלע פּרעלעגענטן זענען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין מעקסיקע ספּעציעל צו טאָן קולטור-אַרבעט. אַזאַ זאַך איז מעגלעך געווען „אַמאָליקע יאָרן", אין די אמאַליקע גוטע צייטן פון דעם אימיגראַנטישן פּעריאָד, אָבער נישט איצט,

# פּ אַ ל אָ מ אָ ן   ק אַ ה אַ ן

ווען ס׳איז פיל מער כאַראַקטעריסטיש פאַרן ישוב יוסף וויניעצקים באַשרייבונג (אין דעם שוין דערמאָנטן ראָמאַן ב אַ ג י נ ע ן) פון אַ „פּראָסטן מיטוואָך" אָוונט אין דער היים פון דורכשניטלעכן יידישן דערפאָלגרייכן געשעפטסמאַן אָדער אינדוסטריאַליסט:

„בערנאַרד אייזענבערגס רייכע רעזידענץ איז גאָר גיך געוואָרן דער צענטער פון דער אַריסטאָקראַטיע אָדער „גביראָקראַטיע", ווי לצים האָבן אָפּגעלאַכט פון די אויפגעקומענע גבירים, וואָס האָבן אין זכות פון זייערע דערוואַרבענע פאַרמעגנס, זיך געהאַלטן פאַר גאַנצע אַריסטאָקראַטן און די איינציקע דעה־זאָגערס אינם קהלשן לעבן.

יעדן אָוונט זענען אינם גרויסע, העל־באַלויכטענעם זאַל, אַרום אַ גרויסן, מיט כל־טוב באַדעקטן טיש, געזעסן מענער און פרויען פון פאַרשידענעם עלטער, אַלע זאַרגלאָזע, צופרידענע, ווייל דאָס לעבן האָט זיי געגעבן מיט אַברייטער האַנט... זענען זיי געזעסן ביי אַ גלעזל טיי מיט צובייסן און האָבן געשפּילט אַ קערטל, מיטן איינציקן ציל צו פטרן די איבעריקע פרייע צייט, און אויב מען האָט דערביי געוווּנען אָדער פאַרלוירן אַ ביסל געלט. האָט עס אַ ווערט?..."

אויב אויסלענדישע געסט מיט חשובע נעמען האַלטן פאַרט פון צייט צו צייט רעפעראַט אָדער טרעטן ארוים אויף קולטור־אונטער־נעמונגען, ליגט דער סוד דערפון אין די „אַקציעס".

דאָס, וואָס ווערט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין קאַנאַדע אָנגערופן „קאַמפּיין", הייסט אין מעקסיקע „אַקציע". אָט די „אַק־ציעס" זענען אפשר דער וויכטיקסטער לעבנס־נערוו פון דעם מעק־סיקאַנער יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן בכלל.

„מיר האָבן ביי אונז אין מעקסיקע געסט פון פאַרשידענע ריכ־טונגען און פון פאַרשידענע קאַנטן; געסט, געסט... פון אַלערליי קאַליברן, אַלערליי אנשויאונגען און פון די באַזונדערע פּאַרטייען אין יידישן לעבן" (4) און דער דיכטער און זשורנאַליסט יעקב גלאַנץ רעכנט אויס אַ סך נעמען פון געהויבענע אויסלענדישע געסט, וואָס זענען געקומען קיין מעקסיקע אין פאַרלויף פון 1944: חיים גרינבערג, אברהם ביק, זישע וויינפּער, יעקב באַטאַשאַנסקי, עטלע־כע רבנים, דר. טאַרטאַקאָווער, דר. נחום גאָלדמאַן, דר. גראַנאָווסקי, משה פּאָליאַקעוויטש, אייסוראַוויטש, מאַרק יווילער, ב. געבינער, דר. לייב וואָלמאַן, משה כיץ, ברוך צוקערמאַן, דוד ווערטהיים. (צו דער ליסטע דאַרף מען נאָך צוגעבן הרב מ. קירשבלום, יעקב פּאַט און דר. קובאָוויצקי.)

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

מיט אויסנאַם פון יעקב באַטאַשאַנסקי׳ן, וואָס איז ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט געוואָרן דורכן „קולטור צענטער“ צו האַלטן דריי רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע טעמעס, איז קיין איין איינציקער פון די אויסגערעכנטע געסט נישט געקומען אַהער מיטן צוועק צו טאָן קולטור-אַרבעט. דער גרעסטער טייל פון זיי איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון די אַנטשפּרעכנדיקע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, כדי צו פּראָקלאַמירן (און אין געוויסע פאַלן אויך דורכצופירן) אַקציעס, צו געבן אָנווייזונגען אין אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן, אָדער דורכצופירן (אָפענע אָדער פאַרשטעלטע) פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע.

עס איז נאַטירלעך, אַז אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס ברענגען אַראָפּ די געהויבענע געסט פון ניו-יאָרק פאַר זייערע אייגענע פּראַקטישע צוועקן, זאָלן זיין פאַראינטערעסירט צו שטעלן זיי אין אַ וואָס מער דירעקטן קאָנטאַקט מיטן לאָקאַלן עולם. און וואָס קען נאָך זיין פאַר אַ בעסערער מיטל, ווי צו לאָזן זיי רעדן פון דער עפנטלעכער טריבונע אין גרויסן זאַל פון דער אָדער יענער געזעלשאַפט? פון אָט דער נויטווענדיקייט קומען אַרויס די אויפטריטן פון די חשובע אויסלענדישע געסט. משום שלא לשמה בא לשמה. אָבער ווען מען שטודירט דורך די אַנאָנסן פון אָט די אַלע לעקטאָרן, דערזעט מען ווי ווייניק עס ווערן דאָרט דערמאָנט טעמעס, וואָס האָבן אַ שייכות צו יידישער קולטור. די גרעסטע צאָל אויפטריטן איז געווידמעט פּאָליטישע פראַגן אָדער פּראָבלעמען פון רעטונג.

די באַזוכן פון די געסט פון אויסלאַנד זענען אַזוי אַרום אַ גאַנץ קליינע הילף פאַר דעם קולטור-לעבן פון ישוב. יידן בלייבן ווייטער ביי זייער „פאַרגעסנקייט און זאַטקייט“, און אַלץ בלייבט ביים אַלטן. און דאָס „אַלטע“ איז גוט כאַראַקטעריזירט געוואָרן דורך א. ז. בערעביטשעז: (5).

אויפן מעקסיקאַנער יידישן קולטור-פראָנט איז לעצטנס שוין צו שטיל . . .

וואָלט מיר זיך געקאָנט פאָרשטעלן אַ שטאָט אין ליטע למשל, ווו עס געפינען זיך ביי אַ פופצן טויזנט יידיש-רעדנדיקע יידן, ווו עס זאָל ניט פאָרקומען עטלעכע רעפעראַטן איבער דער וואָך, א פאָרשטעלונג, אַ לעקציע, אַ דיסקוסיע אָוונט אאַז״וו? און ביי אונז איז אַזוי שטיל, צו שטיל.

איז אויב מיר זאָלן וועלן אויסרעכענען אונזערע קולטור-טעטי-

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

קיימן דאָ אין מעקסיקע וואָלטן עטלעכע פינגער פון איין האַנט גע־בליבן נישט פאַרבויגן...

און לאָמיר נעמען אונזערע ביבליאָטעקן, פאַראַן ביי אונז אַ פיר, פינף, אָבער די צאָל לייענער איז אַ נישטיקע. אָט די יידישע ביבי־ליאָטעקן וועלכע האָבן אויפגעהאָדעוועט א פאָר דורות יידישע אינ־טעליגענטן, זענען דאָ ביי אונז אין מעקסיקע געבליבן ווי אַ אבן שאין לה הופכים...

אַזוי ווי עס גייט איצט ביי אונז, וועלן מיר פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ישוב פון „געבער" „נאָך אַ שלאַק איז שוין דאָ, נאָט אייך א הונדערטער און פאָרט געזונטערהייט". מיטן געבן די פאָר רובל וועלן מיר יוצא זיין מיט יידישקייט, און מיר וועלן זיך רואיק קענען שלאָפן אין געמויזאַכץ...

### די באַציונג צו יידיש

אַלע אויפמערקזאַמע באַאָבאַכטער פון מעקסיקאַנער יידישן לעבן, ספּעציעל פּעדאַגאָגן, שרייבער און זשורנאַליסטן, זענען איינ־שטימיק, אַז דאָס יידיש־רעדנדיקע מעקסיקע טרעט איצט אַריין אין אַ פאַזע פון שפּראַכלעכער אַסימילאַציע. געמיינט איז מיט דעם נישט דער יונגער דור, וועלכער רעדט ד ו ר כ ו י ם שפּאַניש, נאָר טאַקע דער אימיגראַנטן־דור, דער זעלבער וואָס האָט נאָך ביז מיט אַ יאָר זיבן־אַכט צוריק אָנגעפילט גרויסע זאַלן, צו הערן רעפעראַטן אויף קולטורעלע טעמעס, ווי אויך אַנדערע אַרויסטריטן אויף יידיש.

א. ז. בערעביטשעז כאַראַקטעריזירט דאָס אין זיין אויבנדער־מאָנטן „בריוו צו שלום עליכם" אַזוי: „דערפאַר ליגט ביי אונז טיף אין דער אדמה די יידישע שפּראַך".

דער פּעליעטאָניסט אברהם ווייסבוים, וועמענס פּעליעטאָנען אין וו ע ג זענען אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון אינפאָרמאַציע פאַר דעם קולטור־היסטאָריקער פון דעם מעקסיקאַנער יידישן ישוב, גיט אין זיין פּעליעטאָן „מעקסיקאַנער יידיש" אַזאַ כאַראַקטעריסטיק:

מיר יידן אַקלימאַטיזירן זיך אין א נייַ לאַנד האַסטיק און מיט אימפּעט. מיר אַסימילירן זיך מיט אַ מאָדערנעם טעמפּאָ, גיך, גיך. מיר האָבן קיין צייט נישט. די מעקסיקאַנער אַנטיסעמיטן האָבן באמת אויסגעטראַכט אַ בלבול, אַז מיר יידן ווילן זיך נישט אַסימילירן. אדרבא, פונקט פאַרקערט! יידן אַסימילירן זיך אין אַ נייעם לאַנד א סך גיכער ווי אַנדערע אימיגראַנטן.

## מ ע ק ס י ק אַ נ י ש ע   ר ע פּ ל ע ק ס ן

אין דעם זעלבן פעליעטאָן דערציילט וויַיסבוים וועגן א יידישן יינגעלע, וועמענס פאָטער האָט זיך פּאַר אים, וויַיסבוים׳ן, באַרימט, אַז זיין זון רעדט אַ „גוטן און געשמאַקן יידיש”. איז ער טשיקאַווע געווען צו כאַפּן אַ שמועס מיטן יינגל, און פרעגט אים:

— קענסטו רעדן יידיש?

— סי סעניאָר, און פּאָקיטאָ (יאָ הער, אַביסעלע)

— ווי אַלט ביזטו?

— כ׳גיי קאָמפּלעטירן דאָסע אַניאָס (איך וועל אינגיכן אַלט ווערן צוועלף יאָר)

—קענסטו עפּעס יידישע געשיכטע?

— סי, אברהאם איז געווען א איזראעליטאַ און מויזעס האָט געגעבן די יידן די דיעז מאַנדאַמיענטאָס... (עשרת הדברות)

און אין אַ צווייטן פעליעטאָן, מיטן כאַראַקטעריסטישן נאָמען: „אונזער יידישן לשון, נעבעך(5)... גיט וויַיסבוים איבער, דעם פּאַל-גנדיקן אויטענטישן פאַקט:

**איך האָב אַנומלט גערעדט מיט אַ יונגן בחור, אַ טאַטנס אַ קינד... דער פאָטער זיינער איז א יידישיסט, מיט אַ יידישער ביבליאָטעק אין דער היים. איז ווען איך האָב זיך צו אים געווענדט אויף יידיש, האָט ער מיר געענטפערט בייז: — סעניאָר פּאָר פאַרוואָר, נאָ מע האַבלע ען טשינאָ! (רעדט ניט צו מיר קיין כינעזיש).**

די יונגע סאלא, די מוטער פון דעם פינף יאָריקן מיקי, פון דער דערציילונג: „מיקים גאָם” (אין משה רובינשטיינס בוך מ ע ק ס י-ק אַ נ ע ר ט ע מ ע ם), איז א שפּיגל פון אַ גרויסער צאָל מעקסי-קאַנער יידישע מוטערס:

**דער נאָמען מיקי איז דער מאַמען זייער געפעלן געוואָרן. עס איז צערטלעך און מעקסיקאַניש און זייער לייכט אַרויסצורעדן.**

**קוועלט זי די יונגע סאַלאַ פון איר יינגעלע און זעט אין אים די גאַנצע וועלט. מיטן מאַן רעדט זי רוסיש, מיטן זונעלע שפּאַניש און איר גאַנצער לעבן האָט מיט יידישקייט גאָרנישט צו טאָן. ביי אירע עלטערן אין שטוב קומט איר אוים אמאָל צו באַנוצן אַ יידיש וואָרט, ווען זי וויל עפּעס זאָגן איר מאַמען, מיקים באָבען, א חכמהלע פון איר אוצר, אַז ער זאָל נישט פאַרשטיין.**

אַנהויבן הויבט זיך אָן די שפּראַכלעכע אַסימילאַציע מיט דעם מעקסיקאַניזירן די יידישע נעמען. ווען מען לייענט אין די צייטונגען

די אַנאָנסן מיט די גראַטולאַציעס צו אַלערליי שמחות, וואָס מעקסיקאַנער יידן פּראַווען ביי יעדער געלעגנהייט, ווערט מען נשתומם פון דעם, ווי ווייט מעקסיקאַנער יידן זענען שוין אין דער דאָזיקער היגזיכט פאַרפאָרן. אַ באַגריף וועגן דעם גיט א. ז. בערעביטשעז (2).

אין אייערע צייטן האָט איינער, וועלוול למשל, געדאַרפט דורכגיין שבעה מדורי גיהנום, ביז וואַנען פון וועלוול איז געוואָרן וולאַדימיר, ביי אונז מאַכט מען דאָס אַ סך גיכער, אין אונזערע גאַזעטן קען מען לייענען א גרויסן אַנאָנס אַז ביי די חשובע סוחרים, גרויסע מנדבים, באַרימטע כלל־טוער, דאָן (ס׳איז אַ טיטל אַזאַ ביי אונז) פּעדראָ און זיין ווייב דאָניאַ קאַרמעליטאַ איז מיט מזל געבוירן געוואָרן א טאָכטער, וועלכע האָט געקראָגן דעם כשרן נאָמען מאַריקיטאַ: אָדער אַ ריזיקע מעלדונג מיט אַ שיינער „פּיקטשע”, אַז דער פּעיקער תלמיד פון דער שולע אויפן נאָמען פון הייליקן „בעראָנימאָ”, דער באַגאַבטער פידל שפּילער, וונדערבאַרער זינגער, באַליבטער בן־יחיד א.א. פּאַבלאָ אַנדרעס, איז למזל געוואָרן בר־מצוה, און פון זיין געהויבענער דרשה, האָבן לייט געלעקט די פינגער, און די איבערגעגעבענע עלטערן, דער באַוווסטער און א.וו. ה׳ אַנטאָניאָ און זיין זוגתי מרת כאָסעפינא, באַדאַנקען אַלע געסט און לאָזן זיי גריסן גאָר פריינדלעך.

מען דערציילט, נישט לאַנג צוריק איז צום דירעקטאָר פון דער יידישער שול געקומען א יידישע פרוי זיך באַקלאָגן אויף דעם, וואָס איר טאָכטער ווערט געצוווּנגען צו לערנען יידיש און צו פאַרלירן צייט אויף צוגרייטן אין דערהיים לעקציעס פון יידישע לימודים.

ווען דער דירעקטאָר האָט איר דערקלערט, אַז דאָס איז נאַטירלעך און לאָגיש, האָט זי מיט כעס דערקלערט:

„איך שיק מיין טאָכטער אין די יידישע שול, כדי זי זאָל נישט אַרומלויפן מיט שקצים, אָבער נישט, אַז זי זאָל זיך לערנען יידיש און יידישע לימודים”.

צום שבח פון די מעקסיקאַנער יידישע צייטונגען, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זיי פאַרטיידיקן דעם כבוד פון יידיש ענערגיש און ביי יעדער פּאַסנדיקער געלעגנהייט. דער וועג דרוקט אָפּט אַרטיקלען, און פעליעטאָנען, אין וועלכע ס׳ווערט אויפגעקלערט דער אומזין פון שפּראַכלעכער אַסימילאַציע. די שטימע פירט אַ סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע פאַר יידיש.

# מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

## דער יידישער לייענער אין מעקסיקע

דאָס ערשטע, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן, איז דער פאַקט, אַז אין מעקסיקע זענען נישטאָ קיין לייען-קרייזן. דער איינציקער לייען-קרייז וואָס האָט אַ קורצע צייט עקזיסטירט, לאָזט לעצטנס פון זיך שוין נישט הערן. די עטלעכע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן, וואָס עקזיסטירן שוין זינט אַ לענגערער צייט, פוסטעווען, און קיי־נער רירט זיך צו די ביכער נישט צו.

אַ חשובער אויסלענדישער גאַסט, וואָס קען די פאַקטישע סי־טואַציע און ווייסט נישט, אַז דאָס יידיש-רעדנדיקע מעקסיקע געפינט זיך אין דער פאַזע פון אַ קולטורעלן „באַרג אַראָפּ", האָט זיך אויסגע־דריקט אויף אַזאַ מין איראָנישן אופן: „די מעקסיקאַנער יידן האָבן זיך נאָך נישט געניטוג אָנגעגעסן, קענען זיי נאָך נישט טראַכטן וועגן קולטור".

כאַראַקטעריסטיש איז אין דער דאָזיקער הינזיכט דער פאָלגנ־דיקער פאַקט, וואָס א. וויסבוים גיט איבער אין „וועג", אין צו־זאַמענהאַנג מיט דער ביכער אַקציע, פאַר דעם שארית הפליטה אין אייראָפּע.

„נומלט האָבן עטלעכע יוגנטלעכע געקומען אַ ביישטייערונג פון צוויי הונדערט פעזאָס ביי אַ באַקאַנטן יידן, פאַר דער ביכער אַקציע. ווען זיין ווייב האָט זיך וועגן דעם דערוווסט, האָט זי דעם יידן געמאַכט אַ שטיקל סקאַנדאַל: — וואָס האָסטו געגעבן געלט אויף ביכער? האָסטו זיי נישט געקענט אָוועקגעבן די יידישע ביכער, וואָס וואַל־גערן זיך אַרום אין שטוב? ווער דאַרף דיינע יידישע ביכער, ווער? די לייענסט אַ סך ביכער? די קינדער נעמען דען אַ יידיש בוך אין האַנט? שטייט אין שטוב אַ שאַפע מיט ביכער, אַ פאַפירענער מאָ־נומענט, אַ ביכער — מצבה... גיב אַוועק די ביכער דיינע!"

דער דיכטער ז. וויינפער, וואָס האָט שוין עטלעכע מאָל באַזוכט מעקסיקע אין די אינטערעסן פון אַן אַמעריקאַנער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע, און האָט שוין אַ היפּשע דערפאַרונג אין דעם ענין יידישע לייענער אין מעקסיקע, גיט איבער אויף די שפּאַלטן פון „וועג" זענען איינדרוקן:

אַז מען גייט אַריין צו אַ יידישן סוחר פון מעקסיקע און מען פרעגט אים צי ער האָט דערהאַלטן די אויסגאַבן פון „איקוף", דעם זשורנאַל און די ביכער, פרעגט ער:

**— וואָס פאַראַ זשורנאַל? דעם מיט די גרינגע בלעטלעך? אָט אַזאַ באַגריף האָט דער דורכשניטלעכער ייד וועגן די קולטור-אָנשטרענ־גונגען פון יידישע שרייבער. אַלץ רעדוצירט זיך ביי אים צו דעם קאַליר פון די בלעטלעך, ווייל עפּענען אַ זשורנאַל אָדער אַ יידיש בוך און אַריינבליקן אינעווייניק האָט ער נישט קיין צייט און נישט קיין געדולד. טאָ וואָס פאַראַ טענות קען מען האָבן צו די קינדער פון אַזעלכע יידישע עלטערן? (7)**

מער אינטערעסאַנט איז נאָך אפשר די דערפאַרונג פון אַ באַ־קאַנטן מעקסיקאַנער יידישן שרייבער, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויף נסים, און האָט זיך אַליין אַרויסגעלאָזן אין גאַס צו פאַרקויפן זיין בוך.

גייענדיק פון איין יידישן געשעפט צום צווייטן, כדי פאַרצולייגן זיין בוך, האָט ער נישט זעלטן געקראָגן אַזעלכע מיני קבלת פנים (וואָס ווערן דאָ ציטירט וואָרט ביי וואָרט, לויט ווי דער שרייבער האָט זיי איבערגעגעבן):

„אָט גייט שוין נאָך אַ שלעפּער"

„מ'האָט דאָך אָפּגערעדט, אַז היינטיקס יאָר זאָלן שוין מער קיין 'אַקציעס' נישט זיין"

„איך האָב נאָך קיינמאָל קיינעם קיין נדבה נישט אָפּגעזאָגט, אָבער אַזוי פיל וועל איך פאַרן בוך נישט געבן".

„איך דאַרף נישט קיין ווערטער-ביכער"

כדאַי אויך צו דערמאָנען, אַז מער ווי אַ העלפט פון די באַזוכטע פּערזאָנען האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס בוך צו קויפן. איבריגנס, וואָלט דער איינציקער יידישער בוכהענדלער אין מעקסיקע, אַ מענטש מיט אַ ברייטן קולטור-פאַרנעם און מיט אַ באַוווּנדערונגס-ווערטער ענער־גיע ווי אַ פאַרשפרייטער פון יידישן בוך, געקענט דערציילן אינטע־רעסאַנטע פאַקטן וועגן קונים וואָס קויפן בלויז אַזעלכע ביכער, וואָס האַרמאָניזירן צווישן זיך לויט דער פאַרב פון איינבאַנד, אָדער גאָר אַזעלכע וואָס זענען אַלע פון איין מאָס.

מיט געוויסע אויסנאַמען, איז דאָס יידישע בוך אין מעקסיקאַ־נער יידישע היימען בלויז אַ דעקאָראַציע, עס איז בבחינת חנוכה ליכט: מען קוקט אויף זיי און מען באַנוצט זיך נישט מיט זיי...

## קולטור אין שבתדיקע אַנאָנסן

אַן אָפּשאַצונג פון דער מעקסיקאַנער יידישער פרעסע גייט ניט

אַריין אין די ראַמען פון דער איצטיקער אָפּהאַנדלונג. אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל וועט בלויז זיין די רייד וועגן די יידישע צייטונגען, וואָס דערשיינען אין מעקסיקע; די אַנאָנסן — אָפּטיילונגען אין דער מעקסיקאַנער יידישער פרעסע שפּיגלען אָפּ אויף אַ ספּעציפישן אופן, דאָס איצטיקע קולטור-לעבן פון ישוב.

אָט זענען עטלעכע כאַראַקטעריסטישע שטריכן:

דער ווייט-גרעסטער טייל פון יידישע אינדוסטריעלער און סוחרים (וועלכע שטעלן פאַקטיש צונויף דעם יידישן ישוב) איז נישט אַנגעוויזן אויפן יידישן קונה אָדער „קליענט"; יידישע סוחרים און פאַבריקאַנטן לעבן כמעט אויסשליסלעך פון מעקסיקאַנער קונים. דער אָדער פאַבריקן זענען אַזוי זעלטן אין די מעקסיקאַנער יידישע צייטונגען. (דאָס געבן אַנאָנסן אין די דיקע ניי-יאָר און ראש השנה דאָזיקער פאַקט דערקלערט, פאַרוואָס אַנאָנסן פון יידישע געשעפטן נומערן האָט צו טאָן מיטן נישט וועלן אָדער נישט קענען אָפּזאָגן די אַנאָנסן-זאַמלער, און קער זיך מיט פּראַקטישע, קאָמערציעלע אינטערעסן גאָרנישט אָן).

פון דער צווייטער זייט, איז אָבער אַ פאַקט, אַז ביידע יידישע צייטונגען אין מעקסיקע זענען פּריוואַטע אונטערנעמונגען, וואָס גיבן זייערע בעלי בתים אַ גאַנץ באַדייטנדיקע מאָס פון עקאָנאָמישן וווילשטאַנד. די קוואַלן פון זייער הכנסה זענען אַזעלכע:

א. — אַנאָנסן וועגן אַלערליי שמחות, ווי אויך פון לוויות.

ב. — אַנאָנסן און בולעטינען פון געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס.

מען מעג אויך צוגעבן אַ דריטן קוואַל פון הכנסה: דאָס נישט צאָלן, בדרך כלל, קיין האָנאָראַר די שטענדיקע אָדער געלעגנהייטלעכע מיטאַרבעטער.

דער דערמאָנטער פעליעטאָניסט, אברהם ווייסבוים, דערציילט אין איינעם פון זיינע געלונגענע פעליעטאָנען: „אַנאָנסן מיט גראַטולאַציעס": (8)

**„די מעקסיקאַנער יידישע צייטונגען און זשורנאַלן האַלטן זיך אויס פון די אַנאָנסן מיט די גראַטולאַציעס.**

**די אַבאָנענטן פון אַ יידישער צייטונג, זענען דאָס טרוקענע שטיקל ברויט. די אַנאָנסן מיט די גראַטולאַציעס — דאָס שטיקל פוטער מיטן פיצל פלייש . . .**

אַ מעקסיקאַנער ייד איז בטבע אַ ווייכהאַרציקער, צוגעלאָזענער מענטש. ער טראָגט יעדן אַקעגן אַ גוט וואָרט, א ברכה, א ווונטש אויף די ליפּן. ער האָט זייער ליב צו באַגריסן, גראַטולירן, ווינטשן יעדן איינעם דאָס בעסטע און שענסטע, דאָס אייביקע לעבן.

ראש־השנה קאָנט איר געפינען אין ביידע יידישע צייטונגען, אין די פיר ספּעציעלע ראש־השנה זשורנאַלן, זעקס באזונדערע אַנאָנסן און לשנה־טובה־ים פון דעם זעלבן ייד, וואָס ווינטשט זיינע פריינט זעקס מאָל אַ גליקלעך יאָר...

אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר האָבן אונזערע יידישע סוחרים און פאַבריקאַנטן, נישט איבעריק ליב צו געבן קיין אַנאָנסן אין א יידי־שער צייטונג. א סוחר פרעגט באַלד אַזאַ קלאָץ־קשיא: וואָס וועל איך האָבן פון אַנאָנס? וויפל קונים וועט מיר ברענגען דער אַנאָנס?

דערפאַר אָבער, זשאַלעווען נישט די מעקסיקאַנער יידן זייערע אַנאָנסן, ווען עס קומט ראש־השנה, ניי־יאָר אָדער אין א ספּעציעלער אויסגאַבע. מען האַלט דעמאָלט פאַר אַ גרויסע מצוה צו געבן וואָס אַ גרעסערן אַנאָנס. עס ווערט ממש א גערעטעניש אויף אַנאָנסן, ממש א פאַרפלייצונג...

אַ גאַנץ יאָר מוז זיך אַ יידישע צייטונג אויסהאַלטן בלויז פון די גראַטולאַציעס".

די גראַטולאַציעס פאַרנעמען אזאַ וויכטיקן פּלאַץ נישט נאָר פון דעם שטאַנדפּונקט פון די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די אַרויסגע־בער, נאָר אויך פון דעם שטאַנדפּונקט פון די לייענער וואָס זוכן דעם „אינטערעסאַנטן" לייען שטאָף; די „ש ט י מ ע" האָט דארויף רע־אגירט אין דער הומאָריסטישער אָפּטיילונג מיט דער וויטערדיקער באַצייכענונג:

„צווישן פּסח און שבועות אָן די פליישיקע באַגריסונגען, זעען אוים אונזערע צייטונגען פאַרווע".

אַ גלענצנדיקע באַשרייבונג פון דעם ענין גראַטולאַציעס גיט א. וויסבוים, אין זיין אויבנדערמאַנטן פעליעטאָן:

„די שבתדיקע צייטונג איז אויסגעפּוצט, באַשיינט און באַחנט מיט אַ צוויי־דריי זייטן גראַטולאַציעס, און אַמאָל, די שעה זאָל נים זיין, מיט שוואַרצע רעמלעךָה, מיט נעקראָלאָגן.

דעם גרעסטן פּלאַץ אינר שבתדיקן נומער, פאַרנעמען די חתו־נה־גראַטולאַציעס, מיט די גרויסע בילדער פון חתן־כלה, דערנאָך

פון די מחותנים מיט די געסט. און וועלכער גאַסט אויף אַ חתונה, וועט זיך אָפּזאָגן צו געבן אַ גראַטולאַציע?

עס איז אן אָפּגעגעבענע זאַך: הײַנט ביי מיר, מאָרגן, אם ירצה השם, ביי אייך...

דעם צווייטן פּלאַץ אין צייטונג פאַרנעמען די בר מצווה גראַ־טולאַציעס מיט די „פּיקטשעס" פון די בר־מצוה בחורימלעך. און דעם דריטן פּלאַץ פאַרנעמען בריתן, מזל־טובס, און נישט פאַר קיי־נעם געדאַכט, לוויות.

אַז אַ לייענער מאַכט אויף אַ שבתדיקע צייטונג, כאַפּט ער צום ערשט אַ קוק אויף די גראַטולאַציעס, צי איז נישט חלילה אַריינגע־פאַלן אַ גרייז אין זיין גראַטולאַציע...

די ערגסטע צייט פאַר אַ יידישער צייטונג, איז ספירה צייט...

פון פּסח ביז שבועות ווערן מיטאַמאָל אויסגעטריקנט די גראַ־טולאַציעס. אוים חתונות!

דעמאָלט מוזן געבער די זעצערס שווער אַרבעטן. זיי מוזן מער זעצן לייען־מאַטעריאַל פאַר די יידיק געבליבענע זייטן... די רע־דאַקציע — שער נעמט נעבעך, אַרבעטן איבערשטונדן...

דער צווייטער הכנסה־קוואַל פון די צייטונגען זענען, ווי גע־זאָגט, די אַנאָנסן און בולעטינען פון געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַ־ציעס און אינסטיטוציעס.

די עקאָנאָמישע אָפּהענגיקייט פון די אַנאָנסן־געבער, באַווירקט אפשר נישט שטאַרק די רעדאַקציאָנעלע פּאָליטיק פון די צייטונגען, האָט אָבער אָפּט אַ געוויסע השפּעה אויף דער באַאַרבונג פון די נאָטיצן וועגן פּערזאָנען, וואָס פאַרנעמען אַ בכבודיקע פּאָזיציע אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַזעלכע נאָטיצן זענען אָפט, לויט די אַדיעקטיוון און עפּיטעטן, וואָס ווערן אין זיי אָנגעווענדט, גאַרנישט אין פּראָפּאָרציע... לגבי די ווירקלעכע לייסטונגען פון די באַטרע־פנדיקע מענטשן.

די זעלבע עקאָנאָמישע אָפּהענגיקייט מאַכט אויך נישט זעלטן פאַר מעקסיקאַנער יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אוממעגלעך אַרויסצוטרעטן קעגן געוויסע געזעלשאַפטלעכע פּורעניותן מיט אַזאַ שאַרפקייט, ווי זיי וואָלטן עס געוואָלט טאָן.

דער דריטער פאַקטאָר פון דעם בליענדיקן עקאָנאָמישן צו־

שטאַנד פון די מעקסיקאַנער יידישע ציישונגען, פאַדערט נישט קיין סך ווערטער; עס איז גאַנץ פשוט:

די מיטאַרבעטער, שטענדיקע, ווי געלעגנהייטלעכע, באַקומען נישט קיין האָנאָראַר. אַזוי פירט זיך עס שוין יאָרן־לאַנג, אַדאַנק דער טרויעריקער דערשיינונג, וואָס אין מעקסיקע האָבן די יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן, (פון וועלכע קיינער לעבט, עקאָנאָמיש, נישט פון זיין שרייבן פאַר די ציישונגען) נישט באַוויזן צו שאַפן אַ פאַריין, וואָס זאָל פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן.

עס איז געקומען דערצו ,אַז אין איינער פון די ציישונגען האַלט מען אַז אייגנטלעך טוט מען די מיטאַרבעטער אַ טובה, ווייל מען גיט זיי די מעגלעכקייט צו פאַרעפנטלעכן זייערע „שרייבעכצן״... זיי, די שרייבער און זשורנאַליסטן, וואָלטן גאָר געדאַרפט צוצאָלן „פאַרן דרוקן זיי״...

און דאָס איז קיין ווונדער נישט, ווייל גאַנץ אָפט מאַכן די שבתדיקע נומערן פון די מעקסיקאַנישע יידישע ציישונגען, אַן איינדרוק, אַז דער רעדאַקציאָנעלער און ליטעראַרישער טעקסט איז אין זיי בלויז אַן אומפאַרמיידלעכע ביילאַגע צו די אַנאָנסן מיט די גראַטולאַציעס.

**טעאַטער און מוזיק**

שוין לאַנג אַוועק די צייטן, ווען בינע־קינסטלער פון דעם קאַליבער פון זיגמונט טורקאָוו, מאָרים שוואַרץ און אַנדערע, האָבן אַנגעפילט אין מעקסיקע טעאַטער־זאַלן.

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין מעקסיקע זענען דאָ געננוג פעאיקע פראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן נישט נאָר אויף מיטצושפילן מיט אויסלענדישע באַרימטע גאַסטראָליאָרן, נאָר טאַקע אַליין צו שפילן טעאַטער, ציט קיינער פון זיי, שוין זינט היפשע עטלעכע יאָר, זיין חיונה נישט פון טעאַטער ((וועלכער עקזיסטירט נישט מער אין מעקסיקע) נאָר פון האַנדל אָדער אינדוסטריע, ווייל לעבן מוז מען דאָך.

דער אַרגענטינער אַקטיאָר לעאָניד סאָקאָלאָוו איז ערשט נישט לאַנג אַדורכגעפאַלן מיט זיין פרווו צו אָרגאַניזירן אַ יידיש טעאַטער אין מעקסיקע. וועגן די סיבות פון דורכפאַל שרייבט יעקב גלאַנץ:(9)

**„דער ישוב איז אויסגעוואַקסן פון די באַגריפן פון יענע ערשטע אימיגראַנטן־יאָרן; דער עולם האָט זיך צוגעוווינט צו ראַפּקאַשנע היימען, ערשטקלאַסיקע קלובן, ווו צו פאַרווײַלן זיך און פאַרברענ־**

גען אַ פרייען אָוונט; עס זענען אויסגעוואַקסן די „השגות"! עפּעס זוכט מען אויסטערלישעס — און דאָס טעאַטער אונזערס, וואָס האָט נישט קיין געהויבענעם לאָקאַל, ווערט אימפּראָוויזירט, איז אַ צו־פעליקע זאַך. פאַראינטערעסירט ער נאָר ווי „נאָווינע", ווי אַ טשי־קאַווע זאַך. אַ נייער אַקטיאָר, ווי אַ נייער שרייבער, — קומט מען אים זען — און מען טוט אַ טובה!"

אַזוי זעט אויס די לאַגע. נישטאָ אין מעקסיקע קיין פּראָפעסיאָ־נעלער טעאַטער, נישטאָ קיין דראַמאַטישער קרייז פון אַמאַטאָרן, ניש־טאָ קיין האָפנונג, אַז די לאַגע זאָל זיך אין דער דאָזיקער הינזיכט בייטן צום בעסערן.

ווי האַלט עס מיט מוזיק?

נישטאָ אין מעקסיקע קיין איינציקער יידישער כאָר, נישט קיין מאַנדאָלין־אָרקעסטער אפילו. דאָס יידישע פאָלקסליד און יידישע מאָטיוון אין אַלגעמיין, הערן זיך אין מעקסיקע נאָר ווייניק, בלויז איין מאָל אין אַ יובל, אויף שמחות ביי מענטשן, וואָס האָבן נאָך נישט אינגאַנצן איבערגעריסן מיט זייער קולטורעלער איינשטעלונג פון דעם אימיגראַנטישן פּעריאָד.

אָבער נישט נאָר יידישע מוזיק, אויך מוזיק אין אַלגעמיין לאָזט דעם מעקסיקאַנער יידישן עולם קאַלט, סיידן עס קומט אַ באַרימטער יידישער „מישאַ, יאַשאַ אָדער טאָשאַ". דאַן איז עפּעס אַנדערש, ווייל עס שפּילט דאָך א ו נ ז ע ר יאַשאַ חפץ, א ו נ ע ר מישאַ עלמאַן.

מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָט דער יידישער צענטראַל־קאָ־מיטעט, וועלנדיק סטימולירן און שטיצן א יונגן יידישן דיריגענט, וואָס האָט געדאַרפט שטעלן די ערשטע שריט אין זיין קאַריערע, פינאַנסירט צוויי סימפאָנישע קאָנצערטן זיינע מיט דעם מעקסיקאַ־נישן פילאַרמאָנישן אָרקעסטער, אין דעם גרויסן קאָנצערט־זאַל פון דעם „פּאַלאַץ פון די שיינע קונסטן" (דער מעקסיקאַנער „קאַרנעגי האָל"). דאָס איז געווען דעם יונגן קינסטלערס ערשטער אַרויסטריט אין דער עפנטלעכקייט.

ווי האָט דער יידישער עולם רעאַגירט? די קאָנצערטן זענען פאָרגעקומען פאַר אַ כמעט ליידיקן זאַל.

דעם חילוק צווישן מעקסיקאַנער יידן אַמאָל און היינט מאָלט אברהם וויינבוים אין זיין פעליעטאָן „אַמאָליקע יאָרן":

„די מעקסיקאנער יידן, זענען אויך מיט יארן צוריק געגאנגען אין יידישן טעאטער און מעקסיקע... און געזונגען יידישע פאלקס-לידער.

היינט האבן א סך יידן, (שוין גאר, גאר א סך), אויפגעהערט צו גיין, (אין יידישן טעאטער), און אנגעהויבן צו פארן — אויף דא-טשעס...

זיי האבן אויפגעהערט צו זינגען, און אנגעהויבן צו שפילן — אין פאקער...

א סך היגע יידן האבן אויפגעהערט צו זיין מבינים אויף אפע-רעס און קאנצערטן, זענען זיי דערפאר געווארן גרויסע עקספערטן אויף נייע שיינע „קאטשעס", גאר וואזשנע מבינים אויף גרויסאר-טיקע שמחות, רייכע באנקעטן, גרויסע חתונה-מאלצייטן, מיט אריסטאקראטישן לוקסוס, הוליאנקעס... און לוסטיקע, פריילעכע קומפלעאניאס, מיט „רעגאלאס", פאסטעלן מיט מוזיק.

דאס מוזיקאלישע פאלק האט זיך צעטאנצט אונטער די גריל-צנדיקע טענער פון א דזשאז-ארקעסטער..."

צו דעם וועט נאך זיין אינטערעסאנט צוצוגעבן דעם ענטפער, וואס דער שרייבער פון די דאזיקע שורות האט געקראגן פון אן „ארויפגעארבעטן" מעקסיקאנער יידן אויף זיין פראגע, פארוואס מען זעט אים קיינמאל נישט אויף טעאטער-פארשטעלונגען אין די זעלטענע פאלן, ווען אזוינע קומען פאר:

—איך וועל אייך זאגן דעם אמת: מ'האט זיך שוין צוגעוווינט צו ווייכע, פליושענע בענקלעך אין די „סינעס", ווילט זיך שוין נישט גיין אויסזיצן עטלעכע שעה אויף די הארטע בענקלעך אין יידישן טעאטער.

### דער שטיינער — וועג פון יידישן דערציונגס-וועזן

די יידישע שולן אין מעקסיקע, הגם זיי זענען „גאנצע" שולן, אין דעם זין, וואס די שילער פארברענגען דארט זייער גאנצן שול-טאג, זענען זיי אבער נישט ענלעך צו די „פאראקיאל סקולס" אין די פאראייניקטע שטאטן און קאנאדע בנוגע „גאנצקייט", פון ל ע ר ע ר - פ ע ר ס א נ א ל. אין די „פאראקיאל-סקולס" זענען אלע, אדער כמעט אלע לערער יידן. אין די יידישע שולן פון מעקסיקע ווערן אלע אלגעמיינע לימודים געלערנט נישט דורך יידישע לערער.

אַ חוץ דעם האָט יעדע איינע פון די יידישע שולן טאָקע אַן אלגע־מיינעם דירעקטאָר אַ ייד, אָבער זייער פאָלקסשול־אָפּטיילונג און מיטלשול־אָפּטיילונגען האָבן אַ ספּעציעלן דירעקטאָר אַ מעקסיקאַ־נער, וועלכער איז פאַראַנטוואָרטלעך אויסשליסלעך צום מעקסיקאַ־נישן בילדונגס־מיניסטעריום.

די שילער געפינען זיך דעם ווייט־גרעסטן טייל פון זייער שול־צייט אונטער דער השפּעה פון די נישט־יידישע לערער, וואָס רעדן צו זיי זייער, דאָס הייסט די קינדערס אומגאַנג־שפּראַך: שפּאַניש, די איינציקע, וואָס זיי הערן אין זייערע היימען. אָט דאָס איז גורם דעם טרויעריקן פאַקט, אַז דאָס ביסעלע צייט, וואָס די שילער דאַרפן פאַרברענגען אין די קלאַסן מיט די לערער פון יידישע לימו־דים, איז פאַר זיי בלויז אַן אומפאַרמיידלעכער איבעררייס אין זייער וועלט פון שפּאַניש.

אין אַזעלכע באַדינגונגען שלאָגן זיך די יידישע לערער אָן אין אַן אייזערנער וואַנט פון גלייכגילטיקייט צו די יידישע לימודים; הגם זיי מאַכן פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונגען די וואַנט צו ברעכן. די אויפגאַבע איז כמעט אוממעגלעך, ווייל, ווי עס ווייזט אָן ריכ־טיק דער „וועג": „אין זייערע היימען, ביי זייערע אייגענע טאַטע־מאַמע, זענען זיי אָנגעשטעקט געוואָרן פון דער געפערלעכער קראַנקהייט — אַסימילאַציע".

הערט מען טאָקע אין די יידישע שולן זייער זעלטן אַ יידיש וואָרט אין דעם פאַרקער צווישן די תלמידים צווישן זיך. נישט גאַנץ זעלטן מוזן די יידישע לערער פאָדערן, אַז ווייניקסטנס אויף די לעק־ציעס פון די יידישע לימודים זאָלן די קינדער נישט באַנוצן קיין שפּאַניש.

די יידישע לערער מוזן קעמפן קעגן דער ווירקונג פון די נישט־יידישע לערער אין דער שול גופא און קעגן דער שפּראַכלעכער אַסימילאַציע אין דער היים.

עס טרעפן אָבער פאַלן, ווען די נעגאַטיווע ווירקונג פון דעם תלמידים היים גייט אַרויס פון די גרענעצן פון בלויז שפּראַכלעכער אַסימילאַציע, און פאַרנעמט זיך אויף וועגן פון מנהגים־אַסימילאַציע. וועגן דער דאָזיקער דערשיינונג לייענען מיר: (10)

**„נישט איין מכה האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט אויף דעם יידישן פאָלקס־קערפּער דורך דער לאַנגער גלות געשיכטע אונזע־**

רער. אָבער די גרעסטע פּלאָג אונזערע און די וואָס פאַרשאַפט אונז אממערסטן חרפה און ווייטיק, איז, זיכער, די צרה פון יידישן נאָכ־מאַלפּעווען און נאָכטאַנצן די קריסטלעכע מנהגים. אין די טעג צווי־שען קריסטלעכן ווינאכט יום־טוב און וועלטלעכן ניי־יאָר קומט בולט אַרויף אויף דער אויבערפלעכלעכקייט אונזער דאָזיקע אַנאָ־מאַליע און כאָטש נישט איין יידישער שרייבער און וואָרטזאָגער האָט שוין אַלאַרמירט קעגן דער שענדלעכער דערשיינונג, איז נאָך אַלץ נויטיק צו נעמען אַ וואָרט וועגן דעם.

צווישן די היגע יידן דערציילט מען, אַז אַ סך יידישע הייזער פון די אַזוי גערופענע „אַרויפגעאַרבעטע" און פון אונזערע סנאָבי־שע „אַלרייטניקעס" זענען באַפּוצט געוואָרן מיט „אַרבאָלעס דע נאַ־ווידאַד". אונז אַליין איז אויסגעקומען צו זען, ווי יידן — און פשוטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר — האָבן איינגעהאַנדלט „פּיניאַטאַס" פאַר זיי־ערע אייניקלעך. („אַרבאָל דע נאַווידאַד איז אַ „קריסמעס"-בוים; „פּיניאַטאַס" זענען ליימענע טעפּלעך מיט פרוכטן און זיסקייטן פאַר קליינע קינדער. די טעפּלעך ווערן בשעת אַ ספּעציעלער שפּיל צעבראָכן, און דאָס נאַשוואַרג ווערט צעכאַפּט דורך די קינדער. „פּיניאַטאַס" איז אין מעקסיקע דער פּאָפּולערסטער מאָמענט פון דער „קריסמעס"-פייערונג. — ס. ק.).

די „פּיניאַטאַ" איז אין אַזעלכע היימען עפּעס אַ מין חנוכה־געלט. וועגן דעם דערציילט א. וויסבוים:

„קום איך אַריין אין אַ באַקאַנטער יידישער שטוב. זע איך, אַז די קינדער זענען שטאַרק פאַרנומען, עס איז אַ געפילדער, אַ גאַנצער טאַראַראַם. באַלד לויפט צו מיר צו אַ ייִנגל און לאַדט מיך איין אויפן הויף זען, ווי מ'צעברעכט אַ „פּיניאַטאַ"...

דער פאָטער, אַ נאַציאָנאַלער ייד, פאַרשעמט זיך אַביסל. נאָר די מוטער שמעלצט זיך פון נחת: די קינדער, זאָלן געזונט און שטאַרק זיין, צעברעכן שוין די דריטע „פּיניאַטאַ"...

די מעקסיקאַנער יידישע קינדער צעברעכן די „פּיניאַטאַס" מיט אַזאַ ברען און התלהבות, פּונקט ווי די חדר־ייִנגלעך האָבן אַמאָל געשפּילט חנוכה אין דריידל...

פאַראַן אויך יידישע „סנאָבס", אַסימילירטע שמענדריקעס, וואָס גיבן זייערע קינדער א יידישע דערציונג — מיט אַ יאָלקע... וואָס זועט דען אַ יידישע מאַמע נישט טאָן צוליב אירע קינדערס דער־ציונג...

אַז עס קומט דער הייליקער „נאַווידאַד", יעזוס געבורטס־נאַכט, קאָן נעבעך די אַריסטאָקראַטישע „יענטע" נישט אָפּזאָגן אירע קינ־דער, און פראַוועט דעם קריסטלעכן יום־טוב מיט אַ יאָלקע און גע־פילטע פיש..." (11)

אַזאַ גייסטיקע אַטמאָספערע, הערשט צום גליק, בלויז אין אַ טייל, נאָך נישט קיין צו גרויסן, פון מעקסיקאַנער יידישע היימען. אָבער פון אַט די עקסטרעמע פאַקטן קען מען זיך שאַפן אַ פאָרשטע־לונג וועגן דעם, וואָס פאַראַ שטיין אין וועג פון די יידישע לערער די יידישע היים שטעלט מיט זיך פאָר בדרך כלל.

נישט וויניק מאַמעס האָבן פרעטענזיעס צו די יידישע לערער, פאַרוואָס זיי פאַרגיבן די תלמידים לעקציעס אַהיים, ווייל דאָס נעמט ביי די קינדער צו צייט, וועלכע זיי דאַרפן ווידמען „וויכטיקערע" זאַכן.

לאָמיר דאָ ווידער ציטירן א. ווייסבוים: (12)

ס׳האָט עמעצער פאַרשאָלטן אונדזער יידישע יוגנט מיט אַ שרעקלעכער קללה: — עס זאָל איר אָפּגענומען ווערן דאָס לשון און אונזער יוגנט איז נעבעך שטום געוואָרן, די יוגנט האָט אויפגעהערט צו רעדן — יידיש...

און כ׳לעבן, פאַרוואָס זאָל די יוגנט דרך־ארץ האָבן פאַר אַן אייגן לשון, ליב האָבן די אייגענע שפּראַך, אַז עלטערן באַלעבאָטשען, ברעכן זיך די צונג אויף פרעמדע שפּראַכן...

און איינע אַ מאַמע, פון יענע מאַמעלעך, וואָס מיינט, אַז זי איז באַשאַפן געוואָרן נאָר צו לעבן אַ גוטן טאָג, פוצן זיך די נעגל, שפּילן אין פאָקער און פאָרן אויף דאַטשעס, האָט אַ טענה צו איר מאַן, און צעשרייט זיך אויף אים מיט איר קוויטשעדיק שטימעלע:

— יאָסל דוד, וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו די קינדער מיט דיין יידיש, העברעיש, וואָס מוטשעסטו די קינדער נעבעך מיט דיין יידישער געשיכטע און ליטעראַטור? וואָס וועלן זיי האָבן פון דעם?"

פאַראַן אויך אַנדערע שטיינער אויפן וועג פון די מעקסיקאַ־נער יידישע שולן:

„אַ סך סכנות לויערן אויפן יידישן שול־וועזן אין מעקסיקע. די גרעסטע סכנה דראָט אונז מצד באַדינגונגען, וועלכע זענען נישט אָן אונז געווענדט. די רעגירונג פון לאַנד איז נאָך גאַנץ ווייט פון

פארשטיין אונזער דערציונגס־פראבלעם. פאר איר זענען די יידישע לימודים אן אומנויטיקער צוגאב, כאטש זי לאזט פריי אנגיין מיטן יידישן פראגראם, האלטנדיק די אויגן וואך, אז די יידישע לימודים זאלן ח"ו נישט פארלעצן די רעגירונגס־פראגראם.

אין דער הינזיכט איז די יידישע דערציונג אין דעם לאנד ווייט הינטערשטעליק אנטקעגן די יידישע שולן אין דער אלטער היים. די גלייכגילטיקע שטעלונג פון בילדונגס מיניסטעריום און זיין נאך ווייניקערע פארשטענדעניש פאר אונדזערע נאציאנאלע פראבלעמען באטראכט איך פאר א געפאר, ווייל עס קאנען קומען נייע ווינטן און די היינטיקע גלייכגילטיקייט קאן פארערגערן די לאגע.

די צווייטע סכנה ליגט אין אונזער סביבה, ארום אונז, וואס איז דער פרוכטבארסטער באדן איינצושלינגען אונזער יוגנט. דער גרעס־טער טייל פון דער מעקסיקאנער אינטעליגענץ פארשטייט אונז בכלל נישט, אפטמאל אפילו נישט די זעלבע לערער וואס ארבעטן אין אונ־זערע דערציונגס־אנשטאלטן. אונזערע אספיראציעס זענען זיי פרעמד און אפטמאל משונהדיק.

די סכנה נומער דריי — אונזער קליינע צאל מאכט אונז אנמעכ־טיק אנטקעגן פרעמדן שטראם און דאס וואס מיר האבן פארלוירן די גייסטיקע יניקה פון אייראפעישן יידנטום האט געווירט נישט צוגעגע־בען קיין געזונט אונזער שול־וועזן.

סכנה נומער פיר — דאס פעלן פון פאסיקע יידישע דערציער און דער מאנגל אין טעקסט־ביכער.

סכנה נומער פינף — די יוגנט, וואס ענדיקט אונזערע שולן, ווערט שנעל אפגעפרעמדט פון אונז און זייער אפוועזנהייט אין היגן יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן שאפט דעם גרעסטן פראבלעם פאר אונזער דערציונג אין דער צוקונפט. (13)

## דאס פנים פון דער יוגנט

די מעקסיקאנער יידישע יוגנט קען מען איינטיילן אויף אזעלכע דריי עלעמענטן: די מיטל־שול־תלמידים, די יוגנטלעכע צווישן זיבעצן און צוואנציק יאר, וואס באזוכן נישט קיין העכערע שול און די מעק־סיקאנער יידישע סטודענטשאפט.

וועגן די מיטל־שול תלמידים דארפן מיר בלויז נאך צוגעבן, אז אט דעם עלעמענט זעט מען קיינמאל נישט אויף יידישע אונטערנע־

מונגען. נישט לאַנג צוריק ווען עס איז געפייערט געוואָרן דער דרי־טער יאָרצייט נאָך די קדושים פון דעם אויפשטאַנד אין דער וואַרשע־ווער געטאָ, האָט מען נישט געקענט געפינען אין זאַל אפילו עטלעכע מיטל־שול תלמידים.

אין אַלגעמיין וויל אָט דער עלעמענט נישט גערן אויסהערן דער־ציילונגען און באַריכטן וועגן יידישן חורבן און יידישעליידן. נאָך ערגער איז, וואָס זייערע עלטערן זענען גאָרנישט פאַראינטערעסירט אין דעם. זיי זענען אַ סך מער פאַראינטערעסירט אין אויפהיטן זייע־רע קינדערס „גוטע שטימונג". דער תירוץ, וואָס עלטערן גיבן אָפּ פאַרן נישט מיטברענגען זייערע קינדער צו יידישע פאַרזאַמלונגען און אונטערנעמונגען פון אַן אַלגעמיינעם און גרויסן פאַרנעם, איז, אַז זיי, די קינדער, מוזן גיין שלאָפן צו דער געוויינלעכער צייט, כדי צו קענען קומען פּינקטלעך אין שול...

דער גרעסטער טייל פון דער יוגנט באַשטייט פון דעם צווייטן עלעמענט, דאָס הייסט פון יוגנטלעכע, וואָס באַזוכן שוין נישט קיין שול. אין דעם עלטער צווישן זיבצן און צוואַנציק יאָר זענען שוין די בחורים באַשעפטיקט אין די קראָמען, אָדער פאַבריקן פון זייערע עלטערן, און קלייבן זיך חתונה צו האָבן; די מיידלעך זענען שוין פאַרהייראַט אָדער האַלטן שוין דערביי.

דאָס איז אַן עלעמענט, וואָס האָט, מיט געוויסע אויסנאַמען, אַ שווידערלעך־גלייכגילטיקע באַציונג צו אַלץ, וואָס איז נישט זיין ענגער, פּערזענלעכער אינטערעסן־קרייז. „וואָס גייט עס מיך אָן?", איז זיין לאָזונג אין באַצוג צו אַלץ און צו אַלעמען. אויפגעוואַקסן אין די מל־חמה־יאָרן, ווען זייערע עלטערן האָבן געמאַכט „גאָלדענע געשעפטן" און זיי קיינמאָל נישט דערציילט פון נויט און ליידן, זענען זיי איצט בלויז „איך און מיינע שיך" — אינדיווידיואַומס. און זאָל דאָ דער־לויבט זיין דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות צו ציטירן דאָ איי־נעם פון זיינע „בריוו צו די יוגנטלעכע":

**„מיט דעם דאָזיקן הינטערגרונט ווערן פאַרשטענדלעך אַ סך זאַכן אין אייער אויפפירן זיך און אין אייער באַנעמען געשעעניש און דערשיינונגען. ס'ווערט פאַרשטענדלעך אייער האַרטנעקיקער „קע מע אימפּאָרטאַ" — „וואָס גייט עס מיך אָן?", וואָס מ'הערט פון אייך אַזוי אָפט, ווי ס'קומט נאָר אויס צו רעדן וועגן יידישע ליידן וועגן יידישן חורבן, וועגן יידישע פּראָבלעמען בכלל. פון וואַנען זאָלט**

איר דען טאַקע וויסן וועגן טרעבלינקאַ און מאַידאַנעק, און פאַרוואָס זאָל עס דען אייך דאָס אַלץ ווי טאָן, — אַז אין דער היים האָט מען עס אייך נישט דערציילט און אַז קיין יידישע צייטונגען לייענט איר נישט, און יידיש קענט איר נישט און ווילט נישט קענען?

ס׳הויבט אָן צו פאַרשטיין פאַרוואָס די איצטיקע וועלט־קאַטאַסטראָפע איז אייך אַזוי מוראדיק פרעמד. ווי זאָל זי אייך דען אָנגיין, אַז אייער גאַנצער אינטערעס, ווען איר עפנט די מעקסיקאַנישע צייטונגען, איז קאָנצענטרירט בלויז אויף אָקסן־קאַמף, פערד־געיעג, פוט־באָל, „באָקס" און די קרימינעלע כראָניק? אַז די ערשטע סעקציע פון די צייטונגען, די פּאָליטיש־אינפאָרמאַטיווע, עקזיסטירט אינגאַנצן ניש טפאַר אייך. דאָס איז פולשטענדיק אין איינקלאַנג מיט אייער „קע מע אימפּאָרטאַ?" — געזינונג.

ס׳ווערט אויך פאַרשטענדלעך אייער איגנאָראַנץ בנוגע דעם אַלגעמיין־יידישן און אויך דעם מעקסיקאַנישן לעבן. וואָס ווייסט איר פון יידישקייט? וואָס ווייסט איר וועגן מעקסיקע? פון „יידישקייט" ווייסט איר בלויז איין זאַך: אַריינצוקוקן אין די שבת־דיקע נומערן פון די היגע יידישע צייטונגען, כדי —אָפּטמאָל בלויז כּע מיידל ס׳האָט געפּראַוועט דעם פופצנטן געבורטסטאָג, ווי אויך לויט די „פּיקטשעס" — צו זען ווער ס׳האָט חתונה געהאַט און וועלער ס׳זענען געווען די סוויטע פון „טשאַמבעלאַנעס". און פון מעקסיקאַנער לעבן, אראָפּרעכענענדיק די אַדרעסן פון אייערע געשעפטן, פאַבריקן אָדער לערן־אַנשטאַלטן ווו איר „שטודירט", וואָס ווייסט איר דען מער ווי די אַדרעסן פון די „קינאָס"? וועלכע זענען דען אייערע וויכטיקסטע פּראָבלעמען, אויב נישט די, וואָס באַציען זיך אויף אַ „ליידיקן" אָוונט, דאָס הייסט אַן אָוונט, ווען איר ווייסט נישט, וואָס מיט זיך צו טאָן, ווייל איר האָט שוין געזען אַלע „עסטרענאָס" (פּרעמיערן) אין דער גאַנצער שטאָט און „אומגליקלעכערווייזע" איז היינט גראָד אַ „נאָטשע סין עסטרענאָ"? איז עס דען אַ צופאַל, אַז ווען ס׳איז אימיצן איינגעפאַלן צו פרעגן איינעם פון אייך וועגן דאָס־טאָיעווסקים באַרימטער נאָוועלע „פאַרברעכן און שטראָף", האָט אים יענער, קוועטשנדיק מיט די פּלייצעס, געענטפערט: „איך דערמאָן זיך נישט, אַז איך זאָל האָבן אַמאָל געזען אַזאַ פילם..." (14)

אויך דער דאָזיקער עלעמענט פונקט ווי די מיטל־שול יוגנט, האָט זיך, מיט קליינע אויסנאַמען, נישט באַטייליקט אפילו אין דעם

יאָרצייט פון דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס איז גע־וועזן אַ טאָג פון עפנטלעכן פּראָטעסט; די איינאָרדנער פון דעם פּראָ־טעסט — טאָג האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ פאַר חרפּה...

אויך דעם דאָזיקן עלעמענט זעט מען קיינמאָל נישט אויף יידי־שע פאַרזאַמלונגען און קולטורעלע אונטערנעמונגען, על כּל פּנים נישט אויף אַזעלכע, ווו די שפּראַך איז יידיש.

מיט דעם דאָזיקן הינטערגרונט, ווערט פאַרשטענדלעך דער אומגלויבלעכער פאַקט, וועגן וועלכן עס האָט ((דעם 23־טן פעברואַר 1944) אַליאַרמירט אין איר לייט־אַרטיקל, די „שטימע":

„די אומקולטורעלע יידישע שניידערס און שוסטער אין מעק־סיקע"...

צו די ברעגן פון מעקסיקע זענען אין די יאָרן 1924־1925 אָנגעקו־מען פון מזרח־אייראָפּע יידישע שוסטערס און שניידערס, דערשראָ־קענע און אַנטלאָפענע פון פּאָגראָמען, און דאָ זענען זיי געוואָרן גאַנ־צע אויפטוערס: דאָס זענען מענטשן אָן קולטור, פאַרשטייען נישט דעם לעבן און זיי ווילן נאָך נישט ליידן, אַז מען זאָגט זיי עס...

עס איז געווען ביי אַ פאַרזאַמלונג פון אַ יידישער אינסטיטוציע. צווישן די אַנוועזנדע האָט זיך געפונען אַ קליינע גרופּע יוגנטלעכע, אייגנטלעך שוין בחורים פון אַרום צוואַנציק יאָר און העכער; האָט זיך אַנטוויקלט אַ דיסקוסיע וועגן קולטור־טעטיקייטן און יוגנט־טעטי־קייטן און בעת דער דיסקוסיע, האָט איינער פון די בחורים, וועלכער איז אַ ראש־מדברים ביי אונזער יוגנט, געלאָזט פאַלן די ווערטער וועגן די „שוסטערס און שניידערס", וואָס האָט אַ גרילץ געטאָן אין אויער און אַ שטאָך געטאָן אין מוח; אַזוי האַלטן מיר שוין, הייסט עס, מיט דער „ערשטער יוגנט" אונזערער, אַז זי פאַראַכטעט שוין די עלטערן און אַז זי קוקט אויף זיי מיט... רחמנות, אַז זי האַלט זיי פאַר קולטורלאָזע און אומבאהאָלפענע מענטשן, וועלכע זי, די יוגנט, קען נאָר באַדויערן.

מיר וואָלטן זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף דעם אַ פאַל גאַנץ באַ־זונדער, ווען מיר וואָלטן עס געהאַלטן פאַר אַ צופעליקן אַרויסטריט, פאַר אַ טעותדיקע מיינונג, פאַר אַ שלעכטן אויסדרוק פון איינעם אַ יוגנטלעכן.

דווקא דערפאַר ווייל מיר ווייסן, אַז אָט אויף אַזאַ שעדלעכער מיי־נונג האָבן זיך אויסגעבילדעט אַ סך פון די יוגנטלעכע וואָס מען האָט

זיי העכסטנס אויסגעלערנט צו קלאַפּן זיך אין האַרצן מיט אַ „טענגאָ קאַראַסאָן כודיאָ", און פון יידישן לעבן זענען זיי אַזוי ווייט, ווי ווייט זיי זענען בכלל פון אַ געזונט לעבן — מוז דאָס אַרויסרופן די שאַרפס־טע רעאַקציע און מען מוז אַליאַרמירן וועגן דעם".

בלייבט נאָך איבער דער דריטער עלעמענט: די סטודענטנשאַפט, בערך צוויי הונדערט און פופציק אין צאָל. וואָס פאַר א שייכות האָט זי מיט קולטור־לעבן אויף יידיש אָדער מיט קולטורעלן אויסלעבן זיך בכלל?

אין  וועג  פון 25־סטן אַפּריל 1945, געפונען מיר אַ טייל־ווייזן ענטפער:

ווען מיר רעדן וועגן דעם מעקסיקאַנער יידישן סטודענט, דאַרפן מיר ראשית כל אַרויסוואַרפן דורכן פענצטער דעם באַגריף וועגן יידישער סטודענטשאַפט, וואָס מיר, דער ערשטער דור מזרח־אייראָ־פּעישע אימיגראַנטן, האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פון די אַלטע היימען. ווען מיר זאָלן צוגיין צו אונזערע היגע סטודענטן מיטן מאָס־שטאָב פון די אַמאָליקע יאָרן, דאָרט אין אייראָפּע, — וואָלטן מיר גע־מוזט ווערן פאַרצווייפלט".

דער גרעסטער טייל פון די מעקסיקאַנער יידישע סטודענטן האָט נישט קיין נאָנטע באַציונג צום יידישן לעבן און צו יידישע פּראָבלע־מען. ער האָט אויך נישט דאָס באַוווסטזיין פון דער נויטווענדיקייט פון אַ יידישער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע. דערפאַר איז נאָך ביז איצט נישטאָ אין מעקסיקע קיין אַלגעמיינער יידישער סטודענטן־פאַרבאַנד. אויסער דעם שטודירן א פאַך, אונטערשיידט זיך די מערהייט יידישע סטודענטן מיט גאָרנישט פון די יונגע לייט, וואָס האָבן נישט דעם סטודענטן־בילעט. אויך זיי זעט מען נישט אויף קיין יידישע פאַר־זאמלונגען אָדער קולטורעלע אונטערנעמונגען.

עס איז אַ כאַראַקטעריסטישער פאַקט, אַז פון בערך הונדערט יונ־גע לייט און מיידלעך, וואָס האָבן געענדיקט זייער אוניווערזיטעט־שטודיום אין די לעצטע זעקס־זיבן יאָר, קען מען די צאָל פּראָפעסיאָ־נאַלן, וואָס נעמען אָן אַקטיוון אָנטייל אין יידישן לעבן, איבערציילן אויף די פינגער פון איין האַנט, און עס וועלן נאָך בלייבן פרייע פינ־גער...

נישט אומזיסט איז אין „וועג", נאָך מיט אַ יאָר צוריק, אין אַן אַרטיקל מיטן כאַראַקטעריסטישן קעפּל: „קענען מיר דערוואַרטן א

יידישע אינטעליגענץ פון צווייטן דור?", געשטעלט געוואָרן די פראַ-גע:

„וועט זיך דאָ נישט אַמאָל איבערחזרן דער פאַל פון 'ויקם מלך חדש במצרים אשר לא ידע את יוסף'? שטייען מיר דאָ אַמאָל נישט פאַר דער געפאַר, אַז אַט דער צווייטער דור זאָל גאָר נישט וועלן אָדער נישט קענען פאַרזעצן אונזער אינסטיטוציאָנעלע עקזיסטענץ?"

## דער מבול פון שפּאַניש

אוודאי איז דאָ צווישן דער יידישער יוגנט אַ מינדערהייט, אמת, זייער אַ קליינע, וואָס האָט קולטורעלע אינטערעסן און פילט אַ גייסטיקן הונגער: אַ יוגנט, וואָס מען קען טרעפן אויף סימפאָ-נישע קאָנצערטן, אין בעסערן מעקסיקאַנישן טעאַטער און אויף קונסט-אויסשטעלונגען.

די דאָזיקע יוגנט, אויף וויפל עס איז די יידישע אָרגאַניזאַציעס געלונגען צו דערוועקן אין איר אַ געוויסן אינטערעס צו יידישע ענ-נים, באַפרידיקט זי אים אויף שפּאַניש. זי לייענט יידישע ביכער, ווי אויך ביכער וועגן יידן און יידישקייט, אויף שפּאַניש. זי קומט אויס-הערן רעפעראַטן וועגן יידישע שרייבער, דיכטער, קינסטלער, אָבער מיט דער באַדינגונג, אַז די רעפעראַטן זאָלן געהאַלטן ווערן אין שפּאַניש.

גאָר נישט לאַנג צוריק איז אַ היגער אינטעלעקטואַל איינגעלאַדן געוואָרן צו האַלטן אַ רעפעראַט וועגן „שלום עליכם אין דער יידי-שער ליטעראַטור און אין דער וועלט-ליטעראַטור" אין צוויי יוגנט-אָרגאַניזאַציעס: פאַר דער יוגנט פון דעם „קרן קימת לישראל" און פאַר דער סטודענטן גרופּע „אבוקה". עס האָט אים פון איין זייט גע-פרייט דער אינטערעס צו יידישער קולטור, און פון דער אַנדערער זייט האָט אים פאַרדראָסן, וואָס דער רעפעראַט האָט געמוזט געגעבן ווערן אין שפּאַניש. ער האָט זיך באַמיט צו באַווייזן די איינאָרדנער ווי אומלאָגיש עס איז צו רעדן וועגן שלום עליכם'ען צו יידישע יוגנטלעכע אויף שפּאַניש. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. דער איינגעלאַדענער יידישער אינטעלעקטואַל, נישט וועלנדיק דורכלאָזן אַ געלעגנהייט צו טאָן קולטור-אַרבעט צווישן דער יוגנט, האָט גע-מוזט האַלטן זיין רעפעראַט אין יעדער איינער פון די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס אויף שפּאַניש.

און דאָס איז ווייט נישט קיין פאַראיינצלטער פאַל. כמעט אין אַלע יוגנט-קלובן לעבט זיך די יוגנט אוים אויסשליסלעך אין שפּאַניש, אפילו דער נאציאָנאַל געזינטער „השומר הצעיר" און די אידעאליסטן פון דער „הכשרה".

עס איז אַ פאַקט: שפּאַניש פאַרפּלייצט דאָס גאַנצע יידישע לעבן. אין די היימען איז שוין די שפּאַנישע שפּראַך, בדרך כלל, די אליין-הערשערין. אין געזעלשאַפטלעכן לעבן וועדט די אריינדרינגונג פון שפּאַניש וואָס אַמאָל מער אַ קאָנקרעטע ווירקלעכקייט. די יוגנט איז אין דער דאָזיקער הינזיכט דער בעסטער באַראָמעטער.

„אונזער יוגנט, אַ גרוים און שווער פּראָבלעם פאַר אונזער קיבוץ.

מיר האָבן מורא פאַר אונזער יוגנט, מיט אַ געפיל פון ציטער און פון אויפרעגונג רעדן מיר וועגן אָט דעם אָנגעווייטיקטן פּראָבלעם. טאַטע-מאַמע האָבן קיין צייט נישט זיך אָפּצוגעבן, געזעלשאַפטלעכע און קולטור-טוער זענען פאַרוואָרפן מיט טויזנטער אַנדערע אַרבעטן און די יוגנט איז פאַרוואָרלאָזט. די פרעמדע סביבה פרעסט זי אויף. די פרעמדע שפּראַך אַסימילירט זי. (15)

### אַ כאַראַקטעריסטישע דיסקוסיע

די ערשטע שוואַלבן פון מעקסיקאַנער יידישקייט אויף שפּאַניש האָבן זיך שוין באַוויזן. מיר מיינען נישט מיט דעם די מאָנאַטשריפט טריבונא איזראַעליטאַ וואָס די „בני ברית" גיט אַרוים, און אויך נישט די יודאיסטישע קורסן, וואָס זי האַלט אוים שוין זינט עטלעכע יאָר; ווי אויך נישט די חודש-שריפט: רעוויסטא איזראַעליטאַ דע מעכיקאָ, אָדער די „בני-ברית" בראָשורן אויף שפּאַניש. דאָ האַנדלט זיך וועגן צוויי ביכלעך פון רעליגיעזן אינהאַלט, וואָס זענען לעצטנס דערשינען אין אַ ספּעציעלער איבערזעצונג אויף שפּאַניש. דאָס ערשטע איז „הגדה של פסח" און דאָס צווייטע איז „מגילת אסתר". די הגדה האָט דריי טעקסטן: יידיש, העברעיש און שפּאַניש; די „מגילה האָט בלויז דעם העברעישן און שפּאַנישן טעקסט. דאָס אינטערעסאַנטע אין דעם פאַל פון דער „מגילת אסתר" איז דאָס וואָס די שפּאַנישע איבערזעצונג איז געדרוקט געוואָרן ווי אַ „פורים-מתנה פון דער מעקסיקאַנישער מזרחי-אָרגאַניזאַציע פאַר די יידישע קינדער אין מעקסיקע". פון וועמען באַשטייט די מעקסיקאַנער מזרחי-אָרגאַניזאַציע? פון מזרח-אייראָפּעישע, יידיש-רעדנדיקע איינגעוואַנדערטע יידן.

דאָס דערשיינען פון אַט די צוויי ביכלעך האָט אַרויסגערופן אַ לעבעדיקע דיסקוסיע אין דער לאָקאַלער יידישער פרעסע. א. ז. בערעביטשעז איז געווען דער סנגור און האָט וועגן דעם אַזוי געשריבן אין „וועג":

מיין מיינונג איז אַז איבערזעצן די הגדה אין יידיש און אויך אין שפּאַניש איז אַ גרויסער אויפטו, און עס קומט אַ יישר כוח דעם ה' שיפּמאַנאָוויטש פאַר דער אַרבעט, ווייל לאָמיר זיך נישט נאַרן, וויפל יונגוואַרג קענען ביי אונז העברעיש און פאַרשטייען די הגדה אין אָריגינאַל? און אפילו אַ סך עלטערן האָבן שוין פאַרגעסן גירסא דינקותא און געדענקען נישט דעם טייטש פון דער הגדה...

אָבער פאַר די וועלכע נויטיקן זיך אין אַ יידישער איבערזעצונג און בפרט בעוונותינו הרבים, אַ היפּשער טייל פון אונזער יוגנט וועמען עס איז נעענטער שפּאַניש ווי די צוויי שפּראַכן אונזערע, איז די נייע הגדה פון פריינט שיפּמאַנאָוויטש גאָר אַ נוציקער ספר פאַר זיי, ווייל עס איז פיל בעסער צו קענען די הגדה אפילו אין שפּאַניש, איידער גאָרנישט קענען און נישט וויסן וואָס דאָ טוט זיך.

מעג דער חבר ווייסבוים נישט מסכים זיין מיט מיר, אָבער אני הגבר, האָב געמוזט אַמאָל צום סדר פאַרטייטשן די הגדה אין שפּאַניש ווייל עס זענען אָנוועזנד געווען קינדער, וועלכע האָבן ניט פאַרשטאַנען ניט קיין יידיש און ניט קיין העברעיש, און האָבן נעבעך געוואָלט וויסן וואָס זאָגט מען דאָ, זאָגט דאָך די הגדה אַליין „והגדת לבנך" זאָלסט זאָגן דיין זון אין וועלכער עס איז שפּראַך נאָר ער זאָל וויסן און פאַרשטיין (שמע בכל לשון שאתה שומע).(16)

גאַנץ אַנדערש האָט דעם ענין אויפגענומען דער רעדאַקטאָר פון „וועג", חיים לאַזדייסקי:

„לאָמיר זיין אויפריכטיק און קודם זאָגן, אַז פאַר אונז פערזענלעך איז נישט קיין גרויסע פרייד, ווען מיר זעען ווי ווערק פון אונזער אַלטער און קלאַסישער ליטעראַטור ווערן איבערגעזעצט אויף שפּאַניש. מיר גייען נאָך אַלץ אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַנשטאַט צו גיין מיטן שטראָם און אונטערטראָגן דער היגער שפּאַניש־רעדנדיקער יוגנט לעקעכלעך (און במילא קאָנצעסיעס דער אַסימילאַציע) אין דער פאָרם פון שפּאַנישע איבערזעצונגען, איז פיל גלייכער צו באַמיען זיך צו דערנענטערן די יוגנטלעכע צו העברעיש און יידיש. אוודאי איז דאָס זייער אַ שווערע אַרבעט. אוודאי

**איז פיל לייכטער צו געבן שפאנישע איבערזעצונגען פאר אונזער „גאלדענער יוגנט". אבער דאס הייסט דאך נישט, אז מען דארף אפזאגן זיך פון אן אויפגאבע, ווען זי איז שווער אדער ווען זי איז פארבונדן מיט א גרויסער ארבעט. (16)**

מענדל קופער רעדט וועגן דעם ענין הארבע דיבורים; ער רופט אן דעם כסדרדיקן אריבערגאנג צו שפאניש מיטן נאמען „טרפהנע אסימילאציע".

**„עס געפינען זיך אזעלכע ביי אונז... וואס כשרן נאך אויך דעם חזיר, זיי כשרן אט די טרייפענע אסימילאציע, זיי גיבן ארויס א הכשר מיט א שטעמפל אויף דעם. זיי דערקלערן עפנטלעך, אז אויסלעבן זיך אין א פרעמדער —נישטיידישער— שפראך, פירן זיך אין פרעמדע —נישט־יידישע— זיטן איז נישט נאר מותר, נאר אויך כשר. „אבי דאס הארץ איז יידיש", זאגן זיי, איז שוין גענוג, איז שוין גוט, כשר און פיין. (17)**

**דער סך הכל**

שוין דער פאקט אליין, וואס אזעלכע געדאנקען ווי די, וואס זענען דערמאנט געווארן אין דער אויבן דערמאנטער דיסקוסיע, האבן געמוזט ארויסגעבראכט ווערן אין דער עפנטלעכקייט, באווייזט, אז דער באגריף „שפראכלעכע אסימילאציע" איז שוין נישט מער קיין אבסטראקציע פארן מעקסיקאנער ישוב; דאס הייסט, אז דער בהדרגהדיקער איבערגאנג פון יידיש צו שפאניש איז א פאקט.

דער דאזיקער פראצעס קומט פאר פאראלעל מיט א שטארקער אפשוואכונג פון קולטור לעבן אין יידיש „די אלגעמיינע פארזאמלונגען פון די יידישע אינסטיטוציעס... זענען צוליב דער קנאפער צאל באזוכער נישט קיין אלגעמיינע נאר איינזאמע" (די שטימע)

דער לעצטער סך־הכל פון אלע ארויסגעבראכטע פאקטן איז, אז צוזאמען מיטן סוף פון דעם אימיגראנטישן פעריאד פון ישוב, האט זיך אויך פארענדיקט זיין קולטורעלע בלי־צייט.

מיטן אנהויב פון עקאנאמישן אויפבלי און פון זיין סאציאלער פארוואָרצלטקייט הייבט זיך אן א כסדרדיקער קולטורעלער „בארג אראפ" מיט דער יידישער שפראך ווי דער ערשטער קרבן. דערנאך קומען די ווייטערדיקע שריט צו אסימילאציע, אקעגן וועלכע א. ווייסבוים האט דא נישט לאנג אזוי פאטעטיש געווארנט: היט זיך,

מ ע ק ס י ק אַ נ י ש ע   ר ע פ ל ע ק ס ן

יידן! ראַטעוועט זיך באַצייטנס פון דער גרויסער סכנה, פון דער געפערלעכער חולאת — אַ ס י מ י ל אַ צ י ע (18).
1946

## באַמערקונגען

1. „אזוי לעבן יידן אין מעקסיקע", יובילײ־אויסגאבע די שטימע, אפריל 1944
2. דער וועג, 25טער מאי, 1946.
3. „אויף אונזער קולטור פראָנט", דער וועג, 30־טער מערץ, 1945.
4. דער וועג, 4־טער מאי, 1946.
5. דער וועג, 21־טער יולי, 1945.
6. דאָרט, 27־טער אָקט., 1945
7. 9־טער מערץ, 1946
8. דער וועג, 1944.
9. „יידיש טעאטער אין מעקסיקע", דער וועג, 26־טער יאנואר, 1946.
10. „פיניאטעס, יאָלקעס און וואקאַציעס", דער וועג, 1941.
12. „אַ פאָלק אָן אַ לשון", יובל־בוך פון דער יידישער שול אין מעקסיקע. ז' 396.
13. קלמן לאנדוי אין אונזער שול (יאָרבוך פון דער יידישער שול), 1945.
14. ס. קאהאן, יידיש מעקסיקאַניש, ז' 274.
15. ליטעראַטיקל אין חודש זשורנאַל פאָרויס, אפריל־מאי, 1946.
16. דער וועג, 13־טער אפריל, 1946.
17. דאָרט, 28־טער מאי, 1946.
18. „היט זיך, יידן, די אסימילאַציע גייט", דער וועג, 23־טער מערץ, 1946.

# ניט קריזיס, נאָר כראָנישע קראַנקהייט

נישט וועגן אַ ק ר י ז י ס אין אונזער געזעלשאַפטלעכקייט דאַרף זיין די רייד, נאָר וועגן אַ קראַנקהאַפטן צושטאַנד, וועלכער, לויט ווי אַלע סימנים ווייזן אָן, האָט אָנגעהויבן זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ כ ר אָ נ י ש ע ק ר אַ נ ק ה י י ט.

אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט האָט שוין זינט היבשע עטלעכע יאָר אָנגעהויבן צו קריגן כאַראַקטער־שטריכן פון סטאַגנאַציע. און אַזוי איז עס שוין אין געזעלשאַפטלעכן לעבן: נישט גיין פאָרויס מיינט אומפאַרמיידלעך גיין אויף צוריק.

אין אָט דער הינזיכט זענען נישט מאַסגעבנד רווישיקע פאַר־זאַמלונגען, מיט קילאָמעטערדיקע באַריכטן אין דער פרעסע, און אויך נישט „פייערלעכע" באַנקעטן, מיט אַ תהלות ותשבחות׳דיקער אַטמאָספערע לכבוד מעשים און אויפטוען, וואָס וואַרצלען אין דעם „אַ מאָל" פון אונזער ישוב.

גערעכט איז לייב באַיאַן מיט זיין באַהויפּטונג, אַז „עפּעס אַן אַלטקייט איז באַפאַלן דעם ישוב. אַפּאַטיע, אָפּגעלאָזנקייט און פאַר־בלאָסטער אינטערעס שפּירן זיך אַרוים אפילו בנוגע צו די וויטאַלס־טע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־פּראָבלעמען פון ישוב, און אויב עס צאַנקט נאָך ערגעץ ווו געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, איז דאָס מער אוים רוטין".

און שוין גאָר גערעכט איז ער, ווען ער גיט די פאָלגנדיקע, אויף אַלע הונדערט פּראָצענט געלונגענע כאַראַקטעריסטיק:

„די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אינטערעסן, וואָס זענען אָט דאָ נישט לאַנג געווען אַזוי וואָך אין אונזער ישוב, זענען צום באַדויערן פאַרביטן געוואָרן אויף ביליקע גענוסן און פאַרוויי־

לונגען. אומעטום, אין אַלע פאַרוויילונגס־פּלעצער, קינאָס, בורלעסק־טעאַטערס, אַפּרו־פּלעצער, דאַנסיגס, טרעפט מען דעם אַקטיוון דור פון אונזער ישוב, פול מיט מוט און ענערגיע צום מאַטעריעלן לעבן און געניס, — און מען געניסט טאַקע מיט פולע הויפנס פון גאָטס וועלט. מען לאָזט זיך ווילגיין, מ׳נוצט אוים די פרייע מעגלעכקייטן, און טאַקע אָט די פרייהייט פאַרוואַנדלט זיך אין פרייקייט, הפקרות, אַן געזעלשאַפטלעכער דיסציפּלין און אָן נאַציאָנאַלער אחריות".

לאָמיר אָנווייזן אויף די סיבות פון די דאָזיקע צעפאַלונגס־סימפּטאָמען.

מען דאַרף זיי זוכן אין די פאָלגנדיקע צוויי הויפּט־פאַקטאָרן, וואָס זענען צענויפגעפלאָכטן:

1. — ס׳איז שוין באַלד צוואַנציק יאָר, זינט דער סיסטעמאַטישער, נאָכאַנאַנדיקער צושטראָם פון פרישע מזרח־אייראָפּעישע, יידיש־רעדנדיקע, און יידיש דענקנדיקע אימיגראַנטן, דער פּראָטאָטיפּ פון די ביז דאַן אַהער געקומענע אימיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע, — איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. מיט דעם איז אויך אָפּגעשטעלט געוואָרן דער דירעקטער איינפלוס, וואָס מזרח־אייראָפּעישע יידישקייט (אין זין פון אברהם עשעלס „דער מזרח־אייראָפּעישער ייד") האָט געהאַט אויף דער געשטאַלטונג פון דעם היגן ערשטן, אימיגראַנטישן דור. געוויס, ביז אַ געוויסער מאָס איז אָט דער איינפלוס דערגאַנגען אַהער דורך דער יידישער פּרעסע פון די פאַראייניקטע שטאַטן און דורך אַנדערע „אַמעריקאַנישע" יידיש־איבערברענגער פון יענער זייט „ריאָ בראַוואָ". דאָס זענען אָבער אַלץ פאַקטאָרן צווייטהאַנטיקע. דאָס נישט קומען פון נייע מזרח־אייראָפּעישע אימיגראַנטישע עלעמענטן, איז די ערשטע פון די צוויי הויפּט־סיבות פון דעם סקלעראָז, וואָס הויבט אָן צו קענצייכנען אונזער ישוב.

2. — צוליב אַ גאַנצער רייע אורזאַכן, וואָס זיי צו ענדערן אָדער באַווירקן איז נישט געלעגן אין א ו נ ז ע ר ע הענט, האָט זיך דער היגער ישוב אויסגעשיילט ווי אַ קיבוץ, וואָס זיין רוב בנין ומנין איז אַ מיטל־קלאַס־עלעמענט, מיט אַ שפּרינקל פון הויך־בורזשואַזיע, ווי אַ סופּער־סטרוקטור. ס׳איז דאָ ווער ס׳נעמט עס אָן ווי אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג: איך נעם עס אויף ווי אַ קללה: מיר האָבן דאָ נישט קיין יידישן ארבעטער־קלאַס, דעם טראַדיציאָנעלן קאָנסומענט פון קולטור־ווערטן אין דעם מאָדערנעם יידיש־יידישן לעבן. אמת, ס׳הויבן זיך אָן צו באַווייזן סימנים פון פאַראַרעמונג פון אַ געוויסן

שיכט פון דעם מיטל-קלאַס, אָבער פאַר דער אַנטשטייאונג פון א יידישער ארבעטערשאַפט איז דאָ דער באָדן נאָך אַלץ זאַמדיק.

אָן א צושטראָם פון נייער מזרח-אייראָפּעישער אימיגראַציע, און אָן דעם באַפרוכטיקנדיקן פאַקטאָר, וואָס יידישע ארבעטערשאַפט שטעלט מיט זיך פאָר אין דער אַנטוויקלונג פון יידישער געזעל-שאַפטלעכקייט, איז שווער פאָרצוזען א פאַרבעסערונג אין דער לאַגע.

1951.

# קבצנישע גבירים

מיר זענען געזעסן אין דער היים פון איינעם פון די וויכטיקסטע טוער פון דעם היגן פאראייניקטן קאמפיין. דער אייגנטלעכער צוועק פון דעם קליינעם געזעלשאפטלעכן צוזאמענקום איז שוין געווען דערפילט, און דער אפיציעלער טאן פון דער פארענדיקטער באראטונג איז פארשוואונדן, די אטמאספערע איז געווען אן אנגענעמע, און אין דער אלץ גרעסער ווערנדיקער אפנהארציקייט און אינטימקייט פון דער קליינער מסיבה, האט זיך פארשפונען א געשפרעך, וואס האט גארנישט געהאט צו טאן מיט דער פראגע, וואס האט אונז אהין געהאט געבראכט.

מיר האבן געשמועסט וועגן היגע גבירים. נישט בכלל און אויך נישט וועגן די גברים, וואס טראגן זייער גבירישקייט ווירדיק, דאס הייסט מיט באוווסטזיין פון די ספעציפישע פליכטן, וואס זייער גבירישקייט לייגט אויף זיי ארויף: פליכטן פילאנטראפישע, פליכטן פון סאציאלן ביישטייער, דורך געלט און טאט, אדער וויניקסטנס דורך געלט; פליכטן ביים לעבן און פליכטן דורך צוואה, אויף ווען די שעה זאל נישט זיין. ניין, נישט וועגן אט דעם מין גבירים, וואס, צום באדויערן, זענען זיי די מינדערהייט אין אונזער ישוב, האט זיך געפירט דער געשפרעך. זיי זענען קיין פראבלעם נישט.

אין צענטער פון אונזער געשפרעך איז געשטאנען דער אריה בעל-גוף טיפ. דער דורכשניטלעכער ארויפגעארבעטער „אלרייטניק", וואס, אין זיין זעלבסט-צופרידנקייט און זעלבסט-זיכערקייט, באזירט אויף זיין פעטן טשעק-ביכל, מיינט ער, אז ער האט „געכאפט גאט פאר דער מארד", האט, אזוי דוכט זיך, אין גאנצן פארגעסן וועגן דעם „גלגל החוזר".

ער האָט זיך איינגערעדט, אַז ער איז דער „שיינער ייד", מאַכט פאַר אים אַ ווארע! גיט אים אָפּ כבוד! אַ קליינינקייט, זיין באַנק-קאָנטאָ איז אַרויפגעשטיגן צו זיבן ציפערן.

איז אינטערעסאַנט געווען צו הערן וועגן די דערפאַרונגען, וואָס די עסקנים, וואָס טראָגן דעם יאָך פון דער היגער קאַמפּיינען-געזעלשאַפטלעכקייט, האָבן מיט אָט דעם טיפּ גבירים, און זיך צו דערוויסן וואָס פאַר אַ קבצנישע גבירים דאָס זענען.

יאָ, עס זענען דאָ גבירישע גבירים און קבצנישע גבירים. עס זענען דאָ גבירים פון דעם ר' שלמה נגיד אָדער עוזר האַפּענשטאַנד-טיפּ, און עס זענען אויך דאָ גבירים, וואָס לויט זייער גאַנצער גייסטיקער מהות געהערן זיי זאַר צו דער קאַפּעליע פון די קבצנים און קבצניוקעס, מיט וועלכע עס שווימלט און גריבלט אין די בוידן פון מענדעלעס „פישקע דער קרומער".

ביים גבירישן גביר גייט די מאַטעריעלע רחבות פּאַראַלעל מיט אַ געוויסער גייסטיקער רחבות, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם פאַרגעניגן צו געבן, צו שטיצן, צו העלפן וואָס שייך איינצל-פּערזאָנען, און צו קאָאָפּערירן, מיט-גרינדן, מיט-בויען אויפן געזעלשאַפטלעכן, סאָציאַלן געביט.

ער, דער גבירישער גביר, צייכנט זיך אויס מיט אַ געוויסער אינערלעכער זיכערקייט, וואָס גיט זיך איבער אויך צו זיין נאָנטסטער סביבה. ס'איז פאַר אים אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, אַז פון געבן, שטיצן, העלפן, וועט ער נישט בדלת ווערן, און אַז וויפל ער זאָל נישט געבן, וועט אים נאָך אַלץ איבערבלייבן מער, אַ סך מער... ער ווייסט פון זיין אייגענער דערפאַרונג און אויך פון געשיכטלעכע ביישפילן, אַז פון פילאַנטראָפּיע און פון דערפילונג פון סאָציאַלער פליכט איז נאָך קיין איינציקער גביר נישט געוואָרן אויס גביר...

דערפאַר איז פאַר געזעלשאַפטלעכע עסקנים אַ פאַרגעניגן צו האָבן צו טאָן מיט אָט דעם טיפּ גבירים, מיט די גבירישע גבירים. דער „גן עדן" וואָס ס'איז צו האָבן צו טאָן מיט זיי, איז אַ שטיקל קאָמפּענסאַציע פאַר דעם גיהנום (אָן געניזן-פּיסלעך), וואָס ס'איז פאַר אונזערע עסקנים דאָס האָבן צו טאָן מיט די קבצנישע גבירים.

ס'איז דאָ אַ געוויסע טראַגיק אין דער גייסטיקער סיטואַציע פון דעם קבצנישן גביר. זי באַשטייט אין דעם, וואָס ס'איז

## מ ע ק ס י ק אַ נ י ש ע   ר ע פ ל ע ק ס ן

דאַ אַ ויתרוצצו צווישן זיין פּעטן באַנק־ביכל און זיין אויסבליק אויף דער וועלט. דער ק ב צ נ י ש ע ר גביר איז, אומגעקערט צו דעם, ווי ס׳איז דער פאַל מיטן ג ב י ר י ש ן גביר, אין זיין בליענדיקער עקאָנאָמישער סיטואַציע, פּסיכאָלאָגיש, נ י ש ט אַריינגעוואַקסן.

דער קבצנישער גביר — און דער „אַלרייטניק" איז דער קבצנישער גביר „פאַר עקסצעלאַנס" — איז נישט רואיק. ערגעץ ווו טאַטשעט אים אַ וואָרעם וואָס שייך דער צוקונפט. דער ג ב י ר י ש ע ר גביר טראַכט איבערהויפּט נישט, אָדער ש ו י ן נישט אין טערמינען פון נישט דערעסן. אין דעם אונטערבאַוווסטזיין פון דעם „אַלרייטניק" לעבט זיין אַמאָליקע פאַרגאַנגענהייט אַ פּולבלוטיק לעבן, און ער איז קיינמאָל נישט גענוג זיכער, אַז די פאַרגאַנגענהייט וועט זיך שוין טאַקע קיינמאָל נישט צוריקקערן...

די האַנדלונגען פון אַט אַזאַ מין ק ב צ נ י ש ן ג ב י ר שפּיגלען טאַקע אָפּ אַ „געשפּאָלטענע פּערזענלעכקייט". דאָרט, ווו ער קען גלייך אויפן אָרט געפינען עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אים „פאַרבליפן" און געבן אים אַ ח"י שעה —באַוווסטזיין פון גלאַנץ, פון מאַכט, פון זיכערקייט, וואַרפט ער זיך מיט געלט, ווערט געלט ביי אים בלאָטע... צו אַזעלכע קינסטלעכע מיטלען פון זעלבסט־קיצלעריי, אין דעם זין פון זיך אַליין העלפן צו שטאַרקן די אייגענע זעלבסט־זיכערקייט, געהערן, צום ביישפּיל, די פאַרשווענדערישע אין העכסטן גראַד איינאָרדנונגען פון פאַמיליען־שמחות, ווי חנוכת־הבית, פופצן יאָר — געבורטסטאָגן, בר־מצוות, פאַרלאָבונגען און חתונות. אין דעם אויסערלעכן גלאַנץ פון אַזעלכע פייערלעכקייטן, מיט דער גאַנצער פּאָמפּע, וואָס גייט מיט דעם אַלעם מיט, פילט זיך דער ק ב צ נ י ש ע ר גביר ווי פאַרשיכורט. דאָס איז עפּעס אַ מין אָפּיום, וואָס עלימינירט צייטווייליק זיין טיפערע אומזיכערקייט, און מאַכט אים זיך פילן, אַז ער איז „נישט אבי ווער".

אָבער ווו דער מאָמענט פון אויסערלעכן גלאַנץ פעלט, ווו פאַר דעם, וואָס מ׳פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל געבן, האָט ער נ י ש ט צו דערוואַרטן קיין מאָמענטאַלע אָדער באַלדיקע פּאָמפּע, פייערלעכקייט אָדער בכלל עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אים געבן אַן אידענטישע סאַטיספאַקציע ווי די, וואָס עס גיט אים, צום ביישפּיל, דער געבורטסטאָג פון זיין טאָכטער, דער „קינסעאַניערא", מיט די

„טשאַמבעלאַנעס" און מיט די „דאַמאַס דע האָנאָר" און מיט דעם גאַנצן האַק און פּאַק, פאַרשיכורנדיק אים מיט דעם באַוווּסטזיין, אַז דער „נעכטן" איז שוין טאַקע אין גאַנצן פאַרשוווּנדן.

ווען די געזעלשאַפטלעכע עסקנים קומען אַריין צום גבי־רישן גביר, ברענגען זיי אים אַריין יום־טובדיקייט; ווען זיי טרעטן איבער דעם שוועל פון דעם קבצנישן בגיר, פאַלט אויף אים אָן אַ מורא. און מעגן זיי אַפילו צו אים רעדן אַזוי שיין און איבערצייגנדיק, ווי ס'איז נאָר מעגלעך, — פאַר אים, פאַר דעם קבצנישן גביר, איז קלאָר בלויז איין זאַך: זיי זענען געקומען אַוועקצונעמען פון אים אַ טייל פון זיין געלט, פון זיין געלט.

אָט דאָ איז דער פונדאַמענטאַלסטער אונטערשייד צווישן ביידע טיפּן גבירים. דער גבירישער גביר האָט די פולע מאַכט איבער זיין געלט; דער קבצנישער גביר איז אין גאַנצן אין דער מאַכט פון זיין געלט, סיידן ער קען פאַר דעם קויפן עפּעס אַ גייסטיקן נאַרקאָטיק, ווי, צום ביישפּיל, לוקסוס, וואָס זאָל שטאַרקן אויף אַ ווייל זיין געווייַנלעך אומזיכערן „איך", אין וועלכן די נישט אויסגעלאָשענע דערינערונגען פון אַ שווערן „נעכטן" זענען אַ שטענדיקער קעגנגעוויכט צו די טעגלעכע זוניקע פּערספּעקטיוון פאַרן מאָרגן.

אָט דאָס איז די וועזנטלעכסטע סיבה פון די שבעה מדורי גי־הנום, וואָס אונזערע היגע קאַמפּיין־טוער גייען דורך יעדן יאָר, ווען דער גורל ברענגט זיי ווידער אַ מאָל צוזאַמען מיט די קבצנישע גבירים. קעגן דעם טיפערן פּסיכאָלאָגישן שטער, וואָס לאָזט נישט אָט די אָרעמע מענטשן „אַוועקנעמען די האַנט פון האַרצן" און געבן אָדער ביישטייערן לויט זייער מעגלעכקייט, שלאָגן זיך אָן, ווי קעגן אַן אײַזערנער וואַנט, די בעסטע, וואָגיקסטע און איבערצייגנדיקסטע אַרגומענטן פון די „קאַמפּיינער".

יאָ, דער פאַל פון די קבצנישע גבירים איז הויפּטזעכלעך אַ פּסיכאָלאָגישער. דאָס איז דער פאַל פון גייסטיק־אָרעמע מענטשן, וואָס טאַקע צוליב דעם פאַרדעכטיקן זיי נישט ווי ווייט אָרעם זיי זענען, שוין מיט זייער גבירישקייט.

1952

# אַ לשנה טובה אין אַ באַרג אַראָפּ־סביבה

דעם דורכשניטלעכן מזרח־אייראָפּעישן יידן, וואָס איז אַהער אַריבערגעקומען מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק, און מיט זיך מיטגעבראכט פון דער אַלטער היים אַ געוויסן (אמאָל אַ גרעסערן, אמאָל אַ קלענערן) גייסטיקן הינטערגרונט, אָדער, ווי די פּראָזע גייט, קולטורעלן באַגאַזש, — ווינטש איך, אַז ער זאָל אין דעם נייעם יאָר ענדלעך אויפוואַכן פון דעם לעטאַרגישן שלאָף, אין וועלכן ער ליגט שוין זינט היפּשע עטלעכע יאָר.

מיט דעם באַצי איך זיך אויף די קולטורלאָזיקייט, וואָס האָט זינט אַ לעגענדע צייט באַהערשט אים און זיין היים. און איך מיין נישט גראָד דעם פאַקט, אַז ס'איז שוין איצט גאָר אַ גרויסע זעלטנ־הייט, ממש אַ יקר המציאות, אַ יידישע היים אין מעקסיקע, אין וועל־כער עס זאָלן געהערט ווערן דברי תורה, אין רעליגיעזן אָדער אין וועלטלעכן זין. דאָס איז אויך אין דער אַלטער היים ניט געווען קיין צו אָפטע דערשיינונג.

וואָס ס'אינטערעסירט מיך אין דעם איצטיקן פאַל איז די פול־שטענדיקע מ ג ו ש מ ד י ק יי ט, וואָס ס'איז געוואָרן אַזוי כאַראַק־טעריסטיש פאַר דעם היגן דורכשניטלעכן יידן; זיין וואָס אמאָל מער אַנזעעוודיקע אומפעאיקייט זיך צו באַגייסטערן פאַר העכערע ג י י ס ט י ק ע ווערטן; זיין יעדן טאָג פון יאָר צום אויסדרוק קו־מענדיקע פּסיכאָלאָגישע איינשטעלונג פון נאכל ונשתה כי מחר נמות.

דער היגער „ייד פון גאַס" איז אַריינגעפאַלן אין דעם פאַרכי־שופטן ראָד פון אַ לעבנס־שטייגער, וואָס איז, גרונטזעצלעך, נישט אַ לעבן פאַר ז י ך , נאָר אַ לעבן פון נאָכאַנאַנדיקער ע ק ס ה י־

ב י צ י ע. א פערמאנענטער געיעג גייט אָן צווישן באפריינדעטע אָדער אפילו בלויז באקאנטע פאמיליעס, אין דעם זין פון ווער ס׳וועט ווערן באוויזן מער צו „פארבליפן״ מיט דער מדרגה פון אויסער־לעכן גלאנץ (ווען ער איז אפילו פון גאָר א צווייפלהאפטן עסטע־טישן געשמאַק).

ער איז אזוי „פארקאַכט״ אין אָט דעם מין „גנאַט אי פערע־גנאַט״, אז עס בלייבט אים שוין נישט קיין אויג און קיין אויער פאַר דעם גרויסן יידישן אַרום. איינער פון די „קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגות״, בלייבט ער בלינד און טויב צו דעם גראַנדיעזן בילד פון טיפער דראַמע און פון גרויסער שאַפונג, וואָס ס׳שטעלט מיט זיך פאַר דאָס יידישע היימלאַנד אין זיין איצטיקן, אויף פארשידענע פראַנטן זיך פירנדיקן קאַמף פאַר ז י י ן און אויפבלי.

ער איז פונקט אזוי גלייכגילטיק צו די פראָבלעמען און פראַגן פון זיין אייגענער, ד אַ ה י ק ע ר סביבה. ווייט איז פון אים דאָס ווילן פאַרטראַכטן זיך וועגן דעם מ אָ ר ג ן פון זיין א יי ג ע־נ ע ם ישוב, און במילא אויך די גרייטקייט מיט עפּעס ביייצוטראָגן פאַר דער פ אַ ר ז י כ ע ר ו נ ג פון אָט דעם מאָרגן.

געוויס ג י ט ער, דער דורכשניטלעכער היגער ייד. אָבער איר מוזט עס פון אים ממש מיט צוואַנגען אַרויסרייסן, און דאָס וואָס ער גיט יאָ, איז אפילו קיין „שיריים״ אויך נישט. סאיז ביי אים, ווי מען פלעגט עס אמאָל, אין פוילן, אָנרופן: „אָדטשעפּנעגאָ״.

אַן אינערציע, א ביז צו דער פארצווייפלונג פון די היגע עוסקי בצרכי ציבור גרייכנדיקע גלייכגילטיקייט צו די טראַסצענדענטאַלע פּראָבלעמען פון דעם יידישן מאָרגן אויף א וועלט־מאַסשטאַב, ווי אויך צו די, וואָס זענען ענג פארבונדן מיט זיין אייגענעם ישובס מאָרגן, — איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דורכשניטלעכן מעקסי־קאַנער יידן. „נישט זוך מיך דאָרט״, קען ער וועגן זיך זאָגן, „ווי ס׳האַנדלט זיך וועגן ק ו ל ט ו ר־אינטערעסן אין וועלכער ס׳איז פאָרם: געפינסט מיך דאָרטן נישט, מיין פריינט. ווו קאָרטן רוישן ביי „פּאָקער״ און „קאַנאַסטאַ״, דאָרטן איז מיין רוע־פּלאַץ...״

איז דען א וואונדער, אז אין אַזאַ מין גייסטיק אַטראָפּירטער (און אין געוויסע פאַלן אויך מאָראַליש פארגיפטעטער) אַטמאָספערע הויבן זיך אָן צו מערן סימפּטאָמען פון א „שלי שלי ושלך שלי״ — פּסיכיק? די טרויעריקע דערשיינונג פון דער באַנקראָטן־עפּידעמיע, וואָס האָט אין משך פון דעם פארגאַנגענעם יאָר אונז פארשווארצט

דאָס פּנים, ווי א ישוב, דאָ אין לאַנד, ווי אויך אין דעם יידישן אויס-לאַנד, — איז נישט פון הימל אַראָפּגעפאַלן.

איז ווענן אַט דעם אַלעם ווילט זיך מיר, ווי א לשנה טובה צום דורכשניטלעכן היגן יידן, זאָגן:

תכלה שנה וקללותיה.

— 2 —

און וואָס שייך דעם דורכשניטלעכן היגן יוגנטלעכן, וואָס זאָל איך אים ווינטשן?

ס'איז אַן אָנגענומענער כלל, אַז „קליינע קייען וואָס גרויסע שפּייען". טאָ ווי קען מען דערוואַרטן, א נישט טרויעריקס אַלגע-מיין בילד פון דעם דורכשניטלעכן היגן יידישן יוגנטלעכן אָדער יונגן מאַן? (ווענן דער קליינער מינדערהייט פון דער היגער יוגנט, וואָס לעבט זיך אויס אין יוגנט-אָרגאַניזאַציעס, און וואָס איז, בכלל, א כבוד פאַר אונזער ישוב, איז דאָ נישט די רייד.)

אָנהייבנדיק מיטן דורשניטלעכן אַדאָלעסצענט און ענדיקנדיק מיט א שוין פאַרהייראַטן „יונגן באַלעבעסל", האָט נישט דער הי-גער יידישער יוגנטלעכער דעם צוגאַנג צום לעבן, ווי צו א נאָכאַ-נאַנדיקער פליכט - דערפילונג; פאַר אים הייסט לעבן א נישט איבערגעריסענע קייט פון דערפילונגען פון גלוסטונגען און קאַפּריזן, מעגן זיי אויך זיין ווי ווילד און אבסורד.

דער דורכשניטלעכער יידישער יוגנטלעכער דאָהי איז נישט סאָציאַל איינגעשטעלט. דער באַגריף פון אָנגעהעריקייט צו א קאָ-לעקטיוו און פון פליכט באַוווסטזיין אים קעגנאיבער, איז אים לחלוטין פרעמד. די וועלט איז פאַר אים, אין זיין באַוווסטזיין, א גרויסער באַנקעט-טיש. ער איז בלינד און טויב צו דער אָרימקייט, נויט און מיזעריע פון דעם אַרום; ער באַמערקט עס בכלל נישט, און טאָמער איז עס שוין צו שרייענדיק, ווירקט אין אים בנוגע דעם „נישט אָנגענעמען" ספּעקטאַקל די פּסיכיק פון דער קעניגין מאַרי אַנטואַניעט, פון ערב דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָט, אין איר נאַיוויטעט, געזאָגט: „וואָס, דאָס פאָלק האָט נישט קיין ברויט? טאָ זאָל עס עסן לעקאַך"...

גאָר א גרויסער טייל פון אַט דער יוגנט וואַקסט אויף נישט אומ-מאָראַליש, אָבער אַמאָראַליש. איר עגאָצענטרישקייט, וואָס ווערט אין דער היים נישט נאָר נישט באַקעמפט, נאָר, אומגעקערט, גע-

פלעגט אויף פאַרשידענע אופנים (צווישן זיי די גאַר נישט זעלטן געגעבענע פופציק און אפילו הונדערט פּעזעדיקע „דאָמינגאָס”), — צעבליט זיך מיט יעדן יאָר אַלץ מער. דאָס איז אַ יוגנט, וואָס קען דינען ווי אַן אויסגעצייכנטע אילוסטראַציע צו דעם „נאָך מיר מעג קומען דער מבול”-באַגריף.

ווי אַ קלימאַקס פון אַט דער „דערציאונג” וואָס די היים גיט זיי, און וואָס ס'איז אַ דערציאונג צו אומממענטשלעכקייט, קומט דער נדן-קאָמפּלעקס, וואָס איז דער לייט-מאָטיוו פון די אַספּיראַציעס פון דעם בחור, און דער זיכערקייט געבנדיקער פאַקטאָר וועגן איר צו-קונפט, פאַר דעם דורכשניטלעכן חיגן יידישן מיידל. ס'איז הימל און ערד און נדן. ביי ביידן, סיי ביי דעם בחור און סיי ביי דעם מיידל, איז נישטאָ דער נאָרמאַלער עלעמענט פון קאָמפּס-לוסטיקייט און קאָמפּס-פרייידיקייט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש ביי אַ יונגן דור, וואָס איז אויפגעוואַקסן אין נ אָ ר מ אַ ל ע באַדינגונגען. דער דורכשניטלעכער היגער יוגנטלעכער איז דורך זיין ה יי ם דער-צויגן געוואָרן נישט אויפן גרונט פון אַרבעט און פליכט-דערפילונג, ווי אַ קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו, נאָר אויף דער באַזע פון „געניס בלויז און שטרענג זיך נישט צו פיל אָן, מיין קינד!”. אין אַנדערע ווערטער: די דורכשניטלעכע היגע יידישע טאַטע-מאַמעס האָבן אויפגעצויגן זייער בלוט און פלייש נ י ש ט „למעשים טובים”. וואָס דאָס מיינט ראשית כל אַן אַ ר ב ע ט ז א ם לעבן, נאָר צו פ אַ ר אַ ז י ט י ש ק יי ט.

טאָ וואָס איז זיך דאָ צו וווּנדערן, אַז ס'איז דאָ אויפגעוואַקסן, און וואַקסט אויך ווייטער אונטער, אַ יוגנט אַ צעבאַלעוועטע, אַ צע-ווילדעוועטע, מיט דעם „אידעאַל” פון אַלערליי „לוטשאַ-ליברע”-שלעק דורכגעדרונגענע, וואָס איר גרונד-באַגריף וועגן לעבן איז אַ שונד-באַגריף און וואָס איר גרעסטע, אַלץ אַרומנעמענדיקע אַספּיראַ-ציע, איז פ אַ ר וו יי ל ו נ ג ; אַן „אַ דיווערטירסע מוטשאַטשאָס!”-וועלט-באַנעם?

וואָס איז זיך שוין אויך דאָ צו וווּנדערן וועגן דעם א ו מ ג ל יי-כ ע ן קאַמף, וואָס עס קומט אין אַזעלכע באַדינגונגען אויס די היגע יידישע שולן צו פירן? אַ קאַמף ,אין וועלכן די שולן טוען אַלץ, וואָס איז נאָר מענטשלעך מעגלעך, איינצופלאַנצן אין דעם יונגן דור יי ד י ש ק יי ט , אין דער זעלבער צייט, ווען די דורכשניטלעכע הי-גע יידישע טאַטע-מאַמעס טוען אַלץ, וואָס איז נאָר אין זייערע הענט,

# מ ע ק ס י ק אַ נ י ש ע   ר ע פּ ל ע ק ס ן

א ו י ס צ ו ל ע ש ן  אין זייערע קינדער יעדן פונק פון  מ ע נ ט ש־ל ע כ ק יי ט .  אָט דער  ס אָ ב אָ ט אַ ז ש, וואָס די דורכשניטלע־א יי נ ע ר  פון אירע סאָבאָטאַזשן) פֿאַרשאַפֿט דאָך די דירעקטאָרן און דער יידישער לערערשאַפֿט פון די היגע יידישע שולן אַזוי פיל שפיכת דמים.

אַ טרויעריק בילד? אָבער אַן אמתדיק בילד, אַן די פליטערלעך, וואָס ווערן דיקטירט פון דעם פֿאַלשן און שעדלעכן „קנייפּ די באַקן, די פֿאַרב זאָל שטיין״־צוגאַנג.

מעג דעריבער אויך וועגן דעם דורכשניטלעכן יידישן אדאָלעס־צענט און יוגנטלעכן געזאָגט ווערן:

תכלה שנה וקללותיה.

1953

# באַדענקט זיך, יידן פון מיטלקלאַס!

מיינע ליבע מיטל־קלאַס יידן!

„קנייפּ די באַקן, די פאַרב זאָל שטיין", איז טאַקע אַ פיין פאָלקס־ווערטל, אָבער נישט אַלע מאָל איז עס גילטיק און נישט ביי אַלע געלעגנהייטן העלפט עס. ערשטנס פּאַסירט גאָר אָפטמאָל, אַז כדי „די פאַרב זאָל שטיין", דאַרף מען קנייפּן די באַקן ביז בלוט, און צווייטנס, האָט לינקאָלן געזאָגט, אַז מ'קען אָפּנאַרן אימיצן אויף אַ געוויסן פּלאַץ בלויז איין מאָל...

זאָג איך עס אַקעגן דעם, וואָס דאָס „קנייפּן די באַקן" ווערט פאַר אייך אַלץ מער ווייטיקלעך און דאָס אָפּנאַרן זיך אַליין — וואָס אַ מאָל שווערער...

מיר איז אויסגעקומען, מיט אַ סך יאָרן צוריק צו אָבסערווירן יידישע מיטל־קלאַס מענטשן אין וואַרשע. איך האָב זיי געזען אויף די באַרימטע נאַלעווקעס און גענשיע־גאַס, דעם צענטער פון מאַנו־פאַקטור־האַנדל, וואָס איז געווען אַ פּאַרוואַרצלטער געביט פון דעם וואַרשעווער יידישן מיטל־שטאַנד. זענען די מענטשן געווען פאַר־„פּראַצעוועט": די קאָנקורענץ איז געווען שטאַרק און כדי צו „מאַכן אַ קערבל" האָט מען געמוזט שווערלעך האַרעווען.

ביי דעם אַלעם איז אָבער דער אויסדרוק פון זייערע פּנימער געווען ממש אידיליש אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס ס'ליגט אין דעם אויסדרוק פון אונזערן אַ היגן דורכשניטלעכן מיטל־קלאַס־יידן, ווען ער טראַכט איבער דעם שוועל פון איינער פון די „יידישע" בענק, זוכנדיק אָפּיציעלן „קרעדיט", אַ פּריוואַטן גמילות־חסד ביי אַ „גוטן

ברודער״, אָדער גאָר א „טובה״ ביי די פּראָפעסיאָנעלע „טובה־טוער״...

פאַרוואָס אַט דער אונטערשייד? פאַרוואָס אַט די אויסערגע־וויינלעכע שפּאַנונג, וואָס, ווי איר זאָלט נישט „קנייפּן די באַקן״, די פאַרב זאָל שטיין״, מאַכט זי זיך גלייך באַמערקבאַר פאַר וועמען נאָר ס׳וויל האַלטן אָפן די אויגן אויף וואָס ס׳טוט זיך אַרום אים?

דער ענטפער איז ביז גאָר איינפאַך: דער יידישער מיטלשטאַנד־מענטש פון דער גענשיע־גאַס אין וואַרשע האָט, פונקט אַזוי ווי איר, מיינע ליבע פריינט, געהאַט זיינע צרות און עקאָנאָמישן קאָפּ־ווייטיק; ער האָט פונקט אַזוי ווי איר געמוזט, עקאָנאָמיש, זיך פרעגן „מאין יבוא עזרי״. ס׳איז אים קיינמאָל נישט געווען באַזונדערס וואָס מקנא צו זיין.

אין איין הינזיכט איז ער אָבער געווען אַנדערש פון אייך: ער האָט געלעבט אין די גרעניצן פון זיינע מעגלעכ־קייטן. ער האָט זיך עקאָנאָמיש אויסגעלעבט אין איינקלאַנג מיט די באַגריפן פון זיין שטאַנד: באַלעבאַטיש. און באַלע־באַטיש האָט געמיינט באַשיידן־באַקוועם, נישט וועלנדיק, בעסער געזאָגט, ניט האָבנדיק אפילו אין זינען ווען ס׳איז אויפצורייסן די אויגן אָדער פון דער אייגענער הויט אַרויסצוקריכן, כדי אימיצער זאָל דער באַלעבאַטישער פרוי מקנא זיין... דער באַלעבאַטישער ייד פון דער גענשיע־גאַס האָט קיינמאָל ניט געלעבט „נאַ פּאָקאַז״, און דאָס וועלן זיך אויספיינען, „גנאַט אי פּערעגנאַט״, וואָס שייך דעם קרייז פון זיינע פריינט און באַקאַנטע, איז אים קיינמאָל דורכן געדאַנק נישט אַדורך. געוויס, ס׳זענען אויך אין וואַרשע געווען, ווי אין יעדן ישוב, אירע „אויבערשטע פיר הונדערט״, די פּריוועסעס, די לעווי־טעס און זייערס גלייכן. דער דאָרטיקער מיטלשטאַנד־ייד איז אָבער קיינמאָל נישט צופרעסן געוואָרן פון דעם פאַרלאַנג זיך אָנצובלאָזן ווי יענע זשאַבע, וואָס אין קרילאָווס פאַבל האָט זי געהאַט אַזאַ שלעכטן סוף... דערפאַר האָט ער אויך (אין די ראַמען פון די אַל־געמיינע צרות פון דעם גאַנצן דאָרטיקן כלל) געקענט רואיק שלאָפן. נישט געקוקט אויף זיין פּעקל זאָרגן האָט ער, אין פאַרגלייך מיט אייך, מיינע ליבע פריינט, געקענט נישט נאָר רואיק שלאָפן, נאָר אויך, ווי דער שוסטער פון טאָלטאָיס מערקווירדיקער דערציילונג, זיך זינגען זאָרגלאָז לידער.

איר אָבער קענט עס נישט. איר ווערט טאָג־איין, טאָג־אויס צעפּרעסן, די מערסטע פון אייך, פון אַן אומזיכערקייט, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט יענער אומזיכערקייט, וועלכע איז בכלל כאַראַקטעריסטיש פאַר פּריוואַטער ווירטשאַפט פון דעם איצטיקן עקאָנאָמישן סיסטעם. א יי ע ר נישט זיכערקייט און א יי ע ר ע קאָפּ־ווייטיקן נעמען זיך פון דעם, וואָס, ווי זאָגט עס שלום־עליכם: „אויף אַ מכה אַ בלאָטער”. א יי ע ר צרה באַשטייט אין דעם, וואָס אַנשטאָט צו קוקן, עקאָנאָמיש, צום באָדן פון אייער וו י ר ק ל ע כ ק יי ט און צו שטיין אויף אים מיט ביידע פיס, — האַלט איר די אויגן פאַרריסן צו פאַלשע הימלען, און אַהין נאָר ווילט איר פליען. איר זענט ראָמאַנטיקער פון אַ קרענקלעכער איינרעדעניש, אַז ז יי ן הייסט זיין דאָס, וואָס איר זענט נ י ש ט; אַז אויסלעבן זיך הייסט לעבן וו יי ט א ר ו י ס פון די גרעניצן פון אייערע אייגענע, אמתע כוחות; אַז מאַכן דעם אָ נ ש ט ע ל קען פאַרטרעטן דעם פּלאַץ פון עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט.

טאָ וואָס זשע איז דער ווונדער אַז גאָר אַ סך פון אייך לעבן אין א צושטאַנד פון אַ שטענדיקער ערב־קאַטאַסטראָפע, און דאַנקען גאָט, ווען ס'קומט די צייט פון דעם שליסן די בענק און ס'האָט זיך זיי איינגעגעבן אַרויסצוגיין „מיט גאַנצע ביינער”? וואָס איז דער ווונדער, אַז אַזוי פיל צווישן אייך וו ע ר ג ן ז י ך מיטן „קרעדיט”, וואָס איז אַ שטעקן מיט צוויי עקן, ווייל פּונקט אַזוי ווי ער איז זיס ביים קריגן אים, ווערט ער אָפט גאָר ביטער, ווען ס'קומט דער טאָג פון צוריקצאָלן...

וועט איר, מיינע ליבע פריינט, אויך ווייטער אָנגיין מיטן לעבן „אָן חשבון”? זעט איר דען נישט בפירוש, אַז ס'איז געקומען די צייט, אַז דער דורכשניטלעכער היגער מיטל־קלאַס־ייד זאָל זיך אַ וויילע פאַרטראַכטן און זאָגן צו זיך אַליין: „שטעל זיך אָפּ, פלוני בן פלוני, און לאָמיר מאַכן אַ שטיקל חשבון הנפש. לאָמיר זען צי איז דער וועג פון לעבן א י ב ע ר די כוחות נישט אמאָל אַ פאַלשער. לאָמיר זען צי איז דאָס נאָכאַנאַנדיקע וועלן זיך „אויספּיינען” פאַר דעם און פאַר יענעם, און מיין ווייבס וועלן „יאָגן און איבעריאָגן” די אָדער יענע שכנה, אָדער די אָדער יענע פריינדין אָדער באַקאַנטע, בכלל נישט אַ קרומער געדאַנק, וואָס איז אַ געפאַר פאַר אונזער אַלעמענס עקאָנאָמישער צוקונפט. און צי מוז איך טאַקע פּראַווען שמחות צוליב אַלערליי אויפגעבלאָזענע סיבות און אויס-

געטראַכטע פּרעטעקסטן, וואָס זענען ווי אַ שווערער באַלאַסט פאַר מיין עקאָנאָמישער שיף, און וואָס ביי דעם קלענסטן שלעכטן וועטער, ווען די עקאָנאָמישע וואַסערן ווערן זיך נאָר אַביסל צעשטורעמען, קען ער, אָט דער באַלאַסט, ווערן אַ סיבה פון זינקען?... און ווו שטייט עס געשריבן, אַז אַ חתונה פון מיינס אַ קינד מוז פאַר מיר באַדייטן אַ ציפער, וואָס דערגרייכט צו פיר נולן און וואָס פאַר מ י ר מיינט עס גלייכצייטיק נייער קאַפּיטאַליסטיק וועגן „קרעדיט" פאַר עפּעס, וואָס איז ממש אַרויסגעוואָרפן? און בכלל, ז אָ ל איך, מ ע ג איך אויך ווייטער אָנגיין מיט אָט דער זעלבסט-מערדעריש - לייכטזיניקער עקאָנאָמישער פּאָליטיק אין מיין און מיין פאַמיליעס לעבן?

מיינע ליבע מיטל-קלאַס יידן, פאַרטראַכט זיך וועגן דעם אַלעם און געדענקט כל זמן ס'איז נאָך צייט, אַז איר, פאַרקריכט מיט אייער משונהדיקן וועלן דווקא לעבן א י ב ע ר די כוחות, אַליץ מער אין אַ ט ע מ פּ ן  װ י נ ק ל, אין וועלכן עקאָנאָמישע קאַטאַסטראָפעס קענען ווערן פאַר אייך אומפאַרמיידלעך.

1951

# צופיל דאָקטוירים

צוויי פּראָפעסיעס פאַרנעמען ביי אונז דעם אויבנאָן: מעדיצין און אינזשיניעריע. די ערשטע איז פאַרטראָטן מיט פופציק דאָקטוירים, און די צווייטע כמעט מיט אַזוי פיל אינזשיניערן. ווען מיר זיך אָפּשטעלן הויפּטזעכלעך אויף זיי, דערמאָנענדיק פאַרבייגייענדיק, אַז ס'איז גוט, וואָס דאָס פעלד פון אדוואָקאַטור איז גאָר ווינציק באַזעצט דורך יידן, ווייל דאָס איז אַ געביט, וואָס אין מעקסיקע הערשט אין אים אַ שטאַרקע איבער-פּראָדוקציע. ווען די אַלע „ליטענסיאַדאָס", וואָס, נישט קענענדיק מאַכן אַ לעבן דורך אַדוואָקאַטור, ווערן זיי טעטיק אין דער פּאָליטיק, וואָלטן געקענט אָפּגעצויגן ווערן צו אַנדערע טעטיקייט-געביטן, — וואָלטן אפשר א סך זאַכן אין מעקסיקאַנישן מלוכה-לעבן אַנדערש אויסגעזען.

ווי א געזונטע דערשיינונג וואָלט געקענט באַטראַכט ווערן די די צאָלרייכקייט פון אינזשיניערן, אויב מ'נעמט אין באַטראַכט דעם פאַקט, אַז מעקסיקע איז אין די לעצטע יאָרן אַריין אויפן ברייטן שליאַך פון אינדוסטריאַליזאַציע, וועלכע פאָדערט וואָס א מאָל מער טעכניקער אין די פאַרשידענע צווייגן פון אָט דער פּראָפעסיע.

דער אינדוסטריאַליזירונג-פּראָצעס פונם לאַנד איז ערשט אין זיין אָנהויב. די מעגלעכקייטן פון אַרבעט פאַר אַלע וועלן נאָך מערערע יאָרן זיין גרויסע, און צום סאַטוראַציע-פּונקט איז נאָך ווייט. דערצו קומט נאָך צו דער באַדייטונגספולער פאַקט, אַז געוויסע יידישע אינזשיניערן זענען אַליין אונטערנעמער און במילא אַרבעטסגעבער. ווען מיר זאָלן אפילו אָננעמען אַז די צאָל פון יידישע סטודענטן אין די פאַרשידענע היגע אינזשיניערן - שולעס איז, פאַרהעלטניסמעסיק, אַ גאָר באַדייטנדיקע, וואָס, אויף וויפל ס'איז באַקאַנט, איז עס נאָך ניט דער פאַל, איז אויך נאָך נישטאָ קיין געפאַר. אַלץ וואָס ס'האָט מצד יידן צו טאָן מיטן מאַטעריעלן אויפבוי פונם

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

לאַנד אין דעם ערשט נישט לאַנג צוריק אָנגעהויבענעם פּעריאָד פון מעקסיקעס אינדוסטריאַליזירונג, האָט אויסזיכטן נאָך אַ לאַנגע צייט נ י ש ט צו זיין אויסגעזעצט צו פּאָטענציעלער (אָדער פּאַקטישער) אָפּאָזיציע, מיט אירע עווענטועלע קאָנסעקווענצן, מצד דער מעקסיקאַנישער פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ...

גאַנץ אַנדערש זעט אָבער אויס די לאַגע, וואָס שייך דער „מ ע ד י צ י נ י ש ע ר פּראָפעסיע. די פּאַרייניקונג פון היגע יידישע דאָקטוירים: „אַרם מעדיציי", ציילט מער ווי זיבעציק מיטגלידער, און פון דער אַנדערער זייט, שטודירן איצט אויף דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון דעם היגן מלוכהשן אוניווערזיטעט נישט ווייניקער ווי זעכציק יידישע סטודענטן. דערביי מערקט זיך אַ טענדענץ, אַז זייער צאָל זאָל זיך מיט יעדן יאָר פאַרגרעסערן.

ווען מיר נעמען אין באַטראַכט, אַז מעקסיקע איז פאַר יידישע אימיגראַנטן פּאַקטיש פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער, דאָס הייסט, אַז די היגע יידישע באַפעלקערונג קען נישט וואַקסן דורך אַ צופלוס פון דרויסן, נאָר בלויז דורך „אינערלעכער אימיגראַציע", און אַז פון דער צווייטער זייט, איז די טענדענץ פון די היגע יידישע דאָקטוירים, אַלט און יונג, צוליב אַ גאַנצער רייע פאַרשטענדלעכע טעמים, וואָס האָבן צו טאָן מיט די ספּעציפישע באַדינגונגען, וואָס שאַפן זיך פאַר אַ יידישן דאָקטאָר אין דער פּאַרוואָרפנקייט פון דער מעקסיקאַנער פּראָווינץ און קליינשטאָט, ווי צום ביישפּיל, איינזאַמקייט-געפיל, — דאַן ווערט קלאָר, אַז אין פינף-זעקס יאָר אַרום וועט די לאַגע, וואָס וועט זיך האָבן געשאַפן פאַר די, צווישן הונדערט פופציק און צוויי הונדערט יידישע דאָקטוירים, וואָס וועלן דאָהי, אין דער הויפּטשטאָט, דאַרפן מאַכן אַ לעבן, נישט זיין קיין פריילעכע. זייער פּראָפּאָרץ צו דעם יי ד י ש ן ישוב וועט זיין אַ שטאַרק אומנאָרמאַלע, און זייער אומפאַרמיידלעכער פּרווו, דורך אַלע מעגלעכע מיטלען אויסצובררייטערן דאָס פעלד פון זייער פּראַקטיק, וועט נישט איינעם פון זיי ברענגען פנים אל פנים מיט דעם ווידערשטאַנד פון מעקסיקאַנישע דאָקטורים און במילא מיט דעם גאַנצן, אונז, צום באַדויערן, אַזוי גוט באַקאַנטן קלאַפּער-געצייג, וואָס ווערט אין אַזעלכע פאַלן באַנוצט...

איז עס אַ פּראָבלעם, וועגן וועלכן היגע טאַטע-מאַמעס און יידישע שטודירנדיקע יוגנט דאַרפן זיך א י צ ט פאַרטראַכטן.

1950

# וואָס מען דערציילט נישט דעם גאַסט

ס'איז אַן אָנגענומענע מיינונג, אַז שפּריכוועטער דריקן אויס בלי שום ספקדיקע אמתן. אין גאָר אַ סך פאַלן איז עס טאַקע אַזוי, אָבער ווי מיט יעדן כלל, איז אויך אין דעם פאַל פון שפּריכווערטער דאָ אַ היפּש ביסל יוצאי מן הכלל.

אַ טיפּישער אויסנאַם איז אין דעם כלל פון אמתדיקייט פון שפּריכווערטער, דאָס ווערטל, אַז „אַ גאַסט אויף אַ ווייל, זעט אויף אַ מייל".

לאָמיר נעמען אַ קאָנקרעטן פאַקט, וואָס וועט אונז באַווייזן, אַז עס קען אויך פּאַסירן, אַז „אַ גאַסט אויף אַ ווייל" זאָל נישט זען ווייטער פון זיין נאָז...

אָט קומט אַ חשובער גאַסט פון יידישן אויסלאַנד קיין מעקסיקע. ער איז אַ מענטש מיט אַ געוויסער געזעלשאַפטלעכער אָנזעעוודיקייט. ער איז נאָענט צו דער אָדער יענער יידיש-געזלשאַפטלכער שאַטירונג.

אין אַזאַ פאַל וועט ער שוין ווי געהעריק אויפגענומען ווערן דורך דער גרופּע, וואָס פילט זיך נאָענט צו אים. די מענטשן פון אָט דער גרופּע וועלן אים באַנקעטעווען; זיי וועלן קאָנקורירן צווישן זיך אין דער היינזיכט פון ווער ס'וועט אים מאַכן אַ שענערע אויפנאַמע ביי זיך אין דער היים. זיינע טעג דאָ וועלן פון שטאַנדפּונקט פון באַזוכן אין פּריוואַטע היימען, זיין אויסגעפילט, און זיין מיטאָגן — און אָונטברויטן - קאַלענדאַר וועט פשוט אימיצן לאָזן „געקריוודעט".

ס'וועט זיך שוין געפינען ווער ס'זאָל אים ווייזן אַלע מערקווירדיקייטן, מיט וואָס מעקסיקע קען שטאָלצירן קעגנאיבער אַ גאַסט פון אויסלאַנד. ס'וועט אויך נישט פעלן ווער ס'זאָל אים ווייזן אַלער-

ליי מערקווירדיקייטן אויסערהאלב דער „שטאט פון פאלאצן“, ווי, צום ביישפיל, טאקסקא, קוערנאוואקא, אדער וועט גאר א פלי טאן אדער א פאר טאן מיט אים קיין אקאפולקא.

איז וואס האט „דער גאסט אויף א ווייל“ געזען פון דעם יידישן מעקסיקע? אז יידן וויינען דא „הלואי ווייטער נישט ערגער“. ער וועט אוועקפירן מיט זיך אן איינדרוק פון די „פאלאנקאס“, פון די „לאמאס“, פון די „באריאקאס“; אן איינדרוק פון „יום-טוב אין דער וואכן“; פון זאטקייט, רואיקייט און זיכערקייט. „א ישוב פון יידן פארמעגלעכע, פון יידן נגידים, פון יידן גבירים. א ישוב „גארנישט צו פארזינדיקן“, וועט אזא גאסט צו זיך אליין זאגן, ווען ער וועט שפעטער, רעטראספעקטיוו, מאכן א סך-הכל פון זיינע יידיש-מעקסיקאנישע איינדרוקן.

איז אט דער סך-הכל איינדרוק אינגאנצן א ריכטיקער? האט דער „גאסט אויף א ווייל“ טאקע „געזען אויף א מייל“?

ניין, און טאקע נאך אמאל ניין.

זיינע גאסט-געבער און פארוויילער זענען געווען אזוי פארנומען מיטן ווייזן אים דעם דערפרייענדיקן אספעקט פון אונזער היגן לעבן דא, ווי אויך מיטן אויספיינען זיך פאר אים מיט ווילזיין און לוקסוס, אז ס'איז זיי פשוט אין קאפ נישט געלעגן צו לאזן אים זען אויך „די צווייטע זיין פון דער מטבע“. און אפשר האט טאקע זייער אונטערבאוווסטזיין, וואס לאזט זיי נישט געדענקען וועגן דעם, אז אין יידישן מעקסיקע איז אויך דא, אמת נישט קיין צו גרויסער, אבער אויך נישט קיין צו קליינער שיכט פון אָרעמע, וואס דאס לעבן האט שוין אוועקגעשטעלט אין א זייט, אדער פאראָרעמטע, וואס אָט- אָט אָט וועלן זיי דערטרונקען ווערן אין די צעשטורעמטע לעבנס-כוואַליעס, — געהאט צו טאן מיט דעם?

ווייל וואלטן זיי געווען פאראינטערעסירט, אז דער גאסט זאל ווימן דעם גאנצן אמת וועגן דעם ווי ס'לעבט זיך יידן דאהי, וואלטן זיי דאך נישט פארפעלט אים צו ווייזן, צווישן אנדערע היגע מערקווירדיקייטן, אויך די, וואס געפינען זיך אין גאר א באשיידענעם לאקאל אויף דער מאטאליניא גאס און ווו ער, דער גאסט, וואלט געקענט אזוי פיל לערנען וועגן אן אנדער טאג-טעגלעכקייט, וועגן וועלכער ס'איז געוויינלעך נישט אנגענומען א סך — אדער אפילו ווייניק — צו רעדן אין די „פאלאנקאס“, „לאמאס“ און „באריאקאס“.

און ס'איז באמת א שאָד, וואָס מען האָט דעם חשובן גאַסט פון אויסלאַנד נישט געבראַכט אין „הילפס-פאַריין". ער וואָלט דאָרט זיך דערוווּסט, אַז אויך אין מעקסיקע זענען דאָ שטאַרקע סאָציאַלע קאָנטראַסטן, באַזירט אויף דעם קעגנזאַץ צווישן עקאָנאָמישע בארג-שפּיצן און עקאָנאָמישן „ביים ראַנד פון אָפּגרונט".

ווי אינטערעסאַנט וואָלט פאַרן גאַסט געווען צו האָבן אַ גע-שפּרעך מיט אימיצן פון דער גרופּע עסקנים, וואָס שטעלן צונויף דעם „הילפס-פאַיינס'ס" פאַרוואַלטונג, וועגן דעם טעטיקייט-געביט פון אָט דער אינסטיטוציע. ער וואָלט דערפאַרן, אַז אויך אין מעק-סיקע זענען דאָ גאַרנישט ווייניק יידן, פאַר וועלכע דאָס לעבן איז שוין, אָדער האַלט ביי ווערן, אַ יאָמער-טאָל, און וואָס בלויז אַ דאַנק דער דיסקרעטער מאַטעריעלער און — וואָס ס'איז נישט ווייניקער וויכטיק — מאָראַלישער הילף מצד דעם „הילפס-פאַריין". פאַלן זיי נישט אַריין אין דעם אָפּגרונט, וואָס לויערט אויף זיי.

די עסקנים פון „הילפס-פאַריין" וואָלטן פאַר אים געמאָלט אַ רעאַליסטיש בילד פון יידישע פאַמיליעס, וואָס, האָבנדיק מיטגעמאַכט אין די מלחמה-יאָרן דעם שדים-טאַנץ פון „פּראָספּעריטי"-לוקסוס, זענען זיי נאָכער, ווען די צייט האָט אָנגעהויבן זיך צו נאָרמאַליזירן, אַראָפּגעפאַלן פון דעם פאַרצוויגענעם שטריק פון פאַלשן עקאָנאָמישן וווילזיין, אויף וועלכן זיי זענען געגאַנגען, און קענען זיך פון אָט דעם אַראָפּפאַל צוריק נישט אויפהייבן. יעדער פון אָט די יורדים איז אַ באַזונדערע, ספּעציפישע פּראָבלעם, וואָס מוז געלייזט ווערן דיס-קרעט, אַזוי, אַז דער נויטבאַדערפטיקער זאָל נישט פאַרלירן דאָס בי-סעלע גלויבן אין זיך, וואָס סאיז אים נאָך געבליבן נאָכן אַראָפּפאַל...

דער גאַסט פון אויסלאַנד וואָלט דאָרט אויך דערפאַרן וועגן אַ גאַנצער גאַלעריע טיפּן, וואָס דאָס לעבן האָט אָנגעהויבן זיי צו באַ-האַנדלען גרויזאַם, און וואָס זיי זאָלן איצט נישט טאָן, צו וואָס זיי זאָלן זיך נישט נעמען, גייט עס זיי „מיט דער פּוטער אַראָפּ". אויך זיי מוז מען העלפן, און מ'מוז עס טאָן אַזוי, אַז זייער זעלבסטרעס-פּעקט זאָל נישט ליידן, כדי זיי זאָלן אינגאַנצן נישט אַרונטערפאַלן ביי זיך און נישט ווערן „געוועזענע מענטשן"...

און וואָס וואָלטן די עסקנים פון „הילפס-פאַריין" אַלץ נישט גע-קענט אים דערציילן וועגן פאַמיליען-טראַגעדיעס און צעבראָכענע לעבנס פון דערוואַקסענע און קינדער, ווי אַ רעזולטאַט פון עקאָנאָ-מישן מאַרג אַראָפּ. וויפל טאַקט און סבר פנים יפותדיקייט פאָדערט

זיך אין אַזעלכע פאַלן צו לינדערן ווונדן, ווו נאָר מעגלעך, און נישט צו דערלאָזן צו דעמאָראַליזאַציע מצד די קרבנות פון אַזעלכע פאַמי־ליען־טראַגעדיעס, און צו זייער אַנטמענטשלעכונג!

און נאָך וואָלטן זיי אים דערציילט וועגן פאַמיליעס, וואָס שטיקן זיך אין די לעצטע קאָנווולסיעס, וויסנדיק, אַז עקאָנאָמיש זענען זיי פאַרמשפּט, אָבער וועמען דער „וואָס וועלן לייטן זאָגן" צווינגט צו מאַכן איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען צו „קנייפּן די באַקן, אַבי די פאַרב זאָל שטיין". אויך אַזעלכע, מיט דראַמאַטישער שפּאַ־נונג אָנגעלאָדענע פאַלן באַהאַנדלט דער „הילפס־פאַריין".

זענען דאָס בלויז עטלעכעביישפּילן פון דעם שלל פון אינפאָר־מאַציע וועגן דעם „ווי דער קוימען זעט אויס פון דער לינקער זייט", וואָס דער גאַסט פון אויסלאַנד וואָלט מיט זיך געקענט אַוועקפירן און, שפּעטער, דאָס אַלץ צוגעבן צו זיינע „לאָמאַס", „פּאַלאַנקאָ" און „באַרילאָקאָס"־איינדרוקן, ביים מאַכן זיין סך־הכל איינדרוק וועגן דעם, ווי „סלעבט זיך יידן אין מעקסיקע".

ער וואָלט אויך אַוועקגעפירט מיט זיך באַוווּנדערונג פאַרן „הילפס־פאַריין" פאַר זיין אַזוי וויכטיקע, פאַרשידנאַרטיקע און נאָ־בעלע סאָציאַלע אַרבעט, וואָס ער טוט שוין צענדליקער יאָרן, ברענ־גענדיק הילף צו יידן, סיי אין עקאָנאָמישן און סיי אין קערפּערלעכן זין, און — וואָס ס'איז נאָך אפשר וויכטיקער —געבנ־דיק מאָראַלישע שטיצע, וואַרימקייט און דערמוטיקונג צו מענטשן, וואָס שטייען, הילפלאָזע און פאַרצווייפלטע, ביים ראַנד פון אָפּגרונט...

דאָס וואָלט געווען איינער פון זיינע שטאַרקסטע און געדענק־באַרסטע איינדרוקן פון זיין באַזוך אינם יידישן מעקסיקע, און וואָלט געמאַכט זיין גרוס אין „אויסלאַנד" וועגן דעם „ווי עס לעבט זיך יידן אין מעקסיקע", פול און אמתדיק.

.1953

# אפשר טאַקע אַ פאַך?

צו אייך אַלע, וואָס, עקאָנאָמיש, טאַנצט איר אויף אַ שטריק, ווילט זיך מיר זאָגן:

ס'איז שוין צייט, אַז איר זאָלט ווערן אַ ביסל מער רעאַליסטיש און האַלטן אייערע אויגן מער אָפן אויף דער ווירקלעכקייט. און אויב אַזוי, ווערט שטאַרק אַקטועל דער ענין „תכלית" פאַר אייערע אונטערוואַקסנדיקע קינדער. דאָ קום איך צו דעם אייגנטלעכן צוועק פון מיין איצטיקן שמועס: צו דער „אַרט"-פאַך שול.

איך ווייס, אַז נישט ביי איינעם פון אייך וועט די ערשטע רע־אַקציע זיין: „וואָס? מיין קינד וועל איך מאַכן פאַר אַ בעל-מלאכה?" אַ, ניין, דאָס מיינט מען נישט מיך". דער כוח פון איינגעוואָרצלטע פאָראורטיילן וועט זיך דאָ אַרויסווייזן אין זיין גאַנצער קראַפט. אָבער יאָ, ברידער, דאָס מיינט מען טאַקע אייך.

אין אַ גוטער שעה האָבן „נדחי-ישראל"-„יבנה" און דער היגער „אַרט" זיך פאַראייניקט כדי געמיינזאַם צו דערמעגלעכן אַ געזיכער־טע עקאָנאָמישע עקזיסטענץ דורך מ ל א כ ה טאַקע פאַר זיין און טעכטער פון דעם היגן אָרימערן מיטלשטאַנד, וואָס זיין מאָרגן איז ווייט נישט געזיכערט און וואָס שוין היינט טאַנצט ער, עקאָנאָ־מיש, אויף אַ שטריק...

און לאָזט מיר אייך פרעגן: מיט וואָס איז עס צו זיין אַ פאַכמאַן ביי עלעקטרישע אינסטאַלאַציעס, צי אַן אויטאָמאָביל-מעכאַניקער, צי אַ ראַדיאָ-ספּעציאַליסט, צי אַ טעקסטיל-מעכאַניקער, אָדער אַ ספּעציאַליסטין-צושניידערין, צי אַ ספּעציאַליזירטע שוי - פענצטער דעקאָראַטאָרשע, צום ביישפּיל, ערגער פון זיין אַן „אויסגעשטודיר־

טער", וואָס מוז ערשט  ד אַ ן  גיין אַרבעטן צום טאַטן אָדער צום שווער אין פאַבריק אָדער אין געשעפט?

איז מילא, וואָס ס'איז שוין אָפּגעטאָן, איז פאַרפאַלן, אָבער וועגן דעם גורל פון אייערע  יינגערע  קינדער, די וואָס ענדיקן איצט אָדער וועלן אינגיכן ענדיקן מיטל-שול, — דאַרפט איר זיך ערנסט פאַרטראַכטן.

נעמט, מײַנע ליבע פריינט, נישט לײַכט אָט דעם ענין. ער איז דורכויס  אייערער,  כאָטש דער געדאַנק וועגן  מלאכה, האַנטווערק, פאַר אייערע קינדער, וועט אייך אפשר אין אָנהויב שאָקירן. די פון אייך, וואָס קוקן אָבער ווייטער פונם אייגענעם נאָז, וועלן  מוזן  איינזען, אַז לאָזן אייערע קינדער ווייטער ציען די טראַדיציע פון דעם עקאָנאָמישן „טאַנצן אויף אַ שטריק", איז גאָר קיין תכלית נישט און איז אויך פון צווייפלהאַפטער מאָראַלישער באַרעכטיקונג קעגנאיבער אייער אייגן פלייש און בלוט.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך פאַר זיי, וואָס וועגן דעם, אַז אויך מלאָכה קען זיין אַן  עקאָנאָמישע  קאַריערע, האָבן זיי ביז איצט אין זייערע היימען גאָרנישט געהערט, — וועט דער געדאַנק, אַז  זיי  דאַרפן עס טאַקע זיין די קאַנדידאַטן פאַר דער „אָרט"-שול, לכתחילה זיין פרעמד און אפשר אויך שאָקירנד. איז עס דעריבער, מײַנע ליבע פריינט,  אייער  אויפגאַבע זיי, ווי זייערע בעסטע, איבערגעגעבנסטע פריינט וואָס איר זענט, אויף אַ אינטים-האַרציקן אופן צו איבערצייגן, אַז  מלאָכה, פאַכלעכע אויסבילדונג, איז דאָס  בעסטע  פאַר זייער עקאָנאָמישער צוקונפט.

.1951

# אייער קינדס באַרוף

אין לעבן איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ נאַטירלעכער באַרוף, אַ געוויסע איינגעבוירענע נייגונג צו באַשעפטיקן זיך גראַד מיט איין געוויסער זאַך און לייגן גאָר אַ קליינעם ווערט אויף אַלערליי אַנדערע באַשעפטיקונגען.

שוין אין די גאָר יונגע יאָרן ווייזן זיך ביי דעם מענטשן סמנים פון זיין נאַטירלעכן באַרוף. גליקלעך איז דאָס קינד, ד ע ר אַדאָלעסצענט אַדער יוגנטלעכער, וועמענס עלטערן עס האָבן דאָס ריכטיקע אויג און דעם ריכטיקן אויער פאַר זייער קינדס נאַטירלעכן באַרוף, און העלפן אים אַרויסצוקומען אויף דעם ברייטן וועג פון פולן אויסלעבן זיך אין דער טעטיקייט, צו וועלכער ער איז באַרופן פון דער נאַטור. זיי שאַפן פאַר זייער קינד יענע געבענטשטע באַדינגונגען, וואָס מאַכן אים, ביים אַריינטרעטן אין פּראַקטישן לעבן, פילן דאָס וואָס מען רופט אַן יום-טוב אין דער וואָכן, ווייל טאָן, ווי אַ לעבנס-באַרוף, דאָס צו וועלכן דער מענטש פילט זיך באַרופן און וואָס ס'איז אים זינט זיין קינדהייט אונטערגעזאָגט געוואָרן דורך אַ טיפערער, אינערלעכער שטימע פון זיין באַוווסטזיין — איז איינער פון די גרעסטע סטימולן פון לעבנס-לוסטיקייט און לעבנס-פרייד. אויסנוצן פּראַקטיש אין לעבן דעם איינגעבוירענעם טאַלאַנט, הייסט דערגרייכן יענע צופרידנהייט, יענעם נשמה-געזאַנג, וואָס בלויז דאָס באַוווסטזיין פון שעפערישקייט קען געבן, און וואָס ס'ווערט אַזוי מאַלעריש אויסגעדריקט אין דעם באַגריף „כל עצמותי תאמרנה״. זיך אויסלעבן אין דעם איינגעבוירענעם באַרוף איז דאָס זעלבע ווי אָטעמען, גייסטיק און פסיכיש, מיט דער פולער ברוסט, אַריינאָטעמענדיק יעדעס מאָל די ריינע פרישע לופט פון באַפרידיקונג, פון

האַרמאָניע מיט זיך אַליין. דער, וועמענס לעבנסבאַשעפטיקונג איז די ,וואָס ער האָט פ ר יי ווי ל י ק אויסגעקליבן, ווייל צו איר פילט ער זיך באַרופן, האָט אויף אַ גליקלעכן אופן געלייזט אַ יי נ ע פון די צוויי פונדאַמענטאַלסטע פּראָבלעמען פון זיין אינטימען לעבן, וועלכע זענען: באַרוף און הייראַט.

אָבער ווי אָפט, ווי טראַגיש-אָפט פּאַסירט דאָס אומגעקערטע: אַ יונגנטלעכער (אָדער אַ יונגנטלעכע) טרעט אריין אין פּראַקטישן לעבן אַ פאַרביטערטער אָדער, אין בעסטן פאַל, אַ גלייכגילטיקער, אָן שום טיפערע סטימולן און אמביציעס, צוליב דעם, וואָס זיינע (אָדער אירע) עלטערן האָבן נישט געהאַט דאָס ריכטיקע אויג און דעם ריכ־טיקן אויער פאַר דעם ווערנטלעכן, איינגעבוירענעם באַרוף פון זייער קינד. געוויים האָבן זיי געוואָלט זיין גליק. זיי האָבן אים אָבער גע־וואָלט גליקלעך מאַכן אויף זיי ע ר א יי ג ע נ ע ם שטייגער, לויט זייערע אייגענע באַגריפן וועגן גליק און לעבן. די דאָזיקע טויבקייט און בלינדקייט צו דעם אינערלעכן באַרופט דראַנג ביי זייער קינד האָט אים ש ו י ן אַוועקגענומען אַ העלפט פון זיין פּאָטענציעלער לעבנס-פרייד, ווייל פּונקט אַזוי ווי פאַר דעם, וואָס לעבט זיך פולשטענדיק אוים אין זיין באַרוף, האָט דאָס לעבן אין זיך עפּעס יום-טובדיקעס און די וועלט איז פאַר אים אין אַ געוויסער מאָס, אַן אָפּשפּיגלונג פון גן-עדן, — אַזוי האָט פאַר דעם אומגליק־לעכן, וואָס מוז זיך אויסלעבן אין אַ לעבנס-באַרוף, וועלכער איז אָר־גאַניש נ י ש ט זיינער, און קעגן וועלכן זיין באַוווסטזיין, און נאָכמער זיין אונטערבאַוווסטזיין, הערט נישט אויף צו פּראָטעס־טירן, דאָס לעבן אַ ביטערן בייגעשמאַק, און ער פילט זיך אָפט אין דער וועלט ווי אין אַ טורמע. דאָס געפיל פון נישט האָבן דערפילט די לעבנס-מיסיע צו וועלכער די נאַטור האָט אים אייגנטלעך באַרופן, דעפּרימירט אים נאָכאַננד. אַזאַ מענטש איז אין געפאַר, אַז אָט די דאָזיקע פּערמאַנענטע פּסיכישע און גייסטיקע נישט-באַפרידיקט־קייט זאָל אויך זיין פאַרהייראַטן לעבן ברענגען צו אַ דורכפאַל.

„אשרי האיש" קען וועגן זיך זאָגן ד ע ר מענטש, וועמענס פּראָפעסיע, וועמענס לעבנס - באַרוף איז אין איינקלאַנג מיט דעם דיקטאַט פון זיין אינערלעכער שטימע. „אני הגבר" איז אָנגעפּאַסט אויף י ע נ ע אומגליקלעכע, וואָס מוזן זיך אָפּמאַטערן אַ גאַנצן לעבן, טוענדיק זאַכן, וואָס זענען זיי נישט צום האַרצן, צו וועלכע זיי האָבן קיין שום באַציונג נישט און פון וועלכע זיי וואָלטן געוואָלט

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

פטור ווערן ביי דער ערשטער מעגלעכקייט; אויף יענע אייביק אומצופרידענע, אויף ווענמענס באַציונג צו זייער לעבנס - באַרוף ס'זענען ווי אַגעמאָסטן די ווערטער פון אַ רוסישן פּאָעט: „געוועזן די ליבע איז אַן פרייד, אַן טרויער וועט די שיידונג זיין״.
1948

# געמיינזאמע פראבלעמען

עס זענען דא פראבלעמען, וואס נישט געקוקט אויף דער אויטאנאמיע אין דער אינערלעכער פירונג פון יעדער היגער יידישער שול (וואס איז א פאקט און דארף עס אויך ווייטער בלייבן), פאדערן זיי, ווי א לעבנס-נויטווענדיקייט, אז זייער באטראכטונג זאל ארויסגיין פון די דלד אמות פון יעדער איינציקער פון די שולן און זאל ווערן דער אביעקט פון א געמיינשאפטלעכער אנשטרענגונג פון אלע דערציער, ארום א „רונדן" (אדער וועלכן ס'איז אנדערן) טיש.

פונקט אזוי ווי דער ביישטייערער צום „פאריייניקטן קאמפיין" גיט זיין ביישטייערונג צום חינוך-וועזן אין אלגעמיין, דארף אויך קריגן בארעכטיקונג דער שטאנדפונקט, אז אויך וואס שייך דעם גייסטיקן, דערציערישן זין זענען דא *אלגעמיינע* פראבלעמען, וואס אי זיי דארפן אוועקגעשטעלט ווערן צו א ברייטער דיסקוסיע דורך דעם *גאנצן* היגן פעדאגאגישן קאלעקטיוו, אי זיי דארפן דורך אים ארויסגעבראכט ווערן פאר דער ברייטער עפנטלעכקייט.

איינע פון אט די פראבלעמען איז ווי אזוי א סוף צו מאכן צו דער אינערציע, וואס הערשט, אין א געוויסן זין, בנוגע דער פראגע ווי אנצוגיין מיט יידישער דערציונג און ווי צו פירן די יידישע לימודים. אין יאר טויזנט ניין הונדערט איין און פופציק אין א לאטיין-אמעריקאנישן לאנד, ווי ס'איז מעקסיקע.

ביידע: צייט און ארט, זענען פאקטארן אין אט דער פראבלעם. טויזנט ניין הונדערט איין און פופציק מיינט, אז ס'עקזיסטירט שוין מער נישט, ווי א שטענדיק גאלוואניזירנדיקער כוח, דער פריערדיקער מזרח-אייראפעישער קולטור-רעזערוואר, וועמענס באפרוכ-

טיקנדיקע שטראָמען ס׳זענען געגאַנגען סיי דורך עמיגראַציע, סיי
דורך אַנדערע מיטלען פון אויסשפּרייטונג.

טויזנט ניין הונדערט איין און פופציק מיינט אויך די פּילפּאָר־
ביקע אויסשטראַלונג פון מדינת־ישראל, וואָס מוז געפינען אַן אויס־
דרוק, וואָס זאָל אָרגאַניש זיך אַריינפּאַסן נישט בלויז אין דער יידי־
שער, נאָר אויך אין דער אַלגעמיין־מענטשלעכער אַנטוויקלונג,
פּונקט אַזוי ווי אין דער אַנטוויקלונג פון דעם מעקסיקאַניש־בירגער־
לעבן באַוווסטזיין פון דעם היגן אונטערוואַקסנדיקן דור.

אָרט: מעקסיקע, מיט אירע, וואָס שייך יידיש לעבן, באַדינגונ־
גען און ספּעציפישע שטאַרק נעגאַטיווע אויסוווקסן. דאָס איז געוויס
און געוויס אַ פאַקטאָר, וואָס דאַרף גענומען ווערן אין אַכט, ווי אַ
פּראָבלעם, וואָס איז א ל ג ע מ יי ן און וואָס יידישע דערציער
דאַהי דאַרפן אים ג ע מ יי נ ז אַ ם באַהאַנדלען.

געוויס: רוטינע איז באַקוועמער; אָבער דאָס קען נישט אויס
דער וועלט ברענגען דעם פאַקט, אַז אויף דעם אייגנטלעכן דערצי־
אונגס־געביט האָבן זיך דאָ אין מעקסיקע, אָנגעזאַמלט א ל ג ע מ י י־
נ ע פּראָבלעמען, פון וועלכע די אָנגעוויזענע איז בלויז איינע, און
וואָס פאָדערן מצד די דערציער אַ פּערמאַנענטן „רונדן טיש”, ביי
וועלכן זיי זאָלן דורכגעלופטערט און אויסגעדראָשן ווערן. קעגנזיי־
טיקע אינפאָרמאַציע וועגן דורכגעמאַכטע דערפאַרונגען און געדאַנ־
קען־אויסטויש, וואָס זאָל פירן צו אַ קאָרעקטער באַלייכטונג פון דער
ספּעציפישער לאַגע אין שייכות מיט דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער
עוואָלוציע, וואָס ס׳מאַכן דורך די היים־סביבת פון דער שול־באַ־
פעלקערונג, — דאָס אַלץ וואָלט געווען פון נישט אָפּשאַצבאַרן ווערט
פאַר דעם ג אַ נ צ ן שול־וועזן.

אפשר איז צו ספּעציפישע פּראָבלעמען נויטיק א ספּעציפישער,
נייער צוגאַנג, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן אונדזער איצטיקן אַלגעמיין־
יידישן היסטאָרישן מאָמענט, ווי אויך די אייגנטלעכע, כאַראַקטע־
ריסטישע שטריכן פון דער היגער יידישער סביבה. פאַרוואָס זאָל
נישט געמאַכט ווערן דער נויטיקער שריט, וואָס זאָל אין דער פאָרם
פון אַ געמיינשאַפטלעכער אָנשטרענגונג פון דעם ג אַ נ צ ן דער־
ציערישן קאָלעקטיוו, אַנטשפּרעכן די פאָדערונגען פון אונדזער היינט?

1951

# סאַבאָטאַזש מצד דער היים

מיר שטייען פאַר דעם טרויעריקן פאַקט, אַז די היים, וואָס אין נאָרמאַלע אומשטענדן, איז זי איינער פון די דריי זיילן אין דעם פּראָצעס פון דערציונג, איז דאָהי, אין דער גרעסטער צאָל פאַלן, ווי אַן אַקטיווער, מיט ענטוזיאַזם אָדער, ווייניקסטנס, מיט אַ געוויסער מאָס גוטן ווילן קאָאָפּערירנדיקער פאַקטאָר, אַזוי גוט ווי פאַרלאָרן.

דער אמת איז, אַז די דורכשניטלעכע מעקסיקאַנער יידישע היים איז דורכגעדרונגען מיט אַזאַ מין גייסט פון „נאכל ונשתה כי מחר נמות", מיט אַזאַ מין „נאָך מיר מעג קומען דער מבול"־זאָרגלאָזיקייט, אַז דער רעזולטאַט, פון דערציערישן שטאַנדפּונקט, קען גאָר גישט זיין קיין אַנדערער ווי סאַבאָטאַזש קעגן די שטאַרקע דערציערישע אַנשטרענגונגען פון די יידישע לערער אין די היגע יידישע שולן.

קאָנקרעט:

דער דערציערישער וועג, וואָס עס גייט די יידישע לערערשאַפט אין די היגע יידישע שולן, איז לאַגישערווייז דער וועג פון די סאָציאַלע אידייען און געדאַנקען פון עמוס און ישעיהו. דאָס איז די וועלט־אַנשויאונג פון לעבן, ווי אַ פ ל י כ ט ־ ד ע ר פ י ל ו נ ג. דאָס איז די וועלט־אַנשויאונג פון דעם „מיר", אין וועלכן דער „איך" איז אַ גליקלעכער באַשטאַנד־טייל, ווייל ער פילט, אַז בלויז אין פולער האַרמאָניע מיט דעם „מיר" קען ער זיין באמת ש ע פ ע ר י ש.

וואָס פאַר אַ זין קען אָבער דאָס אַלץ האָבן פאַר דעם קינד אָדער אַדאָלעסצענט, וואָס ביי זיך אין דער היים קריגט עס, פּראַקטיש, אַ פונקט פ אַ ר ק ע ר ט ע צוגרייטונג צום לעבן, אין דעם זין,

אַז זיין אָדער איר קלענסטער קאַפּריז, מעג ער זיין ווי אומלאָגיש אָדער אַפילו לעכערלעך, איז דאָס העכסטע געזעץ?

קעגן די גרעסטע דערציערישע אָנשטרענגונגען פון די יידישע פּעדאַגאָגן אין די שולן, קומט די פּראַקטיק פון דער היים, קעגן וועלכער די שיינע, דערהויבענע לערעס אין דעם זין פון עמוס אָדער ישעיהו, ווערן צעשמעטערט, ווי אַ שיפל, וואָס שלאָגט זיך אָן אין אַ מעכטיקן אונטער-וואַסער פעלז.

די דורכשניטלעכע היגע יידישע היים, אין וועלכער די עלטערן זענען באַהערשט דורך דער פיקס-אידייע, אַז דאָס, וואָס זיי האָבן נישט דערעסן און דערטרונקען אין די אַלטע היימען, זאָלן עס זייערע קינדער „אָניאָגן" הונדערטפאַך, און אין וועלכער די יונגע עלטערן, פון צווייטן דור, זענען אַליין דערצויגן געוואָרן אין אַזאַ מין אַטמאָספערע, — איז מסוגל צו שאַפן, און שאַפט טאַקע אין די קינדער אַ ווילדן, גרעניצלאָזן עגאָצענטריזם, מיט דעם באַגריף, אַז לעבן הייסט בלויז ג ע נ י ס ן.

די פּראַקטישע דערציונג וואָס די קינדער קריגן אין דער דורכשניטלעכער היגער יידישער היים איז, אין גרונט-גענומען, אַן אַ נ ט י - ס אָ צ י אַ ל ע , ווייל אַזיב קאַפּריז ווערט דערהויבן צו דער קאַטעגאָריע פון געזעץ, און דער „איך"-קולט ווערט נישט נאָר נישט באַקעמפט, נאָר ווערט אויף אַלע מעגלעכע אופנים געפלעגט אינם קינד, אַן וועלכער ס'איז קריטישער באַציונג צו אים, — דאַן מוז אַנטשטיין די געפאַר, אַז אין שפּעטערדיקע יאָרן וועט אָט דאָס קינד אָדער אָט דער אַדאָלעסצענט האָבן „צו זינגען און צו זאָגן", ווי אַ רעזולטאַט פון דער ווילדער, עקסטרעם-אינדיווידואַליסטישער איינשטעלונג, וואָס טאַטע-מאַמע האָבן אים מיטגעגעבן ווי צידה-לדרך אויף זיין לעבנס-וועג...

„ווען דער יתום וויינט, זעט עס קיינער נישט", זאָגט אַ יידיש שפּריכוואָרט. וואָס ווייסט דען די היגע געזעלשאַפטלעכקייט וועגן די שבעה מדורי גיהנום, וואָס ס'גייען אַפּט דורך אין די היגע יידישע שולן די יידישע לערער אָט טאַקע צוליב דער צ ו ו י ל ד ע-ו ע ט ק יי ט פון אַ יינגן דור, וואָס זיינע קאַפּריזן און אַפילו זיינע משונהדיקסטע איינפאַלן שטויסן זיך נישט אָן אין קיין ווידערשטאַנד אין זייערע היימען, אין וועלכע זיי ווערן טאָג איין, טאָג אויס דורכגעדרונגען בלויז מיטן פאַרלאַנג פון „אַ טעלעוויזיע-אַפּאַראַט, אַן אויטאָ, לאַנג לעבן און זיין רייך"...

# מעקסיקאנישע רעפלעקסן

נישט איין לערער פון די יידישע לימודים אין די היגע יידישע שולן שפּיט אויס די גאַל אין זיין סיזיף־אַרבעט מיט קינדער און אַדאָלעסצענטן, וואָס זענען פון היים אויס פּסיכאָלאָגיש נישט צוגע־גרייט צו וועלן וויסן וועגן מענטשלעכער נויט און סאָציאַלער אומגערעכטיקייט.

אין אַזאַ אַטמאָספערע פון פולשטעניקער אינדיפערענץ צו סאָ־ציאַלע איבלען, און במילא פון פולשטענדיקער נישט גרייטקייט אויף זיי צו רעאַגירן, ווערן קינדער דערצויגן אין דער דורכשניט־לעכער היגער יידישער היים, וועלכע איז נאָך אַלץ אַ „מדבר פון רייכטום און לוקסוס" און אין וועלכער, נאָך אפשר מער ווי ווען ס'איז פריער, ס'הערט זיך איצט דער „קלאַנג פון גאָלד און רויש פון פּאַקער".

נעמט נאָך דערצו אין אַכט, אַז יידיש (שוין נישט רעדנ־דיק פון העברעיש), טאַקע צוליב דער גלייכגילטיקייט פון די עלטערן, איז פאַר זייערע קינדער אַ פּ ר ע מ ד ע שפּראַך, וואָס פאָדערט פון זיי, כדי די לימודים זאָלן קענען אויף איר געפירט ווערן, אַ באַזונדערס גרויסע אָנשטרענגונג, און איר וועט ווידער אַ מאָל באַגרייפן פאַרוואָס דער וועג פון די יידישע לערער אין די היגע יידישע שולן איז נישט אויסגעשפּרייט מיט קיין רויזן... דער באַגריף „אָנשטרענגונג" איז אַ צו זעלטענער גאַסט אין דעם אופן פון דער פּראַקטישער דערציונג, וואָס די דורכשניטלעכע היגע יידישע טאַטע־מאַמע ווענדן אָן צו זייערע קינדער, און אין וועלכער דער כלומרשט נאָנטסטער, אָבער וואָס שייך גוטע רעזולטאַטן, דער ווייטסטער וועג פון דער פּאַטאַלער „ליניע פון קלענסטן ווידער־שטאַנד" איז דער אַליין־הערשנדיקער.

דער סאָ צ י אַ ל ע ר אַספּעקט פון דער דערציונג, וואָס דאָס קינד און דער אַדאָלעסצענט קריגן, פּראַקטיש, אין דער דורכ־שניטלעכער היגער יידישער היים איז, פאַקטיש, ס אַ ב אָ ט אַ ז ש קעגן דער אַרבעט, וואָס די ש ו ל באַמיט זיך צו טאָן, און קעגן אירע גרעסטע דערציערישע אָנשטרענגונגען סיי אויפן סאָציאַלן, סיי אויפן נאַציאָנאַלן געביט.

1952

# דערציונג און מענטשלעכקייט

ס׳איז קיין ספק נישט, אַז די יידישע היים אין מעקסיקע האָט שטאַרק געזינדיקט און זינדיקט אויך ווייטער אויף גאָר אַ גרויסן מאַסשטאַב. די לערער און דערציער אין די היגע יידישע שולן פאַלן אַפּט אַריין אין יאוש צוליב דעם, וואָס עס קומט פאָר, ווי „דערציאונג", אין יידישע היימען און וואָס ס׳איז, פון באמת דערציערישן שטאַנדפונקט, דיאַמעטראַל קעגנגעזעצט צו דעם, וואָס די שולן ווילן דערגרייכן. נאָך מער, גאָר אַ גרויסער טייל פון די היגע יידישע לערער און דערציער איז געקומען צו דעם גאָרנישט דערפרייענדיקן באַוווסטזיין, אַז די דורכשניטלעכע מעקסיקאַנער יידישע היים איז, פון יידיש-דערציערישן שטאַנדפונקט, ב אַ נ ק ר אָ ט און ס׳איז נויטיק, אַז פון די יידישע שולן זאָל אַרויסגיין אַ רוף צום קאַמף, דורך די קינדער, קעגן איר שעדלעכער ווירקונג.

אָבער דאָס אַלץ האָט צו טאָן נישט מיט פראַגן פון „שטייגער", נאָר מיט פּראָבלעמען פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, וואָס האָבן אַ שייכות צו מענטשלעכקייט בכלל, צום עלעמענטאַרן, נישט פאַרקריפּלטן פליכט-באַוווסטזיין פון דעם אונטערוואַקנדיקן דור.

בלויז אַן אומבאַדייטנדיקער טייל פון דער יוגנט, וואָס האָט געלערנט אין די יידישע שולן, האָט באַרעכטיקט די האָפענונגען, וואָס די לערערשאַפט האָט אויף איר געהאַט געלייגט. איר טרעפט אַט ד י יוגנטלעכע איצט אין יוגנט-אָרגאַניזאַציעס, ווו זיי לעבן זיך אויס גייסטיק און אויף אַ שעפערישן אופן. אָבער דאָס איז, ווי געזאָגט גאָר אַ קליינער טייל; די ווייט גרעסטע מערהייט איז אַ מין ווילד-גראָז. פון די מער, ווי טויזנט פאַרלעך, וואָס האָבן אין משך פון די לעצטע יאָרן דאָ חתונה געהאַט, פירן בלויז ג ע צ יי ל ט ע

א יידיש-קולטורעל לעבן. די אלע אנדערע פירן עס נישט, ווייל זיי זענען ווייט פון יעדער פארם פון קולטור.

זיי זענען דער פראדוקט פון זייערע היימען, ווו די זעלבע יידן, וואס האבן בייגעשטייערט (און שטייערן אויך ווייטער ביי) צו דעם אויפבוי פון שולן, האבן אבער, ווי געטריבן פון עפעס א מין „נאכל ונשתה כי מחר נמות״-אימפולס, געטאן בידים, ווען אפי־לו אומבאוווסטזיניק, אלץ וואס נאר מעגלעך, אז די ווירקונג פון דער שול זאל בלייבן מיקראסקאפיש-קליין.

דער אימיגראנטישער פעריאד, וואס איז דאהי געווען פאר די מערסטע יידישע עלטערן פארבונדן מיט קולטור-טעטיקייט, ווי אן אופן זיך לייכטער אריינצולעבן אין דער ווילד-פרעמדער סביבה, און איז געווען פארבונדן מיט די יארן פון גאר שווערן עקאנאמישן קאמף, — איז שוין לאנג אריבער. די מלחמה-יארן זענען פאר דעם רוב בנין ומנין פון דעם ישוב געווען א צייט פון שנעלן, און אין געוויסע פאלן, פון בליץ-שנעלן עקאנאמישן בארג ארויף.

צי די יידיש-קולטורעלע פארוואָרצלטקייט פון דער געוועזענער אימיגראנטן-מאסע און שפעטערדיקן פארמעגלעכן, רייכן און גאר רייכן מיטל-קלאס, איז לכתחילה געווען א צו שוואכע; צי ס׳האט גאר שטארק געווירקט דער פאקטאר פון „וישמן ישורון ויבעט״, אדער אפשר האט זיך עס געהאנדלט וועגן א קאמבינאציע פון ביידע סיבות, — איז א פראגע, וואס שטייט אפן צו דיסקוסיע. דא איז וויכטיק בלויז צו קאנסטאטירן דעם פאקט, אז די דורכשניט־לעכע מעקסיקאנער יידישע היים האט אנגעהויבן, גייסטיק צו דע־גענערירן. אין דער זעלבער צייט און פראפארץ, אין וועלכער זי איז, עקאנאמיש, געגאנגען בארג ארויף, האט זי, קולטורעל, אנגעהויבן זיך צו קייקלען בארג אראפ.

„קלאנג פון גאלד״ און „רויש פון פאקער״ זענען געווארן די קענצייכנס פון היגע יידישע היימען, און א „נאך מיר מעג קומען דער מבול״-אטמאספערע האט דארט אנגעהויבן צו הערשן. ס׳האט זיך אנגעהויבן א פערמאנענטער סנאבישער וועט-געלויף צווישן פאמיליעס אין דער פראגע ווער עס וועט רייכער, לוקסוספולער אויסשטאטן די היים. ס׳איז געווארן עפעס א מין „גנאט אי פערע־גנאט״ אויפן געביט פון אויסערלעכן גלאנץ.

„רייך ווערן״ און „געניסן״ זענען געווארן די נייע גייסטיקע „מאטאס״ פון דער דורכשניטלעכער יידישער היים. מענטשן זענען

אויף די גלייכע ווענט געקראַכן, צו איבערצייגן זיך אַליין און אויך די אַנדערע, אַז מען שטאַמט גאַר אייגנטלעך פון „אַריסטאָקראַטיע". מ'האָט, לעבנדיק אין דעם „מדבר פון ווילטאַג און לוקסוס", גע־וואָלט ווי אמשנעלסטן פאַרגעסן די אַמאָליקע, אימיגראַנטישע" פאַרגאַנגענהייט, און איינער פון די מער ווירקזאַמע מיטלען עס צו דערגרייכן, האָט מען געגלויבט, איז אויסצוגעבן געלט „מיט אַ ברייטער האַנט".

אין אָט דער „שדים-טאַנץ"-אַטמאָספּערע זענען געוואַקסן קינדער אין די מערסטע היגע יידישע היימען. עס האָבן נישט אויפגעהערט צו קלינגען אין זייערע אויערן דער סובסטאַנטיוו „געלט" און דער ווערב „מאַכן". דער האָט „געמאַכט געלט", יענער „מאַכט געלט", דער דריטער דאַרט „וועט מאַכן געלט" און דער פערטער „האַלט ביי מאַכן געלט". מאַכן געלט איז געוואָרן דער סימבאָל פון ווערטפולקייט, און די פיגורן פון די קאָרטן ביים שפּיל-טיש זענען געוואָרן די העראַלדיק פון דער נייער „אַריסטאָקראַטיע"...

צוליב אַ גאַנצער רייע סיבות פון  ע ק אָ נ אָ מ י ש ן כאַראַק־טער, אָבער אויך נישט ווייניקער צוליב דעם  פּ ס י כ אָ ל אָ ג י ש ן שטער, וועלכער איז געקומען דערפון, וואָס די יידישע אימיגראַציע קיין מעקסיקע איז אין איר ווייט-גרעסטן טייל געווען אַ  ק ל יי נ־ ב י ר ג ע ר ל ע כ ע, — האָט דאָהי קיין יידישער אַרבעטער-קלאַס זיך נישט געקענט אויסבילדן; אַ יידישן אַרבעטער דאַרף מען דאָ זוכן מיט ליכט, וואָס דאָס איז אַ ביז גאָר אַ נעגאַטיווער פאַקטאָר פון שטאַנדפּונקט פון יידישן קולטורעלן אויסלעבן זיך.

אַזוי אַרום האָבן יידישע קינדער אומאויפהערלעך געזען אין זייערע היימען די גלאָריפיצירונג פון „געלט מאַכן" און „געניסן", ווי פונדאַמענטאַלע לעבנס-באַגריפן. זייערע עלטערן, וואָס האָבן אין זייער אייגענער יוגנט געהאַט געוווסט וואָס ס'איז נויט, און געמוזט דורכמאַכן אַלערליי אופנים פון אַרבעט, ווי אַ מיטל אין דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ, — האָבן וואָס שייך זייער אייגן בלוט און פלייש, אַנגעווענדט  אַ גאַנץ נייע לעבנס-פילאָסאָפיע: פון „ברויט  אָ ן אַרבעט". וואָס זיי אַליין האָבן נישט געהאַט דערעסן אין זייערע אַלטע היימען, האָבן זיי געוואָלט, אַז זייערע קינדער זאָלן עס „קאָמ־פּענסירן" דורך אַ זולל וסובא לעבנס-אַרט.

אַ נייער וועג צו פאַרפעסטיקן דעם אויפגעבלאָזענעם, אָבער ווייט נישט זיכערן באַוווסטזיין פון „אַריסטאָקראַטיע" און פון

„אריסטאקראטישער" זעלבסטווירדע, איז געפונען געווארן: געבן די קינדער נישט נאר אלץ, וואס זיי קענען, און יעדער הינזיכט, פאר־דייען, נאר פילפאך מער; אט זאלן זיי, די קינדער, וויסן וואס פאר אן „אריסטאקראטן" זייערע עלטערן זענען.

און אזוי איז ביסלעכווייז אין דעם אונטערוואקסנדיקן דור, מיט די עלטערנס ברכה, אויפגעקומען א לעבנס־פילאזאפיע, און וועלכער נישט „דאס לעבן, ווי א פליכט־דערפילונג", נאר „דאס לעבן, ווי אן אומאויפהערלעכער גענוס" פארנעמט דעם הויפט־פלאץ. די וועלט איז, לויט אט דער, גרונטזעצלעך, אנטי־סאציאלער אנשוי־אונג, איין גרויסער, נישט איבערגעריסענער באנקעט, און מען דארף נאר צוגיין צום טיש, אויסציען די האנט נאך דעם געריכט, וואס ס'געפעלט אויגנבליקלעך מער, און געניסן, געניסן...

איז דען א וואונדער, אז דער פראדוקט פון אזא מין דערציונג אין דער היים זענען איצטיקע עגאצענטריקער, וואס זייער „קרעדא" איז „איך און מיינע שיך"?

ווי האט זיך דארט אנומלט אויסגעדריקט א יוגנטלעכער, ווען מ'האט אים געפרעגט צי ער איז גרייט צו זיין שול־עקזאמען, וואס ער האט געדארפט דורכמאכן צומארגנס:

— און טאמער וועל איך דורכפאלן, וועל איך זיך אויך נישט נעמען שטארק צום הארצן. ערגעץ ווו ווארט דאך אויף מיר שוין דאהי סיי ווי סיי א גרויסער נדן, מיט א כלה נאך דערצו.

מיט אזא מין הינטערגרונט, ווו האבן שוין יידישע טאטע־מאמעס געהאט דעם ווילן, די צייט און די נויטיקע געדולד צו זארגן פאר יידישע דערציונג פון קינדער און אדאלעסצענטן אין זייערע היימען?

און ווי מען בעט זיך אויס, אזוי שלאפט מען. וויסטער „סנאב־ביזם" און די פארשיכורטקייט פון דעם „ארויפארבעטן זיך", פון דעם „מאכן געלט" האבן אויסגעליידיקט די דורכשניטלעכע היגע יידישע היים פון יעדן גייסטיקן אינהאלט, און במילא פון יעדן יידיש־קולטורעלן פארלאנג.

איז עס דעריבער נישט קיין ענין פון קלאגן אויף פארלוירענעם „שטייגער" נאר פון פארטראכטן זיך וועגן עפעס, וואס איז פיל ערנסטער: וועגן דעם טרויעריקן מצב, צו וועלכן ס'האט זיך דער־קייקלט די דורכשניטלעכע מעקסיקאנער יידישע היים, ווהין ס'האט אנגעהויבן ארייננצודרינגען סאציאלע דעגענעראציע, מיט איגנא־

# סאלאמאן קאהאן

ראנג און גרינגשעצונג פון קולטור־ווערטן בכלל, ווי צוויי פון אירע אומגליק אנזאגנדיקע סימפטאמען.

1952

# די קללה פון טעלעוויזיע

צו די פארשידענע ערנסטע געפארן וואס לויערן, פון שטאנד־פונקט פון יידישן נאציאנאלן און קולטורעלן המשך דאהי אויף דעם אונטערוואקסנדיקן דור, איז לעצטנס צוגעקומען נאך איינע, וואס איז א מכה שלא כתובה בתורה. איר נאמען איז טעלעוויזיע.

צו דער אנטשטייאונג פון אט דער געפאר האט ביגעטראגן א קאמבינאציע פון נעגאטיווע פאקטארן, סיי פון דער אויסערלעכער סביבה: פון דער מעקסיקאנישער גאס, און סיי פון דער אינערלעכער סביבה: פון דער דורכשניטלעכער יידישער היים. דער אדאלעסצענט און דער יוגנטלעכער זענען די קרבנות פון אט דער שעדלעכער קאמבינאציע.

קרבנות? אנו, פרוווט נאר א פרעג טאן א היגן יידישן בחור צי ער באטראכט זיך אלס קרבן פון טעלעוויזיע. ער וועט אויף אייך א קוק טאן מיט מיטלייד, ווי עס קוקט געוויינלעך א מיושבער אויף א חסר־דעה. ער, א קרבן? קיין גליקלעכערעס וועזן פון אים קען גארנישט זיין. זיצט ער דען נישט, בעסער געזאגט, ליגט ער דען נישט אפ לאנגע שעהן, וואס גייען פאר אים פארביי ווי מינוטן, קעגנאיבער דער „פאנטאזיע" פון דעם טעלעוויזיע־אפאראט, פאר־געסנדיק די גאנצע וועלט, טאטע־מאמע אריינגערעכנט, און זיך קוויקנדיק מיט דעם וואס ער זעט דארט? זענען דען יענע שעהן נישט פאר אים א צייט־אפשניט, ווען ער פארגעסט אין אלץ און אלעם? ווען ער וויל מער גארנישט און דארף מער גארנישט? און ווי באקאנט, איז א צושטאנד, אין וועלכן א מענטש איז אזוי צו־פרידן, אז ער האט איבערהויפט נישט מער קיין פארלאנגען, דער צושטאנד פון גליק.

וואס זשע מאכט עס אים אזוי גליקלעך?

דאָס קוקן אויף איינעם פון די מיאוסטע, עקלהאַפטסטע, מיט מאָרד־אינסטינקטן און בלוטדורשט אָנגעפילטע ספּעקטאַקלען, וואָס מ׳קען זיך איבערהויפּט פאָרשטעלן: „לוטשאַ ליברע”. אַ ספּעקטאַקל אָן עטיק און אָן עסטעטיק; אַ ספּעקטאַקל, וואָס איז סם־המות פאַרן קינד, פאַרן אַדאָלעסצענט, פאַרן יוגנטלעכן; אַ ספּעקטאַקל, וואָס, ווען עלטערן וואָלטן זיך אָפּגעגעבן אַ רעכנונג וועגן דער טויטלעכער געפאַר, וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר פאַר דער גייסטיקער צוקונפט פון זייערע קינדער, וואָלטן זיי קיין פיר און צוואַנציק שעה מער נישט געלאָזט זייער בלוט און פלייש זיך קוויקן מיט אים, אפילו ווען זיי וואָלטן, כדי זייערע קינדער זאָלן מער אים נישט קענען אָנקוקן, זיך געמוזט שיידן מיט דעם טעלעוויזיע־אַפּאַראַט.

אָבער דאָס וואָלט דאָך שוין געהייסן צו פיל פאַרלאַנגט פון היגע יידישע עלטערן, פאַר וועמען דאָס „גיין מיט דער מאָדע” איז דאָס העכסטע געבאָט, אפילו ווען דאָס זאָל באַדייטן אַריינשטעכן זייערע אייגענע קינדער, גייסטיק, אַ מעסער אין רוקן.

ווייל וואָס דען, אויב נישט אַן אַריינשטעכן אַ מעסער אין רוקן אייערע אייגענע קינדער, באַדייט אייער שטילשווייגן אין אָנבליק פון דעם סקאַנדאַל, וואָס ס׳איז אייערע קינדערס זיך פאַרשיכורן אין משך פון גאַנצע שעהען מיט דער „לוטשאַ ליברע”?

וואָס, אויב נישט באַגיין אַ פאַרברעכן קעגן אייער אייגן בלוט און פלייש, באַדייט אייער פּאַסיוויטעט אין אָנבליק פון דעם לאַנגזאַמען פאַרטעמפּט ווערן פון אייערע קינדער, ווי אַ רעזולטאַט פון זייער פולשטענדיקן פאַסציני́רט ווערן דורך ברוטאַליטעט, וואָס ווערט דערבראַכט צו דעם העכסטן גראַד? קלינגט נישט אין אייערע אויערן, ווי אַ וואָרנונג, אַז ס׳קען ווערן צו שפּעט, די טייוולישע פרייד, וואָס פילט זיך אין זייער אויסגעשריי: „סאַנגראַנדאָ”? (1)

האָט איר, עלטערן, דען נישט קיין דירעקטן חלק אין דעם גייסטיקן באַרג אַראָפּ פון אייערע קינדער, ווען ביי אייך איז רעכט, אַז זיי זאָלן אין משך פון עטלעכע שעה פאַרלירן דעם צלם אלהים, מיטלעבנדיק אינטענסיוו די מיניאַטור־מאָרדן אויף דעם „לייוונט”, און דערהויבנדיק שפּעטער די „לוטשאַ ליברע” צו אַ מין רעליגיע, אַ קולט פון דער גאָרילע?

זענט איר, דען, עלטערן, נישט די דירעקטע שולדיקע אין דעם, וואָס אייערע קינדער קענען אויף אויסווייניק אַלע נעמען, געשעע־

(1) „סירינס פון אים בלוט!”

נישן, קלאַנגען און גלאַט אַזוי ריידערייען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער „לוטשאַ ליברע", און באַטראַכטן ווי זייערע אויסגעטרוימטע העלדן די אַלע מינים פאַרשוינען, וואָס זענען פּאָטענציעלע קאַנדידאַטן אויף צו באַוווינען די מעקסיקאַנישע טורמעס, ווענערישע שפּיטאָלן, משוגעים-הייזער אָדער „איסלאַס מאַריאַס"? (2)

פרעגט אַקאָרשט די לערער פון די היגע יידישע שולן, און זיי וועלן אייך געבן דעם ריכטיקן באַשייד וועגן א יי ע ר ראָלע אין אָט דעם דעגענערירונגס-פּראָצעס, וואָס אייער בלוט און פליישׂ מאַכט דורך צוליב דער „לוטשאַ ליברע", וועלכע פאַרנעמט מיט יעדן טאָג אַלץ אַ גרעסערן פּלאַץ אין אייערע קינדערס מוחות. זיי, די לערער, וועלן אייך אויפקלערן, אַז אין געוויסע פאַלן איז טאָלעראַנץ פ אַ ר ב ר ע כ ן און אַז איר וועט נאָך ווען עס איז טיף באַדויערן אייער איצטיקע לייכטזיניקע באַציונג צו אייערע קינדער, ווען מען איר גיט, וועכנטלעך, איין אַ ביסעלע סם אין דער פאָרם פון „לוטשאַ ליברע" אין אייערע טעלעוויזיע-אַפּאַראַטן.

ס'איז שעת הסכנה. אַ ווילדע שרפה צעבושעוועט זיך אַלץ שטאַרקער אין די מוחות פון אייערע קינדער; אָבער איר, עלטערן, זיצט זיך רואיק אין אייערע פאַבריקן, „דעספּאַטשאָס" און געשעפטן, „מאַכנדיק אַ לעבן" און זייענדיק איבערצייגט אַז דאָס פאַרזאָרגט איר על הצד היותר טוב אייער נאָכוווקס. אַז אין אייערע הייםען קומט פאָר א שרפה, פון וועלכער די, וואָס וועגן זייער צוקונפט זאָרגט איר זיך, וועלן זיין די קרבנות און וועלן אַרויסגיין גייסטיקע קאַליקעס אויף זייער גאַנץ לעבן, — דאָס פאַלט אייך גאָרנישט איין.

אָבער דורך אייער נאַאיוויטעט, אום נישט צו זאָגן, דורך אייער פאַרברעכערישן לייכטזין, וועט די לאַגע נישט בעסער ווערן, און מיט יעדן מאָל, וואָס אייערע קינדער זייגן אין זיך אַריין די פון חיהשער בלוטדורשטיקייט און פון שווידערלעכער ברוטאַליטעט באַשטייענדיקע „לוטשאַ ליברע", ווערט א יי ע ר שולדיקייט לגבי זיי אַלץ ג ר ע ס ע ר. און ווען דער פאַטאַלער פּראָדוקט פון אָט דער דערציונג, וואָס א י ר גיט זיי, דורך אייער שטילער צ ו - ש ט י מ ו נ ג, וועט קומען, וועט איר פאַר אייער אייגענעם געוויסן, וואָס וועט אייך מאַטערן, קיין שום פאַראַנטפערונג נישט האָבן.

.1952

(2) אינדזלען, וואוהין סיווערן אין מעקסיקע פאַרשיקט געפערלעכע פאַרברעכער.

# דערציונג צו פּאַראַזיטישקייט

וואָס קען דען נאָך זיין שענער ווי די אַנטשלאָסנקייט פון אַ יונגן מאַן, וועלכער גייט אָנהייבן אַ פאַמיליע־לעבן, אויסצושמידן ע ר א ל יי ן, זיין צוקונפט?

וואָס קען נאָך זיין שענער ווי דאָס ווענדן זיך פון אַזאַ יונגן מאַן צו דער, וואָס ער האַלט פאַר דער אויסדערוויילטער פון זיין האַרץ, מיט דער פאַרזיכערונג, אַז איר ליבע צו אים וועט אים אינספּירירן צו די גרעסטע אָנשטרענגונגען, און אַז זי, די ליבע, וועט פאַר אים אַפילו דאָס שווערסטע מאַכן לייכט? קען דען אין נאָרמאַלע אומשטענדן זיין אַ גרעסערע באַפרידיקונג פאַר אַ יונגן מאַן, ווי דאָס, וואָס ס׳פאַרשאַפט דאָס באַוווסטזיין פון זיין — אין שעפעריש־גייסטיקן זין — אַ מאַן?

ווען איז דאָס אָבער אַלץ געוואָרן? ווען דער בחור איז דערצויגן געוואָרן אין אַן אַטמאָספערע, וואָס איז מסוגל אַזאַ מין באַגריף פון מענערישקייט צו סטימולירן; ווען אין דער היים וואָלט אין אים איינגעפלאַנצט געוואָרן דער באַגריף וועגן לעבן, ראשית כל, ווי אַ פ ל י כ ט . ווען שעפערישע אָנשטרענגונג וואָלט אין אים איינגעאימפט געוואָרן פון די פריסטע יאָרן.

איז אָבער אין א סך היגע יידישע היימען אַט דער באַגריף פון הייליקייט פון דערגרייכן דורך אָנשטרענגונג, פון פליכט־באַוווסטזיין און פון דער ברכה פון „יגיעת כפיך כי תאכל", גאָר שוואַך אַנגעווענדט געוואָרן אין דער דערציונג פון די יונגינקע קינדער, און נאָך וויניקער וואָס שייך די אונטערוואַקסנדיקע אַדאָלעסצענטן. ק אַ פּ ר י ז מצד זיי פלעגט זיין ג ע ז ע ץ. יעדע מאָס און פראַפאַרץ פלעגט פאַרגעסן ווערן אין דער מישטיינס געזאָגט דערציונג,

וואָס זיי האָבן געקראָגן אין דער, דורך דעם באַוווסטזיין פון (אמתער אָדער בלויז אילוזאָרישער) „פּראָספּעריטי" אונטערגעגראָבענער גייסטיקער אַטמאָספערע פון אַזעלכע היימען.

און ס'זענען אויסגעוואַקסן בחורים, וואָס אויב פון דעם ריין פיזיאָלאָגישן שטאַנדפּונקט זענען זיי „צאַצקעס", פעלן זיי אָבער, אַזוי צו זאָגן, גייסטיקע מוסקולן. זיי ווייסן נישט פון דער פרייד, וואָס ס'פאַרשאַפט אַ יונגן מענטשן, ווען ער שטייט אויפן שוועל פון דעם טראַנסצענדענטאַלסטן אַקט אין מענטשלעכן לעבן: היירעט, דאָס באַוווסטזיין פון קאָמפּלוסטיקייט און קאָמפּבאַרייטקייט זיך אויס־צושמידן, ע ר א ל יי ן, אַ ן עקאָנאָמישע צוקונפט פאַר זיך און פאַר זיין האַרצנס־אויסדערוויילטער. ס'פעלט זיי די פרייד פון קאַמף און די פריידיקע וויזיע פון זיג.

וואָס כאַראַקטעריזירט אַזאַ מין בחור, וועלכן מיר באַגעגענען דאָהי אַזוי אָפט? ס'איז נישט אָנגענעם אַרויסצוזאָגן דאָס וואָרט, אָבער דאָס איז עס: אַ געוויסע פּ אַ ר אַ ז י ט י ש ק יי ט. דערצויגן אין דעם באַגריף, אַז נישט שעפערישע אָנשטרענגונג, נאָר זאָרגלאָ־זער גענוס איז דער רוקן־ביין פון לעבן, קומט ער צו דעם מאָמענט פון אַריבערטרעטן דעם שוועל פון פאַמיליען־לעבן, אין באַדינגונגען פון מאָראַלישער דעגראַדירונג.

ווי אָפט הערן מיר דאָ װעגן פאַלן, ווען אַ בחור, וואָס האָט אַ געוויסע צייט „אויסגעשעוועט" אַ מיידל, דערקלערט זיך איר ענדלעך אין ליבע מ י ט ב אַ ד י נ ג ו נ ג ע ן: „איך האָב דיך, טייערינקע, ליב, שטאַרק ליב! אָבער חתונה האָבן וועל איך מיט דיר נאָר דאַן, ווען דיינע עלטערן וועלן מיר געבן אין נדן..." (דאָ קומען די באַדינ־גונגען פון דעם קאַנדידאַט אויף אַ חתן. געוויינלעך זענען עס: אַ פאַ־בריק אָדער „דעספּאַטשאָ", אַ „קאַטשע", אַן איינגעאָרדנט הויז אָדער, וויניקסטנס, אַ לוקסוספול אויסמעבלירטע וווינונג, און דערצו אַ סומע געלט, וואָס איז געוויינלעך נישט וויניקער פון אַ ציפער מיט פינף נולן.).

דאָס איז „אהבה שתלויה בדבר" אין פּ ו ל ס ט ן זין, און עס האָט אויך אַ ספּעציעלן נאָמען, וואָס ס'איז בעסער נישט צו דערמאָנען.

איז דען אַ וווּנדער, אַז שפּעטער, שוין נאָך דער חתונה, ביי דער ערשטער עקאָנאָמישער שוועריקייט, וואָס ביי אַזעלכע, צום לעבן נאָר וויניק צוגעגרייטע יונגע באַלעבעסלעך, וואַקסט זי אין זייערע

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

אויגן אוים צו קאַטאַסטראָפאַלע דימענסיעס; איז דען אַ וואונדער, אַז אַזעלכע יונגע־לייט, ווען די האַניק־חדשים זענען נאָך נישט איינגאַנצן אַריבער, אָדער זיי זענען נאָך אַ גאַנץ פרישע דערינערונג, —באַשליסן ביי זיך מיט אַ לייכטן געמיט צו פאַרלאַנגען פון שווער און שוויגער איין מאָל און אַ צווייטן און אַ דריטן מאָל וועזנטלעכע „געלט־איינ־שפּריצונגען", באַגלייט, אין פאַל פון נישט באַרייטקייט אָדער שוואַכער וויליקייט מצד דער יונגער פרוים עלטערן נאָכצוקומען אַט דעם פאַרלאַנג, מיט דער דראָאונג אָפּצושיקן איר צוריק צו אירע טאַטע־מאַמע?... און ס'פּאַסירט אויך אַ מאָל, אַז די דראָאונג ווערט פאַר־וואַנדלט אין טרויעריקע ווירקלעכקייט.

אַן עקלהאַפטע האַנדלונג? געוויס, אָבער זענען דען אַט די יונ־גע לייט, מיט זייער אַבסאָלוטער אומפאַרשטענדניש פון דעם אמתן זין פון לעבן און פון דער פרייד, וואָס גייסטיקע מענערישקייט, אוים־געדריקט אין פריידיקער וויליקייט צום קאַמף און צו שעפערישער אָנשטרענגונג, פאַרשאַפט, אַריינברענגענדיק אַן עלעמענט פון שיינ־קייט אין דעם לעבן פון אַ יונגער פאַר, — נישט קיין קרבנות פון אַ פאַרקריפּלטער דערציונג אין זייערע היימען, וואָס האָט אומפאַר־מיידלעך געמוזט פירן צו פאַראַזיטישקייט ווי אַ רוקן־ביין פון זייער לעבנס־באַנעם?

1950

# דער דורכשניטלעכער סטודענט

אויסגעוואַקסן אין היימען, ווו די יידישע שפּראַך איז נישט נאָר, וואָס זי האָט נישט דאָמינירט, נאָר איז ממש פאַרשטויסן געוואָרן, און ווו יידיש לעבן און יידישע פּראָבלעמען זענען ,ווייניקסטענס, אין זיין אַנוועזנהייט נישט דיסקוטירט געוואָרן, — איז ער אַריינגעטראָטן אין דער מעקסיקאַנער אַקאַדעמישער וועלט, באַוואָפנט בלויז מיט יענעם יידישן קולטור-באַגאַזש, וואָס די באַגרעניצטע מעגלעכקייטן פון היגע יידישע שולן, אַרבעטנדיק אָן דער קאָאָפּעראַציע פון דער יידישער היים, האָבן אים געקענט מיטגעבן אויף זיין לעבנסוועג — אויב ער האָט אין אַזאַ מין שול געהאַט געלערנט. אויב אָבער ער האָט אין אַ יידישער שול בכלל נישט געהאַט געלערנט — און דער פּראָצענט פון אַזעלכע סטודענטן איז נאָר נישט קיין קליינער — קומט ער. וואָס שייך קולטורעלן הינטערגרונט, פון אַ מין „קיינעמס לאַנד”: אין מעקסיקעס קולטור ווייט. ווייט נישט פאַרוואָרצלט, און וואָס שייך די קולטור פון זיין אייגענעם פאָלק, אַ פולשטענדיקער „איגנאָראַמוס”.

דער דורכשניטלעכער היגער יידישער סטודענט (פון בכבודיקע אויסנאַמען איז דאָ נישט די רייד) שטייט אין גאַנצן אָן אַ זייט פון היגן יידישן לעבן (און פון יידיש לעבן בכלל). נאַטירלעך נעמט ער אָנטייל אין די יום-טובדיקע סעודות, וואָס ס'ווערן ביי פּאַסיקע געלעגנהייטן צוגעגרייט אין יידישע היימען, אָבער אויסערהאַלב די גרעניצן פון „גאַסטראָנאָמישער” יידישקייט לאָזט זיך זיין אַנוועזנהייט אין היגן יידישן לעבן און אין דער היגער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט גאָר ווייניק פילן. זיינע קאָנקרעטע לייסטונגען אויף אָט דעם געביט זענען נול.

## ס א ל א מ א ן ק א ה א ן

איז עס ז יי ן שולד, וואס די לאגע איז אזא?

גאנץ באשטימט ניין! ער, דער היגער יידישער אוניווערזי־טעט־סטודענט, איז בלויז דער רעזולטאט פון א נעגאטיוון פורעמונג־פראצעס, וואס עס איז אנגעגאנגען אין היגע היימען וואס שייך דער אויסבילדונג פון יידישן באוווסטזיין און יידישקייט־באגריפן אין דער יוגנט, אין די לעצטע צען־פופצן יאר, און וואס ס'איז אגב פארבונדן מיט דעם פראצעס פון עקאנאמישן בארג־ארויף און מיט דעם „וישמן ישורון ויבעט", ווי זיין באגלייט־דערשיינונג.

האט די היגע יידישע געזעלשאפטלעכקייט ביז איצט דער־פילט איר פליכט בנוגע דער היגער יידישער סטודענטנשאפט?

זי האט עס נ י ש ט געטאן.

פון שטאנדפונקט פון זיינע פאטענצן, ווי א צוקונפטיקער אק־טיוויסט אין היגן יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן, איז דער היגער יידישער סטודענט איבערגעלאזן געווארן אויף גאטס באראט. נישט די היגע געזעלשאפטלעכקייט איז פאראינטערעסירט אין אים, נישט ער ווייזט ארויס וועלכן ס'איז אינטערעס פארן היגן יידישן לעבן. זיי זענען ביידע אזוי ווי צוויי פאראלעלע ליניעס, וואס זיי טרעפן זיך ערגעץ אין דער אומענדלעכקייט...

1953

# „אָפּגעלאָזענע שדוכים" — וואַקכאַנאַליע

וואָס פאַר אַ מיינונג, אַ גוטע צי נישט אַזאַ געהויבענע, מיר זאָלן נישט האָבן וועגן א נ ד ע ר ע אַספּעקטן פון אונזער היגן יידישן לעבן, איז אָבער וועגן דעם, וואָס מיר וועלן באַצייכענען ווי דעם ש י ד ו כ י ם - פראָנט, נישטאָ קיין שום ספק, אַז דאָ איז נישט בלויז „ע פּ ע ס פויל אין דענעמאַרק", נאָר אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן טאַקע בפירוש מיט אָנדייטונגען אויף סאָציאַלע גאַנ־גרענע.

וואָס אַ מאָל אָפטער ווערט דאָ די דערשיינונג פון „אָפּגעלאָזע־נע שידוכים", וואָס ווען מיר דערוויסן זיך גענויער וועגן די ס י ־ ב ו ת פון זייער צו נישט ווערן, ווערט אין אונז אַלץ טיפער פאַר־וואָרצלט די איבערצייגונג, אַז אין אונזער ישוב האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן סימפּטאָמען פון סאָציאַלער דעגענעראַציע.

אָבער, ראשית כל, עטלעכע ווערטער וועגן דעם וו ע ר זע־נען עס די, וואָס „לאָזן אָפּ" די שידוכים און וועגן זייער גייסטיקן פּרצוף.

דאָס זענען יונגע־לייטלעך פון אַרום אַ יאָר צוואַנציק אָדער אין די פריע צוואַנציקער, וועמען זייערע עלטערן, אַליין „אַרויפגעאַר־בעטע", האָבן פאַרגעסן צו דערציען. ווען זייערע קינדער האָבן דורכגעמאַכט די קינדהייט־יאָרן, זענען זיי, די עלטערן, אין די מל־חמה־יאָרן, געווען שטאַרק פאַרנומען מיטן קלעטערן אויפן עקאָ־נאָמישן לייטער, און האָבן נישט די דערציונג פון זייערע קינדער, נאָר דאָס „מאַכן געלט" באַטראַכט ווי דעם געבאָט פון דער שעה, ווי די גרעסטע, אָדער בעסער געזאָגט, ווי די א יי נ צ י ק־וויכטיקע אויפגאַבע פון זייער לעבן.

אַרויסגעפּראַוועט די קינדער אין שול, זענען זיי געווען זיכער, אַז זיי האָבן זייערע פליכטן, וואָס שייך דערציונג פון זייער בלוט און פלייש, דערפילט ווי ס'קען שוין גאַרנישט זיין בעסער. און נאָך דער שול-צייט? אויף דעם זענען דאָך דאָ דינסטן. דעם וויכטיקסטן טייל פון דעם דערציונגס-פּראָצעס, די היים, האָט מען די דינסטן אָנפאַרטרויט. און כדי דאָס קינד זאָל בכלל נישט „מאָלעסטירן", האָט מען עס יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק אין „סינע" געשיקט, און זונטיק איז דאָך געווים אַ קינאָ-טאָג.

אַזוי זענען קינדער אין אַדאָלעסצענטן „דערצויגן" געוואָרן, און אַזוי ווי זייער היים האָט צו זיי אין די פריערדיקע יאָרן קיין שום פאָדערונגען וועגן פליכט-דערפילונג נישט געהאַט געשטעלט, און איר אידעאַל איז געווען בלויז, אַז די קינדער זאָלן די זיך „אַרויספאַרבעטנדיקע" טאַטע-מאַמע נישט „מאָלעסטירן", האָבן אָט די, פון דער קינדהייט שוין אַרויסגעגאַנגענע און צו יוגנט נאָך נישט דערגאַנגענע קינדער זייערע, זיך אַריינגעלעבט אין דעם באַגריף, אַז די וועלט איז אייגנטלעך איין גרויסער באַנקעט, אַן אומאויפהער־לעכעם געניסן. נישט „פליכט-דערפילונג!", נאָר „פון גענוס צו גע־נוס!" האָט באַהערשט זייערע מוחות.

אַזוי איז געבוירן געוואָרן דער „מי דאָמינגאָ", דאָס זונטיק-געלט וואָס טאַטע-מאַמע האָבן אָנגעהויבן צו געבן אָט די אַדאָלעסצענטן. און אַזוי ווי דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן, האָט דער באַטרעף פון דעם „מי דאָמינגאָ" געמוזט וואַקסן, כדי אַזוי אַרום זאָלן עלטערן זיין פריי און נישט „מאָלעסטירט" ווערן דורך זייערע צאַצקעדיקע זינדלעך. האָט דאָך מיר ערשט דאָ נישט לאַנג צוריק אַ חשו־בער פירער פון אונדזער ישוב דערציילט וועגן אַן עקלהאַפטער סצענע, וואָס ס'איז אים אויסגעקומען בייצווווינען, ווען ער איז צו אַ געוויסן היגן באַלעבאָס אַריינגעקומען אין די אינטערעסן פון אַ געזעלשאַפטלעכער אונטערנעמונג. דער זונדל פון יענעם טאַטן האָט אים, דעם פאָטער זיינעם, אַ שמיץ געטאָן אין פּנים אַ פּופציק פּע־זעס-אַסיגנאַציע, וואָס יענער ייד האָט אים געהאַט געגעבן אַלס „מי דאָמינגאָ", דערפאַר וואָס ער, דער פערצן-יאָריקער אַדאָלעס־צענט, האָט געהאַלטן, אַז פופציק פּעזעס איז אים צו ווייניק ווי טאַשן-געלט פאַר אַ וואָך צייט.

אַ ביסל שפּעטער איז געקומען די צייט פון די „קאַדילאַקס". אין אָט דעם באַגריף נעם איך אַריין די אַלערליי ווילדע פאַרגעניגנס

און לוקסוסן, וואָס אַזעלכע, גרונטזועצלעך, דעמאָראַליזירטע אַדאָ-לעסצענטן האָבן באַטראַכט, אַז אַזוי דאַרף עס זיין און אַז אַנדערש קען עס גאָרנישט זיין. אַנהייבנדיק פון „טע-דאַנסאַנטע" און ענ-דיקנדיק מיטן קאַבאַרעט, האָט זיך זייער גייסטיק לעבן אָן אויפ-הער געדרייט אַרום פאַרגעניגן און געניס. די בלום פון ריינע און הייליקע געפילן איז אין זייער גייסטיקן גאָרטן קיינמאָל נישט גע-וואַקסן.

איז דען אַ וואונדער, אַז איינער פון אַזעלכע, איצט שוין יונגע-לייטלעך האָט געקענט דאָ נישט לאַנג צוריק זיך אויסדריקן צו אַ יונגער מיידל, וואָס האָט געזאָלט ווערן זיין כלה: „דיין טאַטע איז פאַר מיר צו יונג", געבנדיק איר צו פאַרשטיין, אַז עס וועט אים, „ליידער", אויסקומען צו לאַנג צו וואַרטן אויף דער ירושה, וואָס וועט דאַרפן ווערן כמעט אינגאַנצן זיינע (זי איז דאָס איינ-ציק קינד אין דער משפחה), ווען „די שעה זאָל נישט טרעפן"...

טאָ וואָס זשע איז דער דאָ זיך צו וואונדערן, אַז איינער פון אָט די יונגע לייטעך וואָס קען נישט אַן פּראַקטישן לעבן „אַ קאַץ דעם ווידל צובינדן", האָט, „גלויבט עס אָדער נישט", ווי ריפּלעי וואָלט געזאָגט, פאַרלאַנגט פון זיינע צוקונפטיקע מחותנים, אַז אין דעם נדן, וואָס זיי וועלן געבן זייער טאָכטער (און וואָס אַזאַ „טאַטנס זינדל" פאַרשטייט אַלס נדן, דאַרף מען אייך נישט דאָ ערשט דער-ציילן) זאָל פיגורירן אויך אַ... פערד. זיין באַליבטער ספּאָרט, פאַרשטייט איר מיך, וועט נאָך דער חתונה זיין רייטן יעדן פרי-מאָרגן אין „טשאַפּולטעפּעק". מוזן אים די מחותנים אויך מיט אָט דעם אויסגעפּאַנטאַזירטן פאַרגעניגן פאַרזאָרגן...

און צי איז דען אַ וואונדער, אַז אַזאַ מין חתן האָט „אָפּגעלאָזן" דעם שידוך בלויז צוויי חדשים פאַר דעם באַשטימטן טערמין פון חופּה שטעלן, נאָר צוליב דעם, וואָס זיינע צוקונפטיקע שווער און שוויגער האָבן אים נישט געסילוקט דעם „קאַדילאַק" גלייך נאָך די תנאים, כמדובר. און זיי האָבן אים מיט גרויס האַרצווייטיק, דער-קלערט, אַז זיי וועלן זיין אימשטאַנד צו געבן אים דעם אויטאָ ערשט נאָך דער חתונה.

איז שוין במילא אויך קיין וואונדער נישט, אַז אַזעלכע יונגע לייטלעך, נאָכדעם ווי זיי האָבן, נאָך דער חתונה פאַרטאַכלע-וועט „איינס און צוויי" דעם נדן, שיקן זיי זייערע יונגע ווייבלעך צו זייערע, די ווייבערס, עלטערן, מיט אַן אולטימאַטום: „אָדער איר

ניט א נ יי ע ם נדן, אדער איר קענט זיך ה א ל ט ן מיט אייער טאכטער.״.

אבער צו וואס ברענגען נאך ביישפילן (די ליסטע וואלט געווען גאר א לאנגע) פון את דער טרויעריקערווירקלעכקייט? ווער עס וויל נישט פירן קיין שטרויס-פאליטיק און האט דעם מוט צו קוקן דעם אמת אין די אויגן, פאר דעם איז קלאר, אז וואס שייך א גרויסן טייל פון אונזערע, לויט די היגע יידישע באגריפן, אין חתונה-על-טער זיך געפינענדיקע יונגע לייט, זענען זיי פארקראכן, ווי א רע-זולטאט פון דער „דערציונג״ וואס די היים האט זיי געגעבן, אין א טעמפן ווינקל, וועמענס נאמען איז: פערזענלעכע אומווירדיקייט און מאציאלע דעגענעראציע.

.1952

## ערשטער בריוו

### זענט איר פריינד אָדער שונאים פון אייערע קינדער?

ליבע פריינט!

די פינף בריוו, וואָס איר וועט דאָ איצט לייענען, זענען געווענדט צו די פון אייך, וואָס האָבן קינדער אין שול-עלטער, גאָר יונגינקע און אויך שוין יוגנטלעכע. די פון אייך, וואָס זייערע קינדער זענען שוין ביים שוועל פון די צוואַנציקער אָדער האָבן שוין אָט דעם שוועל אַריבערגעטראָטן, קומען דאָ נישט אין באַטראַכט, ווייל אין אָט דעם פאַל האָבן מיר שוין צו טאָן מיט געשעענע פאַקטן און נישט מיט אַ פאָרמירונג-פּראָצעס. און ווי זאָגט אַ יידיש שפּריכוואָרט: „ווי מען בעט זיך אויס, אַזוי שלאָפט מען". ווי איר האָט זיי דערצויגן אָדער נ י ש ט דערצויגן; ווי איר האָט זיי גייסטיק אויסגעפורעמט אָדער דערלאָזן, אַז זיי זאָלן אויסגעפורעמט ווערן, אַזאַ „פּראָדוקט" איז אַרויסגעקומען, צום גוטן אָדער צום שלעכטן, און ס'איז דאָ נישטאָ מער וואָס צו מאַכן. און טאָמער איז עס געווען צום שלעכטן, לתרבות רעה, איז „קנייפּ די באַקן, די פאַרב זאָל שטיין".

זענען דעריבער מיינע ווייטערדיקע באַטראַכטונגען געווענדט אויסדריקלעך צו אייך, עלטערן, וואָס אייערע קינדער געפינען זיך נאָך, פון דעם דערציערישן שטאַנדפּונקט, אין דעם פּראָצעס פון פאָרמירונג, ווען עס לאָזט זיך נאָך זיי „קנעטן" און „אויסקנעטן".

און איצט, אַז איך האָב שוין קלאָר געמאַכט וועמען איך וויל האָבן ווי מיין אוידיטאָריע, קען איך זיך פאָרשטעלן דעם אויסדרוק פון פאַרווונדערונג אויף די פּנימער פון טאַטעס און מאַמעס ביים איבערלייענען דעם טיטל פון אָט דעם בריוו צו אייך, וועלכער זאָגט: „זענט איר פריינד אָדער שונאים פון אייערע קינדער?"

אָט די פראַגע וועט אייך לכתחילה פאַרקומען נישט בלויז אומלאָגיש, נאָר טאַקע ממש אבסורד. „סטייטש", וועט איר זאָגן, „וועלכער טאַטע, וועלכע מאַמע, אויב זיי זענען נאָר נישט אומנאָר־מאַל, קענען דען זיין שונאים פון זייערע קינדער? ווי קען מען גאָר בכלל שטעלן אַזאַ פראַגע?"

און דאָך... און דאָך איז די פראַגע אויפן פּלאַץ. זי איז נישט מער ווי אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ פון דעם, וואָס די קאָנקרעטע, פּראַקטישע רעזולטאַטן פון דעם, וואָס גאָר אַ גרויסע צאָל יידישע עלטערן דאָ אין מעקסיקע האָט „אויפגעטאָן" אויפן געביט פון דער דערציונג, פון דער גייסטיקער אויספורעמונג פון זייערע קינדער אין זייערע היימען.

איך שטרייך אונטער: „אין זייערע היימען". די יידישע שולן האָבן זייער פליכט, לויט זייערע כוחות, דערפילט, און ס'איז נישט זייער שולד, וואָס צו אַ טייל פון די יונגע לייט און מיידלעך, וואָס האָבן פאַרבראַכט אַ היבש ביסל יאָרן אין זייערע קלאַס־צי־מערן, קען אָנגעווענדט ווערן, צו אונזער אַלעמענס גרויסן באַדויערן, דער „ויקוו לעשות ענבים ויעש באושים"...

איך דאַרף אייך דאָ איצט נישט דערציילן ווי עס זעט אויס דאָס גייסטיקע לעבן פון דעם דורכשניטלעכן היגן יידישן יונגן מאַן אָדער פון דער דורכשניטלעכער היגער יידישער פריילן, וואָס האָט שוין הינטער זיך די פאַרפליכטנדיקע „פּיעסטאַ דע קינסעאַניעראַ". איר ווייסט עס אַליין גאַנץ גוט. ס'איז אייך אַלעמען גוט באַקאַנט וועגן וואָס זיי „טרוימען", וואָס ס'איז זייער „לעבנס־אידעאַל" און מיט וואָס פאַר אַ גייסטיקן באַגאַזש זיי טרעטן שפּעטער אַריין אין לעבן, נאָכדעם ווי דער גרויסער, סנאָבישער חופּה־פּאַראַד איז אַרי־בער און זיי קומען צוריק פון זייערע, וואָס אַ מאָל ווייטערע און קאָסטבאַרערע האָניק־חודש רייזעס...

אָדער דאַרף איך אייך דערציילן וועגן דעם, וואָס עס שטעלט צונויף דעם אינהאַלט פון דעם ווייטערדיקן גייסטיקן לעבן פון די שוין פאַרהייראַטע פּאָרלעך? לעבט איר דאָך דאָ אין מעקסיקע, און איך וויל האָפן, אַז איר זענט נישט טויב און בלינד צו דעם אַלעם, וואָס עס קומט פאָר אַרום אייך, ווייל די ערגסטע בלינדקייט איז די פון דעם, וואָס ווי ל נישט זען, און די געפערלעכסטע טויב־קייט איז פון דעם, וואָס ווי ל נישט הערן. „שטרויס־פּאָלי־טיק" רופט מען עס אָן.

און איצט, אויב מיין פראגע: „זענט איר פריינד אָדער שונאים פון אייערע קינדער" קומט אייך נאָך אַלץ פאַר אבסורד, טאָ זייט אַזוי גוט און פאַרטראַכט זיך וועגן אַן אַנדער פראַגע, און גיט זיך אַליין אויף איר אַן ענטפער:

זענען די עלטערן פון דעם טיפישן היגן יידישן יונגן מאַן אָדער פון דער דורכשניטלעכער היגער יידישער יונגער מיידל געווען פריינד אָדער שונאים פון זייערע קינדער?

וועט איר אפשר ווידער א מאָל זאָגן: וועלכע עלטערן זענען עס שונאים פון זייערע קינדער? זיי, די עלטערן, האָבן דאָך געמיינט גוט.

וועל איך מיט אייך איינשטימען, מיינע ליבע פריינט, אַז גע־מיינט האָבן זיי טאַקע גוט; צום באַדויערן איז אָבער דאָס לעבן בכלל אַזוי איינגעשטעלט, אַז אַ באַדייטונג אין דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פון דעם מענטשן האָט נישט דאָס, וואָס די עלטערן זיינע האָבן „גוט געמיינט", נאָר דאָס, וואָס ס'איז פאַקטיש פון דעם אַרויסגעקומען. ווי זאָגט זיך עס דאָרט אין אַ קלוגן שפּריכוואָרט: „דער גיהנום איז אויסגעברוקירט מיט גוטע כוונות". די בעסטע אָפּזיכטן קענען אין געוויסע באַדינגונגען ברענגען שווי־דערלעכע רעזולטאַטן.

גוטע כוונות אין דער דערציונג מוזן גיין האַנט אין האַנט מיט אַ ריכטיקער דערציערישער וויזיע. אין ערגיץ איז אפשר דער „סוף מעשה במחשבה תחילה" נישט אַזוי גילטיק, ווי אין דעם פּראָ־צעס פון דער גייסטיקער אויספורעמונג פון דעם קינד און אדאָלעס־צענט. פון דעם „לתורה לחופה ולמעשים טובים" איז דאָס זיכערס־טע, אַז דאָס קינד וועט אין דער געהעריקער צייט גיין צו דער חו־פּה. צי עס וועט אָבער גיין צו דער חופּה, זייענדיק פאַרוואָרצלט אין תורה און צוגעוווינט צו טאָן מעשים טובים, דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער פראַגע. דעם ענטפער אויף דעם קען, אין אַ פּילפּאַך גרעסע־רער מאָס, ווי דאָס וואָס די שול טוט אויף פאַרן קינד, געבן די דערציונג אָדער די „דערציונג" (אין „גענזן־פּיסלעך"), וואָס די היים גיט אים. איז אויב די עלטערן, די הויפּט־פאַרקערפּערונג פון דער היים, האָבן בלויז גוטע כוונות און עס פעלט זיי וויזיע, דאָס הייסט, זיי זענען בלינד וועגן דעם, וואָס עס דאַרף און וואָס עס טאָר נישט געטאָן ווערן; וועגן דעם וואָס ס'איז גוט און וואָס ס'איז געפערלעך

# סאַלאָמאָן קאַהאַן

פאַר דער צוקונפט פון זייערע קינדער, — דאַן האַנדלען זיי ווי ש ו נ א י ם פון זייער אייגן בלוט און פלייש.

דערלויבט זשע מיר דעריבער איצט ווידער אַ מאָל אייך צו שטעלן די פראַגע:

זענט איר פריינט אָדער שונאים פון אייערע קינדער?

## צווייטער בריוו

### איז דאָס אייער אידעאַל?

ליבע פריינט!

איך האָב אַנומלט געלייענט אין אַ בוך פון דעם פאַרשטאָר־בענעם שריפטשטעלער סעגאַלאָוויטש די פאָלגנדיקע טיף גרייפנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון זיינעם אַ געוויסן העלד, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר, מער ווי אַ פאַראיינצלטן פאַל, אַ באַשטימטן מענטשן־טיפּ. עס זאָגט זיך דאָרט:

„ער איז געווען זייער רייך. ער האָט געצאָלט גרויסע שטייערן, האָט אויסגעקויפט אַלערליי פּאַטענטן, פאַר וועלכע מען דאַרף גרויס געלט אָפּגעבן; נאָר אויף איין שטייער איז ער קאַרג געווען: דעם שטייער פון מענטשלעכקייט און מענטשן־ווירדע".

(„געברענטע טריט", זייט 125)

דערצייל איך עס אין שייכות מיט מיינע דערפאַרונגען אויף אַ „טע דאַנסאַנטע", וואָס איך האָב דאָ נישט לאַנג צוריק, אין אַ זונטיק אָוונט, באַזוכט מיטן צוועק צו קריגן איינדרוקן וועגן אַ טיפּישער פאַרווייִלונג פון היגע יידישע יוגנטלעכע.

ס'האָבן זיך דאָרט געפונען אויסשליסלעך יידישע קינדער, אַדאָלעסצענטן און יונגע בחורים און מיידלעך, צווישן אַ יאָר פערצן און אַ יאָר אַכצן. די אַטמאָספערע פון אָט דער פאַרווייִלונג איז געווען אַ גינסטיקע פאַר אָבסערוואַציע.

זיך געפינענדיק צווישן אַ סך באַקאַנטע, האָב איך עטלעכע פון זיי, צווישן איין „טאַנדאַ" און דער צווייטער, אַריינגעצויגן אין אַ געשפּרעך. ווי עס איז נאַטירלעך ביי אַזאַ געלעגנהייט און אין אַזאַ סביבה, איז אונזער קאַנווערזאַציע געווען מער אין שפּאַס, ווי אין ערנסט. די טעמעס האָבן זיך געדרייט אַרום „עראָס" אין זיינע פאַר־

שידענע שאַטירונגען. די שפּראַך פון דער פאַרזאַמלטער יוגנט איז נאַטירלעך געווען שפּאַניש...

אָבער נישט דאָס בין איך אויסן.

וואָס איך וויל אייך דאָ איבערגעבן, איז גאָר עפּעס אַנדערש, וואָס האָט נישט צו טאָן מיט שפּראַך, נאָר מיט  ד ע נ ק ע ן.

ווען איך האָב איינעם אַ יוגנטלעכן, אַ בחורל פון אַ יאָר זעכצן-זיבעצן, וואָס איך האָב געוווּסט, אַז צומאָרגנס, מאָנטיק פרי, האָט ער געהאַט אין זיין שול אַ סעמעסטראַלן עקזאַמען, און גראָד נישט פון קיין לייכטן קעגנשטאַנד, אַ פרעג געטאָן צי איז ער גוט צוגע-גרייט, — האָט ער מיר, צווישן שפּאַס און ערנסט, געענטפערט בזה הלשון:

— אי סי מע טרוענאַן, אַ מי קע? יאַ ען אַלגונאַ פּאַרטע מע עס-פּעראַן און דאַטע אי אונאַ מוטשאַטשאַ.

אָט דאָס הייסט אָפּטימיזם. ער האָט נישט קיין שום אינטע-רעס אין זיין שטודיום: וועט ער דורכמאַכן זיין עקזאַמען אויף אַ באַפרידיקנדיקן אופן, איז גוט; און טאָמער נישט, זאָל זיך אָן  אַ נ-ד ע ר ע ר  זאָרגן. ער איז שוין פאַרזאָרגט: עס וואַרט דאָך שוין דאָהי אויף אים ערגעץ ווו אַ  נ ד ן  און אַ כלה. מערקט אייך: אויפן ערשטן פּלאַץ — אַ נדן; די כלה קומט אויפן  צ ו וו יי ט ן  פּלאַץ.

איז אָט דאָס גיב איך אייך איבער פון מיין אייגענער דערפאַ-רונג. און איצט, נאַט אייך אַ פּאָר פאַלן, וואָס זענען מיר דערציילט געוואָרן דורך מענטשן, וואָס האָבן דאָס דערציילטע אַליין בייגע-וווינט.

עס רעדן צווישן זיך עטלעכע יוגנטלעכע, אין עלטער פון אַרום ניינצן-צוואַנציק, וועגן —וועגן וואָס רעדן יוגנטלעכע, ווען אויפן הארצן איז גוט, מען איז אויפגעלייגט, און קיין פּראָבלעמען זענען נישטאָ?— וועגן מיידלעך.

רעדט מען אַזוי און מ׳רעדט אַרום די מעלות טובות פון דער, פון יענער פון זייער קרייז. צוויי שטריכן ווערן באַהאַנדלט: שיינ-קייט און. . . נדן, אין אַ פיל גרעסערע מאָס דער נדן, ווי די שיינקייט פון זיין באַזיצערין. פונקט אַזוי ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַ שאַץ-קאָמיסיע פון „האַסיענדאַ“, ווערט דאָס פאַרמעגן פון דעם אָדער יענעם פּאָטענציעלן שוויגער-פאָטער אָפּגעשאַצט, און דערביי ווערן גענומען אין באַטראַכט אויך די „עדיפיסיאָס“ און אויטאָ-

מאַבילן, נישט בלויז די פאַבריקן, קראָמען אָדער „דעספאַטשאָס".

רופט זיך אָפ איינער פון דער חברותא, אַז אים געפעלט שטאַרק א געוויסע מיידל. „עס טשולאַ".

ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו ענדיקן, און שוין רעאַגירט אויף דעם איינער פון זיינע חברים:

—נאַ אַנדעס קאָן עיאַ, פיערדעס טו טיעמפאָ, נאַ טיענע דאָטע.

אָט דאָס איז דער קריטעריום: אַרומצוגיין מיט א מיידל, וואָס האָט נישט קיין נדן, איז פאַרלוירענע צייט. בלויז א סומע, וואָס איז נישט ווייניקער פון אַן איינס מיט פינף זעראָס, פליוס א פאַבריק, א קראָם אָדער א „דעספאַטשאָ", פליוס אַן אויטאָ, קענען אין דעם הארצן פון אַזאַ מין יונגטלעכן אָנצינדן דאָס פייער פון ליבע...

און אחרון אחרון חביב. ס'דיסקוטירן צוויי בחורימלעך, וואָס ביידע צוזאַמען זיינען זיי נאָך קיין פערציק יאָר נישט אַלט, וועגן דעם, וועמען ס'איז בעסער צו האָבן פאַר א שווער: א מיטליאָריקן מענטשן, פון אַרום א יאָר פופציק, צי א מענטשן שוין אַן עלטערן, קרוב צו זעכציק אָדער נאָך א ביסל עלטער.

דער מאָטיוו פון אָט דער דיסקוסיע איז נישט חס ושלום קיין „אַקאַדעמישער"; ער האָט צו טאָן מיט גאַנץ קאָנקרעטע מאַטעריע־לע אינטערעסן. רופט זיך אָפ איינער פון זיי:

— פועס מיענטראַס מאַס כאָוועןן, מעכאָר. קע טראַבאַכע פאַראַ מי.

ענטפערט אים דער צווייטער:

— פועס פאַראַ מי, מיענטראַס מאַס וויעכאָ, מעכאָר. אַסי לאַ הערענסיאַ יעגאַ מאַס פראָנטאָ.

איז דאָס נישט א באמת אינטערעסאַנטע שקליה וטריה. פאַר איינעם איז דער אידעאַלער שוויגער־פאָטער אַזאַ, וואָס וועט קענען לענגער אַרבעטן פון זיין, דעם יונגנטלעכנס, טובה וועגן; דער צווייטער ווידער איז אומגעדולדיק, ער וויל שוין וואָס גיכער ירשענען זיין פאָטענציעלן שווער.

ווי רופן מען אַן אַזאַ מין דענקען? בלויז איין וואָרט קען אים גוט כאַראַקטעריזירן: פאַראַזיטיזם.

אָבער א מענטש־פאַראַזיט האָט אין זיך נישט קיין שמץ פון מענטשלעכער ווירדע, קיין אָנדייט נישט אפילו אויף עטיק און אויף אָן ערלעכן, באמת מענטשלעכן קוק אויף זיינע מיט־מענטשן.

איצט וועט איר, מיינע ליבע פריינט, שוין פאַרשטיין פאַרוואָס

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

איך האָב אַט דעם „בריוו" אָנגעהויבן מיט דער ציטאַטע פון סע־גאַלאָוויטשן. לאָמיר טאַקע איר דאָ ברענגען נאָך אַ מאָל:

„ער האָט געצאָלט גרויסע שטייערן, האָט אויסגעקויפט אַלערליי פּאַטענטן, פאַר וועלכע מען דאַרף גרויס געלט אָפּגעבן; נאָר אויף איין שטייער איז ער קאַרג געווען: דעם שטייער פון מענטשלעכעקייט און מענטשן־ווירדע".

איז דאָס, מעקסיקאַנער אידישע עלטערן, דער אידעאַל פאַר אייערע קינדער, וואָס וועגן אים טרוימט איר? ווילט איר, אַז אייערע זין זאָלן אויסקעוואַקסן מיט אַזאַ מין מענטאַליטעט?

ווילט איר, אַז אייערע קינדער זאָלן אויסוואַקסן פּאַראַזיטן?

# ד ר י ט ע ר   ב ר י ו ו

## ווי אַזוי עלטערן האָבן „דערצויגן" זייערע זין

ליבע פריינט!

אין דעם איצטיקן „בריוו" וויל איך זיך מיט אייך אַ ביסל דורכשמועסן וועגן דעם „פּאַרוואָס" פון די פאַקטן, וואָס איך האָב פאַר אייך געשילדערט אין מיין פריערדיקן „בריוו". איך וועל פּרווון זיך צו דערגרונטעווען צו דעם מעכאַניזם פון דעם דענקען פון דעם דורכשניטלעכן היגן איצטיקן אידישן יוגנטלעכן, און צו דערגיין וועגן עס זיינען די, וואָס האָבן סטימולירט אין אים אָט דעם אַרט דענקען און האָבן געבראַכט דערצו, אַז פּאַראַזיטיזם זאָל ביי אים דערהויבן ווערן צו אַ „מאָדום וויוועגדי".

ווען איר העדט איצט לעצטנס וועגן אַזוי אָפטע פאַלן פון שידוכים, וואָס זיינען דורך חתנים, צוליב געלט-פראַגן, אָפּגעלאָזט געוואָרן, אָדער וועגן יונגע באַלעבעסלעך, וואָס שאַנטאַזשירן אויס ביי זייערע שוויגער-עלטערן אַ נדן צום צווייטן מאָל, באַנוצנדיק דעם ווירקזאַמען סטראַשונעק, אַז „אויב נישט, קענסטו דיר, מיין טייערע, גיין געזונטערהייט צוריק צו דיין טאַטע-מאַמע", — זאָל איך, מיינע ליבע פריינט, נישט איינפאַלן צו וואַרפן די גאַנצע שולד אויף די יוגנטלעכע, כאָטש אויפן ערשטן אייגנבליק זיינען טאַקע זיי, און נישט קיין אַנדערע, די איינציקע שולדיקע.

דער אמת איז אָבער, אַז זיי, די צאַצקעדיקע יונגעלייטלעך אָדער יונגע באַלעבעסלעך, כאָטש זיי זיינען טאַקע נישט אין גאַנ-צן„ גאָט די נשמה שולדיק", זיינען זיי אָבער ווייט נישט די איינציקע שולדיקע. די מיט-שולדיקע, אויף וועלכע עס ליגט דער ווייט

גרעסטער טייל פון דער שולד, זיינען זייערע עלטערן, יענע טאַטעס און מאַמעס, וועגן וועלכע איך האָב געשריבן אין מיין ערשטן בריוו. דאָס זיינען יענע עלטערן, וואָס וואָלטן אייך באַטראַכט ווי משוגע, ווען איר וואָלט זיי געזאָגט, אַז זיי, די, וואָס אין דער דערציאונג, וואָס זיי האָבן אין זייערע היימען געגעבן זייערע קינדער; אין דער גייסטיקער אַטמאָספערע, וואָס זיי האָבן פאַר זייערע זין און טעכ־טער דאָרט געשאַפן, — האָבן זיי געהאַט די סאַמע בעסטע כוונות — זיינען גאָר געווען שונאים פון זייער אייגן בלוט און פלייש. בעסער געזאָגט, זיי האָבן, דערציעריש, געהאַנדלט קעגנאיבער זייערע קינדער פונקט אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען זייערע ערגסטע שונאים.

ווי מוז עס דער טייוול איצט לאַכן, ווען ער זעט צו דעם „מעשי ידי להתפאר", מיט וועלכן אַזוי פיל היגע אידישע טאַטעס און מאַמעס קענען „שטאָלצירן". האָט ער דען געקענט זיך עפּעס בע־סערס ווינטשן, ווי דעם ספּעקטאַקל פון יונגע לייט, וואָס צו צוואַנ־ציק יאָר, אומגעפער, אויפן שוועל פון פּראַקטישן לעבן, זיינען זיי פולשטענדיק אומבאַהאָלפן, אומפּעאיק „אַ קאַץ דעם ווידל צוצו־בינדן", און וואָס מער נאָך, זיי מאַכן „אום דער נאָט איינע טוגענד" און דערהויבן זייער נישט צוגעגרייטקייט צום פּראַקטישן לעבן, צו אַ גאַנצער „וועלט־אַנשויאונג„ פון: „פריער דער נדן און ערשט דערנאָך די כלה." אָדער ווי זיי פאָרמולירן עס: „האַי קע סער פּראַקטיקאַ"...

סיי דער אַדאָלעסצענט, וואָס אים גייען די עקזאַמענעס נאָר ווייניק אָן, סיי דער בחורל, וואָס גיט זיין חבר די עצה טובה, ער זאָל נישט אַרומגיין מיט דעם מיידל, וואָס ס'געפעלט אים, ווייל זי האָט ניט קיין נדן. „נאָ טיענע דאָטע", און סיי די צאַצקעדיקע יונגעלייט־לעך, וואָס זייער מוח איז באַשעפטיקט מיט דער פראַגע וואָס פאַר אַ שוווער מען דאַרף זיך בעסער ווינטשן: אַזאַ, וואָס קען נאָך אַ סך יאָרן אַרבעטן פאַר זיי, צי אַזאַ, וואָס וועט, האָפנטלעך, גאָר אין גיכן זיך אַריבערפּעקלען אויפן עולם האמת און זיי לאָזן אָפּירשהנען זיין פאַרמעגן, — זיי אַלע זיינען קרבנות: זיי זיינען קרבנות פון זייערע טאַטעס און מאַמעס, וועלכע האָבן, מיט די סאַמע בעסטע כוונות, זיי געגעבן אין דער היים אַ פאַרקריפּלטע און פאַרקריפּ־לענדיקע דערציאונג, וואָס אירע פונדאַמענטן זיינען פון עטישן שטאַנדפּונקט צעפוילט און פון ריין פּראַקטישן קוק־ווינקל דער גרעסטער אומזין.

האָבן דען זייערע עלטערן „אַריינגעלייגט אַ האַנט אין קאַלטן וואַסער" זיי צוצוגרייטן אַז זיי זאָלן זיך שפּעטער אַריינפּאַסן, ווי אַרבעטנדיקע עלעמענטן אין דער וועלט פון מי און אַרבעט?

האָבן דען זייערע טאַטע-מאַמעס נישט פאַרפלאַנצט אין זיי דעם באַגריף, אַז „על שלושה דברים העולם עומד": געלט, געלט און געלט?

האָבן זיי דען עפּעס געטאָן אין זייערע היימען כדי איינצו־פלאַנצן און פאַרוואָרצלען אין זייערע קינדער דעם באַוואוסטזיין, אַז דער גרונט — באַגריף פון דעם מענטשן אין זיין באַציאונג צו וועלט און מענטש, דאַרף זיין נישט „מיין פאַרגניגן", נאָר „מיין פליכט?"

האָבן דען אָט די טאַטע-מאַמעס צוליב דעם וועלן ווי ווייט מעגלעך זיך באַפרייען פון באמת דערציערישע פליכטן, נישט דער־הויבן דעם קלענסטן קאַפּריז פון זייערע קינדער צו דער מדרגה פון אַ געזעץ, פון וועלכן די אָפּטמאָל פאַנטאַסטישע סומעס פון דעם „מי דאָמינגאָ" זיינען בלויז איינע פון זיינע פאָרמען?

האָבן דען אָט די עלטערן נישט געשאַפן אין זייערע קינדער, בידים, דעם באַגריף, אַז די וועלט איז אַ גרויסער באַנקעט, וואו אויף די טישן זיינען אויסגעשטעלט די פאַרשידנסטע, פיין סער־ווירטע געריכטן, וואָס מ'דאַרף בלויז צוגיין, אויסשטרעקן די האַנט און זיי געניסן?

האָבן זיי דען אַליין מיט אָט דעם אַלעם נישט צעבראָכן דעם עטישן רוקן־ביין פון זייערע זין, סטימולירנדיק אין זיי דאָס באַ־וואוסטזיין, אַז מ'קען געניסן פון רעכטן, נישט דערפילנדיק קיין פליכטן, און אַז ס'איז מאָראַליש דערלאָזבאַר „ברויט אָן אַרבעט", ווי טעאָדאָר הערצל האָט אָנגערופן זיינע אַ באַרימטע דערציילונג?

און האָבן זיי דען אַליין נישט דערמוטיקט דעם פאַרברעכעריש־לייכטזיניקן צוגאַנג פון זייערע זין צו דער אַזוי ערנסטער פּראָ־בלעם פון חתונה און פון פאַרהייראַטן לעבן, דורכן איינאימיקן אין זיי טאָג היין, טאָג אוים דאָס זיכערקייט־געפיל, וואָס קען פאַרגיכן ווערן מיט דעם שטאָלץ־באַוואוסטזיין פון האָן קעגנאיבער הינעד: „נישט קשה, דו ביזט אַ בחור, און ערגעץ וואו זאַמלט זיך שוין פאַר דיר אַ נדן"?

טאָ וואָס זשע איז נאָך אָט דעם אַלעם זיך דאָ צו וואונדערן, אַז אַזוי פיל היגע יידישע בחורים זיינען אויסגעוואַקסן אומפּעאיק

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

צו אַן אמתן לעבנס-קאמף און, נישט האבנדיק קיין פארוואָרצלטע באַגריפן פון עטיק און זעלבסט-ווירדע, שפּייען זיי, נישט ווייסנדיק וואָס זיי טוען, זיך אַליין אין פּנים מיט זייער נדן-קולט, וועלכער (אויסגעדריקט מיט אַנדערע ווערטער) איז דער צוגאַנג פון פּראָ-זיטן, וואָס זייער אידעאַל איז עסן ברויט דורך דער פּראַצע פון זייער שווער, אָדער אים ווי אמשנעלסטן אָפּצווירשנען?

## פערטער בריוו

### ווי אַזוי עלטערן האָבן צוגעגרייט זייערע טעכטער צום לעבן

ליבע פריינט!

„ווען איך וואָלט געהייסן צירעלע און מיין הארץ וואָלט געהאַט א טירעלע", זאָגט זיך אין א אידישן שפּריכוואָרט. ווען די, וואָס קענען גענויער דעם ווירקלעכן צושטאַנד פון דעם פאַמיליען-לעבן, וואָס גייט אָן אין נישט ווייניק היימען פון יונגע היגע אידישע פאַר-הייראַטע פּאָרלעך, וואָלטן געקענט זיך דערלויבן אַרויסצוקומען אין דער עפנטלעכקייט און דערציילן דאָס, וואָס זיי ווייסן, אָנגעבנדיק די טרוקענע פאַקטן, אָן קיין שום קאָמענטאַרן, — וואָלט זיך גע-קראָגן גאָרנישט קיין פריילעך בילד וועגן א גאַנץ באַדייטנדיקער צאָל היגע אידישע היימען.

ווען די, וואָס, צוליב זייער אָפיציעלער אינטערוועניץ אין חתונה-ענינים און אויך אין דעם לעבן פון פאַרהייראַטע פּאָרלעך, ווי אויטאָריטעטפולע אויסגלייכער און שלום-מאַכער, ווי אויך די וואָס אָבסערווירן נאָכאַנאַנד דאָס אידישע לעבן דאָהי און שטודירן איינצל-פאַלן, אויף וויפל זיי זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אַל-געמיין-סאָציאָלאָגישן כאַראַקטער פון דער אַנטוויקלונג פון דעם היגן ישוב, ווי אַנדייטונגען אויף די טענדענצן, וואָס קומען אויף אין אים, — וואָלטן געקענט אַרויסקומען מיט קלאָרע דיבורים און אָנ-געבן קאָנקרעטע פאַקטן — וואָלט מען דאָן געקענט זען וויפל לייד און פּיין עס קומט אויס איבערצוטראָגן דער יונגער פרוי אין גאָר

נישט קיין קליינער צאָל היימען, וואו דאָס צוזאַמענלעבן איז אַ מין „קנייפּ די באַקן, די פאַרב זאָל שטיין". נישט ווייניק היגע יונגע אידישע פּרויען וואָלטן געקענט װעגן זיך זאָגן: „ווען איך וואָלט געהייסן צירעלע און מיין האַרץ וואָלט געהאַט אַ טירעלע"...

וועל איך דעריבער קיין קאָנקרעטע פאַלן (אפילו ווען אויך נישט אָנרופנדיק קיין נעמען) אייך דאָ נישט געבן, און וועל זיך בעסער פאַרנעמען מיט אַן אַלגעמיינער כאַראַקטעריסטיק פון דער סיטואַציע. איך וועל בלויז אונטערשטרייכן, אַז אויב מיר הערן נישט וועגן קיין סך גטן, הייסט עס נאָך ווייט נישט, אַז די באַטרעפנדיקע יונגע פּרויען ווינטשן נישט זיך צו באַפרייען פון זייער איצטיקער סיטואַציע. דאָ הייסט נאָר, אַז זיי האָבן נישט די נויטיקע כאַראַקטער־שטאַרקייט צו מאַכן אַט דעם שריט, און אַז זיי געפינען זיך אויסער דעם, גייסטיק, און דער מאַכט פון אַ גאַנצער רייע פאָראורטיילן, וואָס איינער פון זיי, אפשר דער שעדלעכסטער, איז דער פון „וואָס וועלן לייטן זאָגן?"

לאָמיר זשע אַ קוק טאָן רעטראָספּעקטיוו אויף דער דערציאונג, וואָס זייער היים, פאַרקערפּערט דורך זייערע עלטערן, האָט זיי געגעבן. איז דאָס געווען אַ דערציאונג אָדער אַ „דערציאונג"?

קיינער וועט נישט לייקענען, אַז די נאַטירלעכע קאַריערע פון דער פרוי איז הייראַט, אָבער ס'איז אין דער זעלבער צייט אַ פאַקט, אַז חתונה מאַכן אַ טאָכטער, ווען זי איז נאָך אין גאַנצן נישט צוגעגרייט צום פאַרהייראַטן לעבן, איז, אין בעסטן פאַל, פאַרברעכערישער לייכטזין.

נאָך טרויעריקער איז אָבער דער פאַקט, אַז גאָר אַ סך היגע אידישע עלטערן אידענטיפיצירן די דערציאונג פון זייערע טעכטער מיט דעם זאַמלען פאַר זיי אַ נדן.

עס ווערט געפירט אַזאַ מין „בוכהאַלטעריע": פאַר די זין אי־„אָפן די וועלט"; אַ קלייניקייט! עס וואַרט דאָך אויף זיי אַ נדן; די מיידלעך, דאַקעגן, דאַרפן זיך ערשט דורכברעכן אַ וועג, און דער מיטל, דער איינציקער מיטל איז נדן.

דערפאַר איז „זאַמלען נדן" אַ הויפּט־מאָמענט אין עלטערנס זאָרג פאַר דער צוקונפט פון זייערע טעכטער.

אי וואָס יעדער מענטש איז דאָך אַ באַזונדערע וועלט, און אויך אַ מיידל האָט אַ געוויסע גייסטיקע פּערזענלעכקייט, וואָס דערציונג דאַרף אַרויסברענגען, שלייפן און דערברענגען צו דער מעג־

לעכסטער פערפעקציע; וועגן דעם זאָלט איר צו אירע עלטערן נישט רעדן, ווייל אַז דאָס טעכטערל ווערט פופצן יאָר אַלט אַ „קינסעאַניע-ראַ", ווערט אָט דער פאַקט, מיט גאַנץ קאָנקרעטע צילן, וואָס ס'איז נישט צו שווער זיך אויף זיי אָנצושטויסן, צעטרומייטערט, און דעם מיידלס פופצנטער געבוירנטאָג, אירע „קינסע אַברילעס", ווערט גע-פייערט מיטן גאַנצן גלאַנץ און מיט דער גאַנצער סנאָבישער פּאָמפּע, וואָס די עלטערן קענען זיך דערלויבן, פון אַ רווישיקער שמחה אין דערהיים ביז צו אַ „באַילע" אין דעם רחבותדיקע טאַנץ-זאַל פון, צום ביישפּיל, „על פּאַטיאָ".

וואָס ווייס אַזאַ מין „באַקפּיש", וואָס ווערט באַרוישט פון אַזעלכע ריין אויסערלעכע עפעקטן, וועגן דעם, אַז דאָס לעבן, אין וועלכן זי וועט, ווי עס פירט זיך, צום באַדויערן, דאָהי, שוין אין אַ יאָר צוויי, העכסטנס, דריי אַרום, דאַרפן אַריינרעטן (אָדער זיין אויסגעשטעלט צו דער געפאַר געשטעמפּלט צו ווערן ווי אַ „פּאַרזע-סענע"), פאַרלאַנגט, כדי באמת גליקלעך געלעבט צו ווערן, גאָר עפּעס אַנדערש: פּערזענלעכקייט און אַלץ וואָס ס'גייט מיט אָט דעם פונדאַמענטאַלן באַגריף צוזאַמען?

וואָס ווייס דען, וואָס קען דען אַזאַ מיידל ווימן אויסער איינדרוקן פון אַ שוין פאַרגעקומענער „פּיעסטעסיטאַ", און דער דערוואַרטונג פון אַ נייער „פּיעסטעסיטאַ"; איינדרוקן פון דעם לעצט-געזעענעם פילם אָדער, נישט זעלטן, פון דעם לעצט-געלייענטן „פּאַקין" אָדער אַנדערן „קאָמיק", ווי אויך קאָמענטאַרן און „טשיסטעס" פּלאַט-קעלעך, וועגן די לעצט-פאַרגעקומענע וואַלן פון אַ „רעינאַ" און וועגן צוגרייטונגען צו אַ חתונה-צערעמאָניע, צו אַ „באָדאַ".

האָבן איר דען טאַטע-מאַמע דערצויגן אין אַן אַנדער גייסט, אין דעם גייסט, אַז דער טראַדיציאָנעלער אידישער אידעאַל וועגן אַ פרוי איז גאָר דער פון אשת חיל, פון אַזאַ, וואָס קען זיך אַליין לייכט אַן עצה געבן אין יעדער לעבנס-לאַגע, ווי, צום ביישפּיל אַ גליקל פאַן האַמעלן, ברײנע, פון פרצס „מענדל בריינעס", אָדער שיינע שיינדל, פון שלום-עליכמס „מנחם מענדל"?

האָבן זיי איר דען אַרויפגעפירט אויפן וועג פון זעלבסט-רעס-פּעקט און זעלבסט-ווירדע, ווי אַ טרייבנדיקן כוח אין דעם מענטשס לעבן? און צו האָבן זיי איר דען צוגעגרייט צו קעמפן פאַר זעלבסט-שטענדיקייט, ווען דאָס לעבן זאָל עס פון איר פאָדערן?

ניין. עפּעס ווי אַ מין נאַראַ פון איבסענס „פּופּן-הויז" איז זי

צוגעגרייט געוואָרן אויסשליסלעך צו דער ראָלע פון אַ „מוטשאַטשאַ קאַסאַדעראַ", וואָס איר גרעסטע וואָפן אין דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ איז דער גרויסער נדן, דאָס רייך אויסמעבלירטע הויז און דער מעגלעכסט לוקסוספולער אויטאָ, וואָס עס וועט מיט איר צוזאַמען געגעבן ווערן אַ יונגנטלעכן, וועלכער איז פונקט אַזוי ווי זי אין גאַנצן נישט צוגעגרייט אַנצוהויבן דעם זייער ערנסטן קאַפּיטל, וואָס הייסט „פאַרהייראַט לעבן".

נו, פּאַסירט דאָס אומפאַרמיידלעכע: ער הויבט אָן אָט דעם נייעם קאַפּיטל אָן דעם קלענסטן פליכט-געפיל; זי־אָן דער מיני־מאַלסטער לעבנס-קענטניש. נישט ער, דער דורכשניטלעך צוואַנ־ציק יאָריקער, צעבאַלעוועטער בחור; נישט זי, די, דורכשניטלעך זיבצן יאָריקע לעבנס-אומוויסנדיקע מיידל, האָט געטאָרט גיין צו דער חופּה, און נאָך ווייניקער האָבן זייערעביידנס עלטערן געהאַט דאָס רעכט אַזעלכע, פון שטאַנדפּונקט פון די לעבנס-פאָדערונגען, פולשטענדיקע אַנאַלפאַבעטן, חתונה צו מאַכן. אַ בפירשער לאוו איז דאָ פאַרגוואַלטיקט געוואָרן: „ולפני אוור לא תתן מכשל". עס זיינען צו דער חופּה געגאַנגען צוויי בלינדע.

וואָס פּאַסירט ווייטער? די יום-טובדיקייט פון דעם האָניק־חודש הויבט ביסלעכווייז אָן צו פאַרוואַנדלט ווערן אין געוויינלע־כער, אָפטמאָל גאַנץ גראָער טאָג-טעגלעכקייט, און אַלץ מער קומט אַרויס אויף דער אויבערפלאַך דער פאַקט, אַז „דער קעניג איז נאַקעט".

ס'איז זיך דעריבער נישטאָ וואָס צו וואונדערן וואָס אַזאַ באַ־דייטנדיקע צאָל פון יונג פאַרהייראַטע היגע אידישע פּאָרלעך האָט, פון שטאַנדפּונקט פון אמתן צוזאַמענלעבן און פאַמיליען-גליק, זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ דורכפאַל. זיי האַלטן זיך נאָך „צוזאַמען" בלויז אַ דאַנק אַלערליי „קאַלטע פריפאַרקעס", ווי, צוםביישפּיל, אָן איבער־געחזרטער נדן, עלטערנס אַריינמישונג און שטאַרקער דרוק, און דערהויפּט, די מורא פאַר דעם „וואָס וועלן לייטן זאָגן?"

נישט צום לעבן האָבן אַ סך היגע אידישע עלטערן צוגעגרייט זייערע טעכטער, נאָר צו לעבנס-אומפּעאיקייט. געוויס, זייערע כוונות זיינען געווען די בעסטע; אָבער דאָס לעבן איז זיך נוקם פאַר יעדן פאַלשן שריט, פאַר יעדער שלעכטער טאַט; און אין דערצי־אונג, פונקט אַזוי ווי אין פּאָליטיק, ווערט דער אַנטגילטיקער פּסק

מעקסיקאַנישע רעפּלעקסן

איבער דעם, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן, אַרויסגעטראָגן נישט לויט די אָפּזיכטן, נאָר לויט די רעזולטאַטן.

אַט די עלטערן האָבן, ווי דערציער פון זייערע טעכטער, לויט די רעזולטאַטן, וואָס זייערע קינדער פילן איצט ווייטיקלעך אין זייער אייגענעם לעבן, זיך אַרויסגעוויזן צו זיין די ערגסטע שונאים פון זייער אייגן בלוט און פלייש.

## טאָ וואָס זשע דאַרף געטאָן ווערן?

ליבע פריינט!

אין מיינע פריערדיקע „בריוו" האָב איך פאַר אייך געמאָלט אַ טרויעריק בילד פון דעם, וואָס היגע אידישע עלטערן האָבן „אויפ־געטאָן" וואָס שייך דער צוגרייטונג פון זייערע קינדער צום לעבן. איך האָב אַרויסגעבראַכט דעם פאַרברעכערישן לייכטזין אין זייער צוגאַנג צו דער פּראָבלעם פון דעם איינפלוס פון דער היים אויף די זין, און די נישט ווייניקער לייכטזיניקע האַנדלונג מצד טאַטע־מאַ־מעס אין אַט דער הינזיכט וואָס שייך זייערע טעכטער.

אָבער מיט דעם אַרויסברענגען אַט די אַלע נעגאַטיווע זייטן האָב איך נאָך מיין פליכט צו דער אויפגאַבע, וואָס איך האָב אויף זיך גענומען מיט דעם שרייבן צו אייך אַט די בריוו, נישט דערפילט. איר האָט דאָס פולע רעכט מיר אַנצוווייזן, אַז אין דער פּעדאַגאָגיק, ווי בכלל אין יעדן קאָנסטרוקטיוון געדאַנקען־גאַנג, זיי־נען נעגאַטיווע דעפיניציעס נישט גילטיק, ווי ווירקזאַמע מיטלען צו לייזן פּראָבלעמען און סיטואַציעס, און אַז בלויז פּאָזיטיווע אָנ־ווייזונגען זיינען מסוגל צו ברענגען הילף און צו פירן אויף דעם וועג צו ממשותדיקע פּראָבלעם־לייזונגען.

אין וואָס זשע באַשטייט מיין פּאָזיטיווער וועג?

ראשית כל אין מיין איבערצייגונג, אַז איר דאַרפט אויפהערן צו טאָן אייערע קינדער די בערישע טובה פון מאַכן זיי איצט דאָס לעבן צו לייכט, ווייל שפּעטער וועט זיך עס אַרויס צו זיין שוין גאָרנישט אַזוי לייכט.

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

איר טאָרט נישט אַטראַפירן אין אייערע קינדער דאָס באַוואוסטזיין, אַז לעבן הייסט נאָכאַנאַנד קעמפן, און אַז כדי צו פירן דערפאָלגרייך דעם קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, מוז מען זיין זייער גוט צוגעגרייט.

אייערע קינדער מוזן מיט זייער מוטער-מילך, אַזוי צו זאָגן, אַריינזייגן אין זיך דאָס באַוואוסטזיין, אַז יעדער מענטש מוז אָנהייבן אויף דאָס ניי; אַז זיינע עלטערנס דערפאַרונגען מיט וועלט, מענטשן, סביבה, קענען זיין ביז גאָר נוצלעך פאַר זיינע עלטערן; זיי זיינען אָבער בשום אופן נישט גענוג, און אָפט אין גאַנצן נישט צוגעפּאַסט פאַר אים. פונקט אַזוי ווי איין מענטש קען נישט עסן פאַר אַ צווייטן, אַזוי קענען עלטערן נישט אָנזאַמלען דערפאַרונג פאַר זייערע קינדערס וועגן. דעם דערפאַרונג-פּראָצעס מוז יעדעס קינד, יעדער אַדאָלעסצענט, יעדער יוגנטלעכער דורכמאַכן אַליין; די לעבנס-קענטעניש פון זיינע עלטערן קען אים, נאַטירלעך, פיל דינען, ווי אַן אויסגאַנג — און אָנשפּאַר-פונקט. אָבער עפענען ברייט די אויגן אויף דער גרויסער וועלט, אין וועלכער עס וועט אים שפּעטער אויסקומען צו לעבן און קעמפן, דאָס מוז ער טאָן אַליין. אויגנשיינלעכע עקאָנאָמישע געזיכערטקייט דורך „נדן", אַ פאַבריק, אַ קראָם, אַ „דעספּאַטשאָ", איז פאַרן יונגן בחור פאַרפירעריש און פירט אַוועק נישט נאָר אויף פאַלשע, נאָר טאַקע אויך אויף געפערלעכע וועגן, ווייל עס טויט אָפּ יעדע מעגלעכקייט פון דערגרייכן נאַטירלעכע פרייד, וואָס יונגע מענטשן דאַרפן פילן ביי דעם באַוואוסטזיין: „דאָס האָב איך, מיט מיינע אייגענע כוחות, זיך דערוואָרבן".

אייערע קינדער דאַרפן קיינמאָל נישט אויפהערן צו הערן אין אייערע היימען, אַז דאָס לעבן איז נישט קיין אייביקער באַנקעט אָדער אַ נישט איבערגעריסענע קייט פון תענוגים, און אַז עס איז, אומגעקערט, די פאַרקערפּערונג פון אומאויפּפערלעכער אַרבעט, באַמיאונג און אָנשטרענגונג.

ווי אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ פון אַט דעם באַגריף, פליסט אַרויס אייער פליכט איינצואימפּן אין אייערע קינדער, ווי אַן אָרגאַנישן טייל פון זייער דענקען, דאָס באַוואוסטזיין, אַז פונדאַמענטאַל אין אַ מענטשנס לעבן טאָר נישט זיין: „מיין פאַרגניגן און דער וועג אים צו דערגרייכן!", נאָר „מיין פליכט און דער אופן ווי אַמבעסטן איר צו דערפילן!"

אויב נישט פארגניגן, נאר פליכט און פליכט־דערפילונג ווערן אוועקגעשטעלט אין אייערע קינדערס באוואוסטזיין, ווי דער צענטראלער פונקט פון מענטשלעכן וועלן און שטרעבן, וועט מיט דער צייט אויך פארשוואונדן ווערן עפעס, וואס איך האב נאך ביז איצט נישט דערמאנט און וואס ס'איז אבער גאר א וויכטיקער פאקטאר אין אייערע קינדערס מענטאליטעט, און א שטארק נעגאטיווער: די עגאצענטרישקייט.

אויב פליכט־געפיל פארנעמט דעם אויבן־אן אין אייערע קינדערס דענקען, מוז במילא דער „איך און מיינע שיך" — באגריף ביסלעכווייז אפטרעטן זיין ארט דעם סאלידאריטעט־און קאאפעראציע־געדאנק. דער עגאצענטרישער „איך", וואס ווייס נישט, אז יעדער איינער פון די מיט־מענטשן איז אויך א „איך", און שטעלט אזוי ארום דעם עגא־צענטרישן אינדיווידואום צו אומאויפהערלעכע געפארן פון קאנפליקט און צוזאמענשטויס מיט דער ארומיקער וועלט, — ווערט דאן וואס א מאל בלאסער, און עס שיינען העל אויף דער „דו" און דער „איר". דער „איך" הויבט אן צו לעבן בשלום מיט דעם „מיר" און ווערט צוגעוואוינט צו דעם געדאנק, אז ער, דער „איך", קען זיך אויף א גליקלעכן אופן ארייגלעבן אין דעם „מיר".

אט דאס אלץ איז א געזונטער באדן פאר דעם, אז אין אייערע קינדער זאל זיך אנטוויקלען א דראנג צו ארבעט און צו שעפערישער טעטיקייט בכלל, אין די ראמען פון לעבנספרייידיקייט און אפטימיזם, ווי אויך פון א דעמאקראטישער, צו מענטש און געזעלשאפט פריינטלעך געניינטער איינשטעלונג.

דאס וועט אין אייערע זין אויפוועקן דעם שלומערנדיקן פארלאנג צו אייגענע אויפטוען, און ראשית כל צו בויען מיט די אייגענע הענט, ווען אפילו מיט א געוויסער אונטערשטיצונג מצד אייך, על־טערן, זייער לעבנס־קאריערע. זיי וועלן פילן דעם טיפן פארגניגן פון דעם „יגיעת כפיך כי תאכל".

אייערע טעכטער ווידער וועלן ערשט אין די ראמען פון אזא וועלט־אויפפאסונג אויפבליען, ווייל זיי וועלן זיך גוט ארייגפאסן אין אלץ, וואס דאס היינטצייטיקע, מאדערנע לעבן פארלאנגט פון זיי, ווי צוקונפטיקע פרויען און מוטערס, וואס וועלן זיין באמת מאדערן. דאס הייסט, ביי וועמען זייער אינטימער לעבן וועט נישט אויסשליסן דעם אקטיוון אינטערעס צו דער וועלט, אויסגעדריקט אין א

## מעקסיקאַנישע רעפּלעקסן

מענלעכסט ברייטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט (וועלכע קען אגב געפינען איר תיקון אין גאַנץ אַנדערע פאָרמען ווי קאָרטן־שפּיל).

גלייכצייטיק מיט דער פאַרוואָרצלונג פון אַזאַ מין איינשטע־לונג מצד אייך צו דער דערציאונג פון אייערע קינדער אין אייערע היימען, וועט אַנהויבן צו פאַרשווינדן דער נדן־געשפּענסט, וואָס איז אַ באַליידיקונג פאַר דער מענטשלעכער ווירדע פון אייערע טעכטער, און איז אַ טויטנדיקער סם פאַר דער מענטאַליטעט און כאַראַקטער־אַנטוויקלונג, פון אייערע זין.

.1952

# דעם שול־טוערס זאָרג און נחת

ווען איר קוקט זיך צו צו די ליסטעס פון די עסקנים, וואָס פון זיי זיינען צענויפגעשטעלט די אָנפירנדיקע אינסטאַנצן פון די היגע אידישע שולן, זעט איר, אַז, ווערזנטלער, האָט זיך פאַר די לעצטע יאָרן ווייניק וואָס געביטן אין זייער צוזאַמענשטעל. דאָס זיינען מערסטנס די אַלט־באַקאַנטע שול־טוער, צו וועלכע עס איז צוגעקו־מען אַ שפּרינקל פון נייע עלעמענטן.

איז ווען מען פאַרטראַכט זיך אַ ביסל וועגן אָט דער דערשיי־נונג, שטעלט מען זיך אַליין די פראַגע: וואָס באַוועגט אָט די מענ־טשען, וואָס פון זייער פריערדיקער לאַנגער דערפאַרונג ווייסן זיי דאָך גאַנץ גוט וויפל קאָפּ־ווייטאָג, זאָרגן און אפילו שלאָפלאָזע נעכט, וואָס דאָס געהערן צו אַ שול־אָנפירונג פאַרשאַפט, — צו וועלן אויך ווייטער זיין אונטערוואָרפן צו אָט דעם אַלעם?

עס קומט אוים באמת מערקווירדיק: ווייסן דאָך די שול־טוער פון זייער, אָפּטמאָל, לאַנג־יאָריקער פּראַקטיק, וואָס פאַר אַ שווערן מוט, וואָס דערגייט אָפּטמאָל כמעט צו דער גרענעץ פון פאַרצווייפ־לונג, עס פאַרשאַפט ניט זעלטן די אַזוי פּראָזאַאישע פראַגע „וואו נעמט מען אויף שבת?", אָדער, אויסגעדריקט ווייניקער פּאַטעטיש: ווי גיט מען זיך אַן עצה מיט די כראָנישע דעפיציטן?

און די אַנדערע טויזנט און איין פּראָבלעמען, וואָס קומען אָפּט אַרויף, ווי מאַנסטערן, אויף דעם גרינעם טישטוך פון דעם זיצונג־טיש, — זיי זיינען דאָך אַזוי וואויל באַקאַנט יעדן איינעם פון די „פּערמאַנענטע" שול־טוער; זיינען זיי גאָרניט מסוגל אָפּצוקילן זייער ענטוזיאַזם, ווען ס'קומט צו נייע קאַדענצן?

ווער עס האָט געהאַט די געלעגנהייט צו באַאָבאַכטן אָט די

עוסקי בצרכי ציבור, ווייס, אַז זייער טעטיקייט-וועג איז פיל מער אויסגעשפרייט מיט דערנער, ווי מיט רויזן. עס איז אַן ארבעט אַ שווערע, וואָס איז ווייט ניט באַגרענעצט צו די עטלעכע שעה, וואָס ס'דויערן די זיצונגען (וואָס, אגב, פאַרציען זיי זיך אין געוויסע פאַלן ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט אריין). ווען מ'הערט זיך אַ מאָל צו צו זייערע טעלעפאָנישע רופן צו די דירעקציעס, אָדער צו די אַד-מיניסטראַציעס פון די שולן, און מ'גיט זיך אָפּ אַ חשבון וועגן די פראַגן, וואָס אינטערעסירן זיי און וואָס זיי באַהאַנדלען אין אָט די טעלעפאָנישע געשפּרעכן; און ווען מ'זעט ווי אָפט שול-טוער זיינען זיך מטריח און קומען טאַקע בכבודם ועצמם אין שול בעת די לערן-שעהן, צו באַזאָרגן שול-ענינים, וואָס דאַרפן דורך זיי פּערזענלעך באַזאָרגט ווערן, — דאַן קומט מען צו דער איבערצייגונג, אַז די שולן זיינען פאַר אָט די עסקנים פיל מער, ווי בלויז אַן עפּיזאָד אין זייער גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן לעבן; אַז זי איז ביי אַ זיי אַ לעבנס-אינטערעס, עפּעס אַזוינס, וואָס די באַציאונג צו דעם קען נאָר אויס-געדריקט ווערן אין אַ „ובהם נהגה יומם ולילה".

פרעגט זיך:

ווי קען אָט די וואונדערלעכע איבערגעבנהייט דערקלערט ווערן? וועלכע איז די טרייב-קראַפט, וואָס אינספּירירט די שול-טוער צו וועלן טאָן אָט די שווערע ארבעט, צו וועלן טראָגן די לאַסט פון נאָכאַנאַנדיקע, און אָפטמאָל שווערע זאָרגן? צו וועלן ווידמען ניט נאָר אָוונט-שעהן, נאָר אויך — און אָפטמאָל ניט ווייניקע — שעהן פון זייער אַרבעטס-טאָג?

די דערקלערונג ליגט אין דעם וואָרט „באמונה". זיי זיינען עוסקי בצרכי ציבור באמונה. די איבערגעבענע שול-עסקנים האָבן אַ טיפן גלויבן. זיי גלויבן, ערשטנס, אין דער הייליקייט — און במילא צוועקמעסיקייט — פון זייער אַרבעט; און, צווייטנס, גלויבן זיי אין דעם, אַז די פרוכטן, וואָס וועלן אַרואסוואקסן פון די קערנער, וואָס זיי פאַרזייען, וועלן ניט פאַרשעמען זייערע יאָרן-לאַנגע באַמיאונגען.

זיי גלויבן אויך, אַז, איבערלאָזנדיק צו אַלערליי טעאָרעטיקער און אידעאָלאָגן דאָס מעדיטירן און דיסקוטירן וועגן „המשך" און ווי צו דערגרייכן אין די תפוצות דעם ווייטערדיקן קיום האומה, — טוען זיי, און טוען די וויכטיקסטע אַרבעט אויף אָט דעם געביט; אַז מיטן דערמעגלעכן אידישע דערציאונג און אויסבילדונג פאַר אידי-

שע קינדער, זיינען זיי אַרכיטעקטן פון אידיש-נאַציאָנאַלער צוקונפט אין דעם לאַנד, וואו מיר לעבן.

איז אַט דער גלויבן אין דער הייליקייט פון זייער גרונט-אידייע — און במילא אין דער וויכטיקייט פון זייער אַרבעט — אַ גרונט-לייגנדיקער פאַקטאָר, וואָס מאַכט זיי זייער שווערע אַרבעט לייכט.

אָבער ער איז בלויז איין פאַקטאָר. ס'איז דאָ נאָך עפּעס, וואָס מאַכט פאַר די שול-עסקנים, אַז זיי זאָלן שוין איצט זיך פילן באַלוינט פאַר זייער לאַנגער און שווערער מי פון שטיין ביים רודער פון אַ שול.

ווען איר קוקט זיך צו דעם שיינענדיקן פּנים פון דעם אָדער יענעם שול-עסקן, ווען ער שטייט אויפן הויף פון „זיין" שול אין די לימודים-צייט, און באַטראַכט זיין „אימפּעריע"; ווען ער שעפּט נחת פון דעם, וואָס יידישע קינדערלעך, קינדער און אַדאָלעסצענטן ווערן אַרויסגעריסן פון די נעגל פון דער לויערנדיקער אַסימילאַציע דורך קריגן אַ אידישע דערציאונג; ווען ער טראַכט זיך (אין אַ קאָלעק-טיוון זין, אַנגעווענדעט צו אַלע שול-טוער): „מעשי ידי להתפאר", —ווערט אייך פאַרשטענדלעך פאַרוואָס, נישט געקוקט אויף אַלץ, מראַכטן זיי גאָרניט וועגן אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך, וואָס הייסט אַרבעט פאַר און אַרום די יידישער שולן.

די אידישע שולן זיינען ניט נאָר זייער זאָרג, זיי זיינען אויך זייער נחת. דעם שול-עסקנס טאַט איז אין זיך אַליין זיין באַלוינונג. די פרייד, די שול-טועריי פאַרשאַפט אים, איז זיין מאָראַלישע באַ-פרידיקונג און גייסטיקער שכר.

1953.

# יוסף וויניעצקי, דער ענטוזיאַסט

עטלעכע און דרייסיק יאָר איז אונדזער יידיש-יידישער ישוב אַלט, און יוסף וויניעצקי איז געווען איינער פון זיינע פּיאָנערן. מיר, די „אַלטע" תושבים, געדענקען גוט זיין ראָלע, ווי אַ קולטור-פאַק-טאָר אין יענע ערשטע יאָרן פון דעם בראשית, אָדער, ווי ער, ווי-ניעצקי, אַליין וואָלט עס אָנגערופן, דעם „באַגינען" פונם יידישן מעקסיקע. ער האָט געזייט קערנדלעך, סיי ווי אַ לעקטאָר אויף אַלגעמיין-קולטורעלע אָדער ליטעראַרישע טעמעס, און סיי ווי אַ רעדנער אויף געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען.

דער פּיאָנערן-דור פון אונדזער ישוב, וועלכער געדענקט נאָך די שווערע, זייער שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע ס'האָט זיך גע-לעבט די ערשטע אימיגראַנטן; ווי לעבנסוויכטיק ס'איז דאָן, אין דעם „באַגינען", געווען צו טאָן קולטור-אַרבעט, און וואָס פאַר אַ שטאַרקע גרייטקייט צו קרבנות ס'האָט זיך געפאָדערט פון די עט-לעכע מענטשן, וואָס האָבן אָט די קולטור-אַרבעט אָנגעהויבן צו פירן, — וועט בעסער ווי דער יינגערער דור באַגרייפן די פאַרדינסטן, וואָס יוסף וויניעצקי האָט זיך אין יענער צייט דערוואָרבן פאַרן היגן ישוב.

און אַ קולטור-טוער איז יוסף וויניעצקי פאַרבליבן און איז אויף אָט דעם געביט געבליבן טעטיק מיט דער עקשות פון אַן אמתן אידעאַליסט.

ס'איז אפשר מער ווי אַ בלויזער צופאַל דער פאַקט, אַז דאָס ערשטע געדרוקט וואָרט, וואָס האָט זיך באַוויזן אין דער היגער יידישער עפנטלעכקייט, איז געקומען דורך יוסף וויניעצקין. זינט דאַן, אין משך פון כמעט דריי צענטליק יאָר האָט זיין שטאַר-

קער, פאטעטישער רוף אין אלע פראגן פון יידישער לאקאלער, צי אלגעמיין-נאציאנאלער געזעלשאפטלעכקייט, זיך געהערט סיי פון דער זשורנאליסטישער טריבונע, אויף די שפאלטן פון צייטונגען און זשורנאל, און סיי פון דער טריבונע אין פראזאמלונג-זאל.

אויך ליטעראריש האט וויניעצקי אין די דרייסיק יאר פון זיין טעטיקייט אין אונדזער ישוב, געהאט פארשידענע פארמעסטן, סיי אין דער פארם פון קורצע דערציילונגען, ווי די פון זיין בוך „פארן מבול", צווישן וועלכע ס'זיינען דא שאפונגען פון א פיינעם בעלעטריסטישן פארנעם; סיי אין דער ראמאן-פארם, ווי ס'איז „באגינען". אין אט דעם בוך האט וויניעצקי צוגעגרייט ערשט-קלאסיקן מאטעריאל פארן צוקונפטיקן היסטאריקער פון דעם בראשית פון אונדזער ישוב.

דערצו איז ער געבענטשט מיט אן אומאויסלעשבארן ווילן צו פעדאגאגישער טעטיקייט, וועלכע איז א לאנגער קאפיטל פאר זיך. א סך פון זיינע זשורנאליסטישע לייסטונגען זיינען געווידמעט אט דעם געביט, שטענדיק מיט א ברייטן געזעלשאפטלעכן הינטערגרונט.

און קען מען דען פארגעסן די עטלעכע יאר, וואס וויניעצקי האט, מיט א זעלטענעם אידעאליזם, זיך באמיט, ווי דער ערשטער — און איך האב מורא אז אויך דער לעצטער — יידישער מוכר ספרים, צו פארשפרייטן דאהי דאס יידיש בוך? עס איז אין יענער ארבעט זיינער געווען א ים מיט דאן-קיכאטישקייט אין שענסטן זין פון ווארט.

פאר אט די דרייסיק יאר פון יוסף וויניעצקים פילזייטיקער און פילפארביקער טעטיקייט, פון וועלכער אונדזער ישוב האט גענאסן, איז יוסף וויניעצקי געווען איינער פון זיינע אנגעזעענסטע ווארטזאגער.

ער איז עס, מער ווי אלץ, דורך זיין פאטאס. אין גוטן זשורנאליזם, אננעמענדיק ווי א באזע, אז דער באטרעפנדיקער זשורנאליסט האט א געניגנדיקן אלגעמיינעם קולטורעלן הינטערגרונט, זיינען דא צוויי אופנים פון באווירקן דעם לייענער: דער רואיק-אנאליטישער און דער אומרואיק-עמאציאנעלער. דאס זעלבע קען אויך געזאגט ווערן וועגן דעם רעדנער אויף דער רעדנער-טריבונע. אין ביידע פאלן איז די עמאציאנעלע שפאנונג, וואס ווערט דורכן זשורנאליסט אדער רעדנער געשאפן, די הויפט-דערגרייכונג.

# סאַלאָמאָן קאַהאַן

יוסף וויניעצקי, סיי אַלס זשורנאַליסט, סיי אַלס רעדנער, גע־הערט צו דעם מיט פּאַטאָס אָנגעלאָדענעם וואָרט־זאָגער, וואָס איז שטענדיק באַהויכט פון גאָבעלע אידעאַלן אין זיין שרייבן, פּונקט אַזוי ווי אין זיין רעדן אויף דער טריבונע, איז שטענדיק דאָ פייערלעכ־קייט. מיט אָט דעם עלעמענט האָט ער אין משך פון גענויע דריי צענטליק יאָר אַ סך מאָל געשאַפן שטימונג און דערהויבן די געמי־טער פון זיינע לייענער און צוהערער.

1950.

# א. ז. בערעבּיטשעזעס זשורנאַליסטישע פעדער און געזעלשאַפטלעכע טאַט

פון זיין געבורט־לאַנד, ליטע, האָט אברהם זבולון בערעביטשעז, מיט זעקס און צוואַנציק יאָר צוריק אַהער געבראַכט אַ גרויסן באַגאַזש פון יידישן וויסן, פון פאַרוואָרצלטקייט אין יידישן פאָלקסטום און פון ליבשאַפט צו יידיש לעבן אומעטום. מיט אָט דעם אַלעם האָט ער אָבער גלייכצייטיק מיטגעבראַכט אַ טיפן אינטערעס צו דער ברייטער, גרויסער וועלט און אַ ווידערווילן צו פּאַראָכיאַליזם אין יידישן לעבן; אַן אינטערעס, וואָס גייט פּאַראַלעל מיט דעם שטרעבן צו אַ יידיש לעבן פון יידן באשר הם שם, וואָס, נישט אויפהערנדיק צו זיין פונדאַמענטאַל יידיש, זאָל עס האָבן מאָדערנע פאָרמען.

אומדערמידלעך ווי אַ לייענער, וואָס וויל זיין „אין דער היים" אין דעם אוניווערסאַלן יידישן נעכטן און גריינטלעך אינפאָרמירט וועגן דעם יידישן היינט אין דער גאָרער וועלט, האָט ער פּאַראַלעל־זיך ביסלעכווייז אויסקריסטאַליזירט ווי אַ זשורנאַליסט, וואָס האָט וואָס צו זאָגן און וואָס זאָגט עס מיט אַ געפיל פון רעספּעקט צום געדרוקטן וואָרט און מיטן באַוואוסטזיין פון פאַראַנטוואָרטונג לגבי דעם ישוב, אין וועלכן ער וויל, אַז זיין וואָרט זאָל האָבן אַן אָפּקלאַנג.

און זיין וואָרט האָט אַן אָפּקלאַנג. זיינע טעמעס, סיי ווען ער קלייבט זיי אויס פון דעם געביט פון דעם היגן יידישן לעבן (וואָס זיי זיינען די גרעסטע מערהייט), און סיי ווען ער זוכט זיי אויס פון צווישן די געשעענישן, דערשיינונגען אָדער פּראָבלעמען פון דער גרויסער יידישער וועלט, — זיינען קיינמאָל נישט מינדערוויכטיק

אדער באנאל, נאר שטענדיק פון א צאפלדיקער אקטועלקייט אדער פון אן אלגעמיין-יידישן, פערמאנענט וויכטיקן כאראקטער.

אין זייער באהאנדלונג איז ער ערלעך צו זיך אליין. די ליניע, וואס מ׳האט געקענט בײ אים מערקן אין דעם אנהייב פון זיין היגער זשורנאליסטישער, קאנקרעטער גענאגט, פובליציסטישער קאריערע, האט ער ווייטער געצויגן ביז איצט. און זי איז פון א דעמאקראטיש געזינטן יידישן שרייבער, וואס וויל זען אונדזער ישוב א מאדערנעם, געזונטן און מיטן פנים צו דער וועלט בכלל און צו אונדזער וואוין-לאנד, מעקסיקע, בפרט, איינגעשטעלטן.

דערפאר טאקע לייענט מען אים, און טאקע דערפאר האט ער זיך אויך געשאפן א געוויסן קרייז פון צווישן זיין אלגעמיינער לייע-נערשאפט, וואס מ׳וואלט געקענט אנרופן „בערעביטשעז-חסידים״, קיין בעסערע סאטיספאקציע, ווי די, וואס עס קריגט א פובליציסט פון דעם באוווסטזיין, אז מ׳הערט זיך צו צו זיינע ווארט; אז מען לייענט אים און מען קאמענטירט און דיסקוטירט זיינע מיינונגען, קען ער זיך ווי א זשורנאליסט, נישט ווינטשן.

נאך מער דינאמיש ווי מיט זיין פעדער ביים שרייב-טיש, און ער אין אט די פינף און צוואנציק יאר געווען ביי דעם טיש פון אק-טיווער, שעפערישער געזעלשאפטלעכקייט, געטריבן פון אן אומ-באזיגבארן אימפולס צו מעשים, וואס זיי האבן אלע באצוועקט בלויז איין זאך: זיין ביישטייער, דורך דינאמישער טאט, צו פארבעסערן און פארשענערן אונדזער קאלעקטיוון היגן לעבן, אדער מיטצוהעלפן צו מאכן בעסער און געזינטער דאס לעבן פון דעם יידישן וועלט-פאלק. אט דער לעצט דערמאנטער ווילן האט אים אויך געבראכט, ווי א יידישן עסקן, קיין באלטימאר און קיין בוענאס-איירעס.

איך פארנעם זיך דא ניט אויסצורעכענען די פארשידענע היגע ארגאניזאציעס און אינסטיטוציעס, צו וועמענס וווקס און פראגרעס ער האט אין דעם פערטל-יארהונדערט בייגעטראגן. ס׳איז אבער נויטיק אונטערצושטרייכן, אז די אידייע, ווי אויך רעאליזירונג פון די ערשטע דעמאקראטישע וואלן צום היגן צענטראל-קאמיטעט, איז געווען זיינע, ווען ער איז געווען דער פארזיצער פון צענטראל-קאמיטעט.

און זאל איך נישט דערמאנען דעם פאקט, אז דאס איז ער גע-ווען איינער פון די סאמע ענטוזיאסטישע און טיכטיקסטע פראפא-גאנדירער פון דער געזונטער אידייע פון פארייניקן אדער, ווייניקס-

טענס, פֿאַראייניהייטלעכן ווי ווייט עס לאָזט זיך נאָר, דאָס היגע ייִדישע דערציאונגס-וועזן, דורך אַן אַרבעט-פעאיקייטן, אויף דעמאָ־קראַטישע יסודות באַזירטן ועד-החינוך?

בלויז נאָך איין אַספּעקט פון זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין די פינף און צוואַנציק יאָר, וואָס איך באַטראַכט דאָ און וואָס ס'איז מיר אַממערסטן צום האַרצן, וועל איך נאָך אונטערשטרייכן. דאָס איז א. ז. בערעביטשעז, דער קולטור-טוער. אָט דער אַספּעקט זיינען האָט זיין בולטסטן אויסדרוק געקראָגן אין זיין פּרוכטבאַרער אַרבעט, ווי דער פֿאָרזיצער פון דעם צענטראַל-קאָמיטעטס קולטור־קאָמיסיע. געווים, ווי יעדער שטרעבלעכער, איז אויך ער נישט גע־ווען אין די אַלע יאָרן פון זיין אָנפירערשאַפט מיט אָט דעם וויכטיקן צווייג פון געזעלשאַפטלעך-שעפערישער טעטיקייט, פריי פון דעם אָדער יענעם פעלער, פון דעם אָדער יענעם טעות; ווען מיר פירן אָבער אונטער דעם סך-הכל, מוז, מיט דער פולסטער אנערקענונג פאַר אים געזאָגט ווערן: יפה דרשת און יישיר כוחך.

.1952

# טוביה מייזעל, דער סאָציאַל־סטאַטיסטיקער

סטאַטיסטישע דאַטן קענען זיין די לאַנגווייליקסטע זאַך אין דער וועלט. זיי קענען אָבער אויך פאַרכאַפּן אונדזער אינטערעס, האַלטן אונדז געשפּאַנט און ווירקן ממש פאַסצירנד.

מיט סטאַטיסטיק איז „כחומר ביד היוצר". ס'ווענדעט זיך אין דעם ווער ס'אָפּערירט מיט סטאַטיסטישע דאַטן, און אויך אין דעם וואָס ער לאָזט אונדז דורך זיי הערן. גענומען ווי אַ ציל פאַר זיך אַליין, זיינען זיי אַ אומנוצלעכער באַלאַסט פאַר אונדזער זכרון. ווען ס'קומט אָבער דער באַרופענער וויסנשאַפטלער און געפינט אויס זייער ריכטיקע באַדייטונג, דאָס הייסט, ער שליסט אויס דעם עלע־מענט פון צופעליקייט און שטעלט אַן אויף זיי דעם רעפלעקטאָר פון פאַרהעלטנים, פון קאַוזאַליטעט, — גיט ער אין זיי מיט דעם אריין דעם „רוח החיים". מיר דערזעען זיי דאַן ווי פאַקטאָרן, וואָס ווערנדיק אַליין באַדינגט, זיינען זיי אָבער גלייכצייטיק די גרונט־באַדינגונג פון אַ גאַנצער רייע דערשיינונגען.

סטאַטיסטיק, ווען זי ווערט באַהאַנדלט וויסנשאַפטלעך, קען בלויז זיין פאַרגלייכנדיקע סטאַטיסטיק. — אַנטוויקלונג, אין וועלכער ריכטונג זי זאָל ניט זיין, מוז דורך איר אַרויסגעבראַכט ווערן. דינאַמיק איז דער פונדאַמענט פון יעדער סטאַטיסטישער פאַרשונג.

גלייכצייטיק מוז דער סטאַטיסטיקער האָבן אַ שאַרף אויג, כדי אָפּצוטיילן אין זיין מאַטעריאַל דאָס צופעליקע פון דעם וואָס ס'איז פונדאַמענטאַל, און אונטערשטרייכן דאָס וואָס ס'איז וועזנטלעך און סיסטעמאַטיש אין די פּראָצעסן, וואָס ער פאַרשט.

ווען ער האָט אַזאַ שאַרף אויג און דעם, דורך דערפאַרונג אויס־געפּרוווטן מעטאָד צו אַנטדעקן דעם תמצית וואָס ס'איז באַהאַלטן

אין די סטאַטיסטישע דאַטן, דאַן קען אויף אים אַנגעווענדעט ווערן מיקעל אַנדזשעלאָס וואָרט, אַז דער סקולפּטאָר, ווען ער האַקט אויס פון שטיין זיין סקולפּטור, טוט אייגנטלעך ניט מער ווי באַפרייען די שטיינערנע מאַסע פון אַלץ וואָס ס׳איז איבעריק און פאַרשטעלט דאָס אייגנטלעכע בילד, וואָס ס׳איז אין דעם שטיין פון פריער נאָך געווען.

צו אַט דעם טיפּ סקולפּטאָר־סטאַטיסטיקער געהערט טוביה מייזעל, וועמענס מאָנאָגראַפיע „יידן אין מעקסיקע" (1946) איז אַ מוסטער פון אָביעקטיוו־וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג צו סאָציאַל־עקאָנאָמישע דערשיינונגען און פון מייסטערשאַפט אין מעטאָד־אַנווענדונג בעת זייער אַנאַליז אין ציפערן.

ער איז שוין דאַן, אין 1946, געווען דער באַרופענער, און אין אונדזער היגער סביבה דער באַרופנסטער צו באַהאַנדלען דעם יידישן ישוב אין מעקסיקע אין דעם ליכט פון זיינע דעמאָגראַפישע, עקאָנאָמישע, געזעלשאַפטלעכע און קולטור־דערציערישע פּראָבלעמען.

— 2 —

די „אַלגעמיינע יידישע ענציקלאָפּעדיע" האָט שוין רעאַליזירט איר פּראָיעקט פון אַ וויכטערדיקן באַנד פון דער „יידן"־סעריע, געווידמעט אויסשליסלעך צו יידן אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

אַט דער באַנד פאַרנעמט זיך הויפּטזעכלעך מיט אַן אַלזייטיקער באַלייכטונג פון דעם איצטיקן צושטאַנד פון די אַמעריקאַנער יידישע ישובים. זיין רוקנביין איז אַ קווערשניט דורך דעם עקאָנאָמישן, סאָציאַלן, קולטורעלן און פּאָליטישן לעבן פון יעדן קיבוץ אין דעם מערבדיקן העמיספער, אין אַ ספּעציעלער מאָנאָגראַפיע.

ביים צוגרייטן אַט די מאָנאָגראַפיעס איז אויסגעשלאָסן געוואָרן דער עלעמענט פון פּערזענלעכער אינטערפּרעטאַציע וועגן דעם יידישן לעבן אין דעם אָדער יענעם ווינקל פון די אַמעריקעס. ס׳איז געגעבן געוואָרן פּלאַץ בלויז פאַר וויסנשאַפטלעך־אָביעקטיוו געקליבענע, דורכקאָנטראָלירטע, קלאַסיפיצירטע און סיסטעמאַטיזירטע פאַקטן, וואָס נאָר זיי אַליין האָבן געקענט געבן דעם פונדאַמענט צו די שלוסן, דאָס הייסט צום אַלגעמיינעם בילד, וואָס דער לייענער דאַרף באַקומען וועגן יעדן איינעם פון די פאַרשידענע אַספּעקטן פון דעם איצטיקן לעבן פון יידן אויף אַמעריקאַנער ערד.

אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט האָט ניט געקענט אָנפאַר־

טרויט ווערן צו דילעטאַנטן, צו מענטשן מיט בלויז אַן אויבערפלעכ־לעכער באַקאַנטשאַפט מיט אַזאַ מין אויפגאַבע. די מאָנאָגראַפיע וועגן יעדן קיבוץ האָט געמוזט צוגעגרייט און אָנגעשריבן ווערן דורך אַן אויטאָריטעט אויף דעם געביט, וועלכער איז ראשית כל, און הויפטזעכלעך, דער געביט פון סאָציאַלער סטאַטיסטיק.

עס קומט דערפאַר אַנערקענונג דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דער „אַלגעמיינער יידישער ענציקלאָפעדיע״ פאַר דעם וואָס זי האָט בנוגע דער מעקסיקע־מאָנאָגראַפיע געמאַכט ניט נאָר אַ געלונגענעם אויסוואַל, נאָר טאַקע דעם סאַמע בעסטן אויסוואַל, ווען זי האָט גע־דאַרפט באַשליסן וועמען אָנצופאַרטרויען דעם קאַפּיטל וועגן מעק־סיקאַנער ישוב.

אַליין אַ תלמיד, אין זיינע אוניווערזיטעט־יאָרן, פון דעם וועלט־באַרימטן סאָציאַל־סטאַטיסטיקער אַנציפעראָוו, האָט טוביה מייזעל אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיך פאַרטיפט אין די פאַרגעשריטנסטע מעטאָדן פון סאָציאָלאָגישער פאָרשונג, און האָט זיי נאָכער אָנגע־ווענדעט אין זיינע סאָציאַל־סטאַטיסטישע אַרבעטן וועגן היגן יידישן ישוב.

ער איז עטלעכע יאָר געווען לערער פון יידישער סאָציאָלאָגיע (דער אָפּצווייג פון אַלגעמיינער סאָציאָלאָגיע, וואָס אַרטור רופּין איז געווען זיין פּיאָנער) אין דעם לערער־סעמינאַר פון דער יידישער שול, און ווי אַ רעזולטאַט פון אַט דער אַקאַדעמישער אונטעררינכט־אַרבעט, האָט ער אָנגעשריבן אַ טעקסט־בוך מיט די ראשי פרקים פון אַט דעם קענגשטאַנד.

איז צוליב דעם אַלעם טוביה מייזעל טאַקע געווען אַבסאָלוט דער באַרופנסטער אין יעדער הינזיכט צו נעמען אויף זיך די שווערע, קאָמפּליצירטע און ביז גאָר פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע צוצו־גרייטן און אָנצושרייבן די מעקסיקע־מאָנאָגראַפיע פאַר דעם ספּעציע־לען „יידן״־באַנד פון דער „אַלגעמיינער יידישער ענציקלאָפעדיע״, וואָס איז געווידמעט צו די יידישע ישובים אין די אַמעריקעס.

.1953

# יוסף זאַכאַריאַשעס באַווירקנדיקע רייפקייט

אונדזער ישוב איז שוין איצט אויסקריסטאַליזירט. ער האָט שוין געקראָגן זיין ספּעציפישע, אייגנאַרטיקע פיזיאָנאָמיע. דאָס אנערקענען איצט אייגענע און פרעמדע. ס׳גייט ביי אונדז אָן אַ פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס ציילן זיך אין די צענטליקער. מיר זיינען אַ ישוב מיט ישובים גלייך, און די יידישע וועלט הערט זיך צו צו אונדזער שטימע און מען נעמט אונדז אין באַטראַכט ווי אַ דינאַמישן מייל פון וועלט-יידנטום.

ווי אַנדערש האָט עס דאָ אויסגעזען מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק, ווען די ערשטע עטלעכע צענטליק יידיש-ריידנדיקע אימיגראַנטן פון מזרח אייראָפּע האָבן אָנגעהויבן צו שטעלן זייערע ערשטע טריט אויף דעם ווילד-פרעמדן באָדן פון דעם נייעם לאַנד, וואָס איז געווען נישט בלויז אַנדערש נאָר פיל-פאַכיק אַנדערש פון די אַלטע היימען. מ׳האָט געמוזט נישט נאָר צופּאַסן אַלטע באַגריפן צו אַ נייעם לאַנד, נאָר, נאָכמער, אַריינוואַקסן אין אַ סביבה, וועמענס באַגריפן וועגן מענטשלעכע פאַרהעלטניסן זיינען אָפּטמאָל געווען דיאַמעטראַל קעגנזעצט צו די, וואָס מיר, אימיגראַנטן, האָבן מיט זיך געהאַט מיטגעבראַכט פון אונדזערע געבורט-לענדער.

די עקזאָטישע, סוב-טראָפּישע הויפּטשטאָט פון דעם אַצטעקן-לאַנד איז געווען מסוגל אַוועקצושטעלן אַ סך געפאַרן אויפן וועג פון דעם גייסטיקן און מאָראַלישן לעבן פון די יונגע, פאַרוואָגלטע אימיגראַנטן, אפילו ווען זיי האָבן מיט זיך געהאַט מיטגעבראַכט אַ ראַדיקאַלע, און אָפּטמאָל שטורמישע געזעלשאַפטלעכע פאַרגאַנגענהייט.

אין יענע טעג, ווען מיר, אַ גרופּע יונגע יידישע סאָציאַליסטן,

# סאַלאָמאָן קאַהאַן

האָבן זיך — געזעלשאַפטלעך — אינסטינקטיוו געטוליעט איינע צו די אַנדערע, און אין אָט דעם טוליען זיך פאַרזייט דאָ די ערשטע קערנדלעך פון יידישע קולטור-אינסטיטוציעס, — האָבן מיר גע־פילט, אַז ס'פעלט אין אונדזער סביבה אימיצער, וואָס זאָל ווערן אַ צענטראַלע פיגור, אין דעם זין פון דערפאַרנקייט, פון כאַראַקטער־שטאַרקייט, פון אויסגעהאַלטענעם דענקען, פון קענען געווינען אַל־געמיינעם צוטרוי. ס'האָט אונדזער ראַדיקאַלער גרופּע געפעלט ניט אַזוי אַ מענטש מיט טעאָרעטישן וויסן, כדי אָנצוהאַלטן אונדזער סאָציאַליסטישן באַוווסטזיין אין דעם (ווי ס'האָט זיך אונדז דאַן געדאַכט) מדבר מעקסיקע, ווי די האַנט פון אַ פּראַקטישן מענטשן, וואָס, זייענדיק טעאָרעטיש פאַרוואָרצלט אין זיין יידיש-סאָציאַליס־טישן אויסבליק אויף דער וועלט, שטייט ער אָבער מיט ביידע פיס אויף דעם באָדן פון דער טאָג-טעגלעכער ווירקלעכקייט. אומפּראַק־טישע טרוימער האָבן מיר געהאַט עטלעכע, אַ פּראַקטיש-דענקענדן טרוימער קיין איינעם נישט.

אָבער אָט האָט דער אימיגראַציע-שטראָם פון יענער צייט פאַר־טראָגן צו אונדז פון פּוילן אַ מענטשן, וועלכער האָט מיט זיך פאַר־קערפּערט דאָס אַלץ, וואָס ס'האָט אונדזער ראַדיקאַלער גרופּע, גע־זעלשאַפטלעך, געפעלט. זיין קומען אַהער האָט אונדז, אַזוי צו זאָגן, גאַלוואַניזירט. מיר זיינען געוואָרן געזעלשאַפטלעך-דינאַמיש און אָנגעהויבן ענערגיש צו שרייבן דעם בראשית-קאַפּיטל פון ראַדיקאַ־לער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין מעקסיקע.

דער דאָזיקער אימיגראַנט מיט אַ סך לעבנס-קלוגשאַפט, מיט אַ קאַלטער, שאַרפער לאָגיק, מיט אַ פאַרשטענדניש פון מענטשן און סיטואַציעס, און דאָס וויכטיקסטע, מיט אַ פּראַקטישן צוגאַנג צו זאַכן; מיט דעם, וואָס די ענגלענדער און אַמעריקאַנער רופן אַן „קאָ־מאָנסענס", — איז געוועזן יוסף זאַכאַריאַש, דער וועבער מיט אַ פיי־נעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן סטאַזש פון דער באַרימטער ביאַליס־טאָקער „אַרבעטער-בירזשע".

זינט זיין קומען אַהער, מיט דריי און צוואַנציק יאָר צוריק, איז ער געווען איינע פון די אָנפירנדיקע פערזענלעכקייטן אין אונדזער ישוב. פריער, ווען פאַרטיי-ליניעס און בכלל סאָציאַל-פּאָליטישע די־פערענצירונגען זיינען געווען שטאַרקער אַקצענטירט, איז יוסף זאַכאַריאַש געווען טעטיק אין אַ ענגערן אימיגראַנטן-קרייז. אָבער אין די שפּעטערע יאָרן, ווען די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג און דער

אויפשוואונג פון אונדזער ישוב האָבן אַ היבש ביסל פאַרווישט די דיפערענצירונגען פון דער אַלטער היים, האָט יוסף זאַכאַריאַש אויסגעברייטערט דעם קרייז פון אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, אין וועלכע ער איז בויעריש־טעטיק.

איינער פון די איבערגעבנסטע אָנהענגער פון דער מאָדערנער יידיש־וועלטלעכער קולטור און אַ גרויסער ליבהאָבער פון דער יידישער שפּראַך און אירע קולטור־אוצרות, איז יוסף זאַכאַריאַש אין משך פון די עטלעכע און צוואַנציק יאָר, וואָס ער לעבט און ווירקט אין מעקסיקע, געווען דאָ אַ לעבנס־נערוו פון דער יידישער קולטור־באַוועגונג. דורך גערעדטן און געשריבענעם וואָרט, דורך פּראַקטישער טאַט, — שטענדיק און אומעטום איז ער געווען צווישן די ערשטע, אויב ניט דער ערשטער, צו העלפן — און אָנפירן — אין דער אַרבעט.

טריי דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק, אַזוי ווי ער פאַרשטייט אים, איז יוסף זאַכאַריאַש אין די עטלעכע און צוואַנציק יאָר נישט געגאַנגען אויף קיין שום קאָמפּראָמיסן אין פראַגן פון זיין אידעאָלאָגישער איינשטעלונג, און זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר דער שאַרפער קריטיק פון זיינע קעגנער אָדער פאַר די גיפטיקע אַטאַקעס פון שונאים. גרייט אויף אַלע אינטעלעקטועלע קאָנסעקווענצן, טרינקט ער, אידעאָלאָגיש, בלויז פון זיין אייגענעם בעכער. דאָס איז אפשר, אין אַ געוויסן זין, קאָנסערוואַטיזם, אָבער דאָס איז אויך גלייכצייטיק אַ מוסטער פון גייסטיקער אויפריכטיקייט און פון ערלעכקייט צו זיך אַליין.

מיט זעכציק יאָר פון אַ פרוכטבאַרן לעבן פון געזעלשאַפטלעך־קולטורעלער טעטיקייט הינטער זיך, טרעט יוסף זאַכאַריאַש אַריין אין זיין זיבעצנטן יאָרצענדליק מיט אַ סך נאָך נישט־אויסגעברענטער ענערגיע, מיט אַ קלוגן שמייכל פון אַ מענטשן, וואָס איז זאַט מיט לעבנס־דערפאַרונג, און מיט אַ פעלזן־פעסטן גלויבן אין דער מענטשהייט און אין סאָציאַליזם, ווי ער פאַרשטייט אים.

.1945

# יעקב אייבראמסעס עטישער אויסבליק

ס׳זיינען דאָ מענטשן, וואָס זיינען טיף רעליגיעז, הגם זיי אַליין ווייסן עס ניט. צו אָט די רעליגיעזע נאַטורן האָט געהערט דזשעק אייבראַמס.

ער איז געווען אַ גלויביקער, און דער אָביעקט פון זיין גלויבן איז געווען דער מענטש. צוזאַמען מיט לעאָנאַרד פראַנק איז אויך ער געווען איבערצייגט, אַז „דער מענטש איז גוט" און אַז נאָר די איבלען פון דער עקזיסטירנדיקער סאָציאַלער אָרדנונג פאַרוואַנדלען די וועלט אין אַ ממלכת זדון.

אַזוי טיף פאַרוואָרצלט איז געווען זיין גלויבן אין דעם מענטשן מיט זיין פּאָטענציעלן בענקען נאָך אַלץ וואָס איז גוט, שיין און דערהויבן, אַז ער האָט אָפּגעלעבט אַלע זיינע יאָרן פון געזעלשאַפטלעך־באַוווסטזיניקן לעבן מיט אַ פעלזן־פעסטער זיכערקייט אין דער מעגלעכער פאַרווירקלעכונג פון דעם קלימאַקס־פונקט פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם, וואָס ס׳איז דער אַנאַרכיזם, ווי אַ סאָציאַלע פילאָזאָפיע.

דעם פאַרשטאַרבענעמס אַנאַרכיזם איז אין זיין באַוווסטזיין אויסגעוואַקסן צו אַ וועלט־אַנשויאונג ניט אַזוי פיל ווי אַ רעזולטאַט פון טעאָרעטישן שטודיום, ווי פון זיין פונדאַמענטאַלן גלויבן אין דער גוטסקייט פון דעם מענטשלעכן מין און אין זיין פעאיקייט צו לעבן אין פרייוויליקער קאָאָפּעראַציע, אָן דעם קאָנטראָל פון אָרגאַניזירטן רעגירונגס־בייטש. ער האָט באמונה שלומה געגלויבט, אַז שטאַט, ווען אפילו אַ סאָציאַליסטישער שטאַט, איז אַן אומפאַרציילעכער דרוק אויף דער פרייער פערזענלעכקייט, און דאָס איז קעגן דער העכערער עטיק און אַ באַליידיקונג פאַר דעם מענטשלעכן מין.

אָט דער טיפער גלויבן אין דעם מענטשן און אין דעם, כאָטש נאָך ווייטן, אָבער דאָך זיכערן טריאומף פון דער אַנאַרכיע, אין דעם העכערן, פילאָזאָפישן זין פון דעם וואָרט, איז געווען די וויכטיקסטע טרייב־קראַפט אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון דעם פאַר־שטאָרבענעם.

זיין אַנאַרכיזם האָט קיין שום זאַך אין דער וועלט ניט געקענט אין אים אויסוואָרצלען; ער איז צוריקגעפאָרן פון סאָוועט־רוסלאַנד אַ טיף אַנטוישטער, אָבער זיין אַנטוישונג אין דער סאָוועטישערווירקלעכקייט האָט אויף קיין האָר ניט געמינערט זיין גלויבן, אַז די דערלייזונג פון דער מענטשהייט וועט דאָך קומען. די וועגן וועלן אָבער מוזן זיין, איז ער געבליבן איבערצייגט, גאַנץ אַנדערע.

איינער פון די שענסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון יידי־שער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט דאָהי, זיינען די יאָרן פון דעם, לויט זיין איניציאַטיוו געגרינדעטן און, פּאַקטיש, דורך אים אַנגע־פירטן, „אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט”. זיין ענטוזיאַזם און ענערגיע האָבן אינספּירירט צו מאַקסימאַלע לייסטונגען אַלע מיטבאַטייליקטע, און געמאַכט, אַז דעם „קאָמיטעטס” טעטיקייט זאָל ברענגען צו קול־טור־דערהויבונג, אויסגעדריקט אין אַ גאַנצער רייע עפנטלעכע אונ־טערנעמונגען, וואָס ווערן נאָך איצט, כמעט צוויי צענטליק יאָר שפּע־טער, דערמאָנט ווי אַן עמוד האש אין דער געשיכטע פונם יידישן גייסטיקן לעבן דאָ אין לאַנד.

ווי טיף האָט ער דורכגעלעבט שפּאַניעס טראַגעדיע! מיט וואָס פאַר אַן אייפער האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער הילפס־אַרבעט פאַר די קרבנות פון פראַנקאָס פאַשיסטישן אַנגריף קעגן דער שפּאַ־נישער רעפּובליק און פון זיין זיג איבער איר! ווען עס וועט אַמאָל געשריבן ווערן די געשיכטע פון אָט דעם קאַפּיטל, וועט דעם פאַר־שטאָרבענעמס טעטיקייט, ווי דער פאָרזיצער פון דער מעקסיקאַנישער אָפּטיילונג פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער הילפס־אָרגאַניזאַציע”, ווי געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן, און זיין גייסטיקע פיגור וועט דאַן אויפ־לייכטן אין דעם גאַנצן גלאַנץ פון זיין נאָבלקייט און פון אמתער, ניט רעקלאַמירטער מענטשן־ליבע.

דזשעק אייבראַמס האָט ניט געהערט צו די, וואָס דערקלערן זיך פּאַטעטיש אין ליבע צו דער אַבסטראַקטער „מענטשהייט”; פאַר אים האָט ראשית כל עקזיסטירט דער נאָענטער, ליידנדיקער קאָנקרעטער

מיט־מענטש. אים האָט ער זיך באַמיט צו ברענגען טרייסט, אים האָט ער געוואָלט דערמוטיקן און וועקן אין אים נייע האָפנונג.

ער פלעגט נישט דערלאָזן, אַז די פּראָזאַישעווירקלעכקייט זאָל אים גייסטיק דערדריקן; דער גרויקייט פון טאָג־טעגלעכן לעבן פלעגט ער אַנטקעגנשטעלן די יום־טובדיקייט פון צוקונפט־וויזיעס. אַנאַרכאָ־סינדיקאַליזם איז געווען די פאָן, וואָס ער האָט אַרויסגעהאַנגען אי־בער דער געביידע פון זיין באַציאונג צו דער וועלט און צו דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

און ער האָט אָט די פאָן נים אַראָפּגעצויגן ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג.

.1953

# משה ראָזענבערגס נישט אויסגעזונגענע ליד

יעדעם מענטשלעך לעבן איז, אין זיין גייסטיקן אַספּעקט, אַ ליד. עס זיינען אין אים דורכגעוועבט די פאַרשידנסטע מאָטיוון, פּונקט אַזוי ווי פאַרשידן עס זיינען ביי פאַרשידענע מענטשן און אין פאַרשידענע צייטן, צייטן פון זייער לעבן זייערע עמאָציעס, פאַרלאַנגען, האָפנונגען און אַנטוישונגען, די זאָרג אין דעם פּראָצעס פון שאַפן און די פרייד פון דערגרייכונג.

וואָס פיינער, סענסיטיווער און סובטילער ס'איז דער כאַראַקטער פון דעם אָדער יענעם מענטשן; וואָס רייכער ס'איז זיין גייסט, וואָס פאַרשידענפאַרביקער ס'איז זיין פּערזענלעכקייט; וואָס מער קוואַליקשאַפנדיק ס'איז זיין וועזנטלעכער „איך" — אַלץ שענער איז זיין לעבנסליד.

דעריבער: וואָס לענגער ס'איז דאָס לעבן פון אַ מיט שאַפונגדראַנג איבערלאָדענער פּערזענלעכקייט, אַלץ רייכער איז איר לעבנסליד אין מאָטיוון, אויסגעדריקט דורך טאַטן, וואָס פלעכטן זיך אַריין אין דעם קאָלעקטיוון ליד, וואָס ס'איז דאָס לעבן פון זיין סביבה, און אַ מאָל אויך פון זיין דור בכלל.

ווען דאָס איז דער פאַל, דאַן קריגט דער „הבל על דאבדין ולא משתכחין" אַ ברייטערן און טיפערן זין, אַנטשפּרעכנדיק דער רייכקייט און פאַרשידנאַרטיקייט פון די מאָטיוון פון דעם ביז צום סוף אויסגעזונגענעם לעבנסליד.

נאָך ווייטיקלעכער איז אָבער דער פאַל, ווען דאָס ליד פון אַזאַ, אַ

מיט שאפונג-דראנג איבערגעלאדענער פערזענלעכקייט, איז נישט גע־קומען צו זיין נאטירלעכן אויסקלאנג, ווען אזא מין מענטש האט נישט יאר נישט דערגרייכט דוד המלכם לעבנס-גרענעץ,—נאר האט קוים באוויזן אריבערצוגיין די העלפט פון דעם דורך טראדיציע געהייליקטער נארמאלער לעבנס-עלטער.

משה ראזענבערגן האט דער טויט פארכאפט, ווען ער איז ערשט געווען אין דעם קלאסישן „ניל מעצצא דעל קאמין די נאסטרא וויטא". ער איז געשטארבן, ווען ער האט בלויז געהאט באוויזן אנצוהויבן, אין גייסטיקן זין, דאס הייסט אין דעם זין, וואס איז געזעלשאפטלעך אינטערעסאנט, זיין לעבנס-ליד. דאס איז געווען א פרעכטיקער מאטיוו. דאס ליד איז אבער דורך דער גרויזאמער האנט פון מלאך מומת איבערגעריסן געווארן און איז צו זיין לאגישן, נאטירלעכן אויסקלאנג נישט געקומען...

אויב אין דער נאטור קען דער פאנטעאיסט, לויט אייז בלעטעלע פון א בוים, צום ביישפיל, אורטיילן וועגן דער גרויסקייט און אלמעכטיקייט פון גאט, קענען מיר, אין דער געהעריקער פראפארץ, פארשטייט זיך, לויט איין געוויסן מאטיוו אין א שאפנדיקן מענטשנס לעבנס-ליד, אורטיילן וועגן דער פאטענציעלער שיינקייט פון דעם גאנצן ליד.

ווען מיר נעמען אן משה ראזענבערגס צוויי גרונט-איפטוען אין זיין אזוי יונג פארשניטענעם לעבן, ווי דעם ערשטן מאטיוו פון זיין לעבנס-ליד, פילן מיר א טיפן ווייטיק ביים באוווסטזיין ווי הערליך אט דאס ליד וואלט זיך געהאט געקענט אנטוויקלען; וואס פאר א פרעכטיקע מאטיוון ס'וואלטן געהאט געקענט זיך אין אים אריינפלעכטן, ווען נישט דער בייזער מלאך המות. די צוויי גרונט-אויפטוען זיינען: דאס גרינדן אין דורכטראגן דורך אלע חבלי לידה, ווי אויך דורך אלערליי שפעטערדיקע קריזיסן, די ערשטע יידישע צייטונג אין מעקסיקע, דערברענגנדיק איר צו א רואיקן ברעג; און נאכדעם די איניציאטיווע און רעאליזירונג פון ארויסגעבן גרעצס מאנומענטאלע אידישע געשיכטע אין אן איבערזעצונג אויף שפאניש.

ווען מיר דערמאנען, צו זיין צענטן יארצייט, מיט ערפורכט, משה ראזענבערגס נאמען. זאגן מיר „חבל על דאבדין" נישט בלויז וועגן דעם מענטשן, וועמענס צוויי גרויסע אויפטוען זיינען אונדז אלעמען באקאנט; מיר באדויערן גלייכצייטיק משה ראזענבערגס נישט אויסגעזונגען ליד. מיר זיינען היינט נישט וויניקער באהערשט דורך א גע־

פיל פון טרויער צוליב דעם באַוווסטזיין, אַז פון געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט, איז דער פאַרלוסט גרויס אייך אין דעם זין פון זיינע פּאָטענציעלע אויפטוען, וואָס צוליב זיין אַזוי פרייציייטיק טויט האָט אונדזער ישוב שוין פון זיי נישט געקענט געניסן.

און דערוואַרטן פון אים, אורטיילנדיק לויט זיינע צוויי גרויסע אויפטוען, מיט וועלכע ער האָט דעם ישוב באַרייכערט נאָך זייענדיק אַזוי יונג, האָבן מיר געקענט גאָר אַ סך. משה ראָזענבערגס שוואונגפולע וויזיע און הויך פליענדיקע פאַנטאַזיע פון אַן אונטערנעמונגסגייסט, וואָס שטערונגען, אַנשטאָט אים צו אַנטמוטיקן, גיבן זיי אים גאָר פליגלען, זיינען געווען אַ דיציזידירנדיקער פאַקטאָר, אין דעם זין פון אַריינפלעכטן אַלץ נייע און אַלץ שענערע מאָטיוון אין זיין לעבנסליד, ווען עס וואָלט אים געהאַט באַשערט געווען לענגער געזונגען צו ווערן...

.1952

# יעקב גלאַנץ־יוביליי

פערזאָן און פערזענלעכקייט איז ניט דאָס זעלבע. ווען ס'האַנדלט זיך וועגן כאַראַקטעריזירן אַ ישוב. פון ריין סטאַטיסטישן שטאַנדפונקט שטעלן אַ ישוב צונויף אַזוי פיל און אַזוי פיל פערזאָנען. דאָס איז אָבער נאָך וויט ניט קיין כאַראַקטעריסטיק פון דעם געגעבענעם ישוב. זיינע גרונט־שטריכן ווערן באַשטימט דורך דעם, וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר, אין שעפערישן זין, אויף דעם אָדער יענעם געביט; דורכ דעם, מיט וואָס ער קען זיך פרעזענטירן פאַר דער ברייטער יידישער וועלט, ווי אַן איינצל־אינסטרומענט פון דעם גרויסן יידישן וועלט־אָרקעסטער.

אין אָט דער הינזיכט ווערט אַ ישוב כאַראַקטעריזירט דורך זיינע קאָלעקטיווע איינריכטונגען, דורך זיינע אינסטיטוציעס אויף פאַרשידענע געביטן, און ניט ווייניקער דורך די פערזענלעכקייטן, וואָס, אין אַ קלענערער אָדער גרעסערער מאָס, גיבן זיי זייער ישובס לעבן חשיבות, און זיינען רעפּרעזענטאַטיוו, וואָס שייך זיין אויסלעבן זיך לגבי דער יידישער וועלט בכלל.

זי, די גרויסע יידישע וועלט, שאַצט אָפּ די וויכטיקייט פון אַ יידישן ישוב ניט לויט זיין צאָל פון גרויסע יידישע געשעפטן אָדער אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, אָדער גאָר לויט די פּאַלאַצן פון יידן־גבירים און דער צאָל פון דער דינערשאַפט, וואָס איז אין אַזעלכע פּאַלאַצן באַשעפטיקט. ניט דאָס איז דער מאַסשטאַב, לויט וועלכן די חשיבות פון אַ יידישן ישוב ווערט געאורטיילט.

אַ יידישער ישוב קען קריגן „סטאַזש" אין דער עפנטלעכער מיינונג פון דער גרויסער יידישער וועלט אויסשליסלעך אויפן גרונט פון זיין ביישטײַער צום יידישן לעבן אויף דער וועלט.

# סאלאמאן קאהאן

אַט דער בייטראַג קען געמאַכט ווערן אויפן געביט פון נאַציאָ־נאַלן אויפבוי, פון מאַטעריעלן וווילזיין אַדער פון גייסטיקן לעבן, פון קולטורעלן פראָגרעס.

די גרונט־זיילן פון אַט אַזאַ בייטראַג זיינען די פערזענלעכקייטן, וואָס לעבן, שאַפן און ווירקן אין דעם באַטרעפנדיקן ישוב.

איז דעריבער נאַטירלעך, אַז ווען עס מאַכט זיך אַ פּאַסיקע גע־לעגנהייט, זאָל דער ישוב אויסדריקן זיינע פערזענלעכקייטן אנערקע־נונג. באַערנדיק זיי, גיט ער זיך אַליין אַפּ כבוד, און אויסערדעם סטי־מולירט ער, דורך זיין קאָנקרעט אויסגעדריקטער אנערקענונג, זיינע פערזענלעכקייטן, און דערמוטיקט זיי צו ווייטערדיקער פרוכטבאַרער טעטיקייט, וואָס וועט פאַר אים דעם ישוב, זיין פון מאַטעריעלן נוצן, אַדער וועט אים באַרייכערן גייסטיק, פאַרשאַפנדיק אים פּרעס־טיזש אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב אין דער יידישער וועלט.

— 2 —

איז דאָס אַלץ געזאָגט געוואָרן אַקעגן דעם, וואָס ס'איז געוואָרן אַ בן־חמישים דער היגער תושב יעקב גלאַנץ, דיכטער, עסייאיסט און פּובליציסט.

און ס'איז אויך געוואָרן פינף און צוואַנציק יאָר זינט ער האָט דאָהי אָנגעהויבן זיין ליטעראַריש־קינסטלערישע און ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן.

אַ דאָפּלטער יובליי.

י. גלאַנץ איז איינע פון די רעפּרעזענטאַטיווסטע פּרעזענלעכקייטן פון דעם היגן ישוב, ווייל ווען אין דער גרויסער יידישער וועלט ווערט דערמאָנט דאָס קולטור־לעבן פון דער יידישער מעקסיקע, אין זיין קאַפּיטל „ליטעראַרישע שאַפונג" — ווערט אויף איינעם פון די גאָר ערשטע פּלעצער דערמאָנט דער נאָמען יעקב גלאַנץ. אין משך פון אַ סך יאָרן האָבן די וואָגיקסטע יידישע זשורנאַלן און אַנדערע אויס־גאַבן — זאָלן דינען ווי אַ ביישפּיל אַפּאַטאָשוס און לייוויקס „זאַמל־ביכער" די „צוקונפט" און „די גאָלדענע קייט" (אין ישראל) — געלאָזט פיגורירן אויף זייערע שפּאַלטן יעקב גלאַנצס שאַפונגען, ווי אַ בייטראַג צו דעם אוצר פון יידישער פּאָעזיע.

דער דיכטער און עסייאיסט יעקב גלאַנץ איז אַן אנערקענטער נאָמען אין ניו־יאָרק און תל־אָביב, אין בוענאָס־איירעס און יאָהאַנעס־בורג. ער איז איינער פון די גאָר, גאָר ווייניקע פערזענלעכקייטן פון

# מעקסיקאנישע רעפלעקסן

דעם יידישן מעקסיקע, וואָס זיינען אין דער יידישער קולטור־וועלט באַקאַנט אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, געבנדיק אונדזער ישוב פּרעסטיזש.

דאָס יידישע מעקסיקע וואָלט שולדיק געווען דער קינסטלעריש־ער און קולטור־פּערזענלעכקייט, וואָס ס'איז יעקב גלאַנץ, אָנערקע־נונג, אפילו ווען ער, גלאַנץ, וואָלט אין משך פון זיין ביז איצטיקער קאַריערע געווען געהאַט אויף זיין חשבון ניט מער ווי די פּאָעמעס, „קריסטאָבאַל קאָלאָן" און „אַ כזית ערד", וואָס יעדע איינע פון זיי האָט אים געזיכערט אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין די אַנאַלן פון דער יידישער פּאָעזיע.

אָבער דאָס יידישע מעקסיקע קען אויך גוט יעקב גלאַנצן, ווי אַ פּובליציסט, וואָס קען גרינטלעך דאָס היגע יידישע לעבן, האָט איי־גענע מיינונגען און דריקט זיי, זשורנאַליסטיש, אוים אויף אַ צוטריט־לעכן, שפּילעוודיקן אופן.

1953.

# יצחק בערלינערס „אינדיאַנישע מאָטיוון"

זיך גייסטיק פאַרוואָרצלען אין אַ נייעם לאַנד און אין אַ נייער סביבה מוז בשום אופן פאַר אַ יידישן דיכטער נישט באַדייטן דאָס זעלבע, ווי זיך גייסטיק-יידיש אויסוואָרצלען, פאַרלירן זיין יידישן „איך".

אומגעקערט, אַזאַ מין אַריינזאַפּן אין זיך די נייע, ניט יידישע סביבה, און האַבנדיק זי פאַרוואַנדלט אין אַ באַשטאַנד-טייל פון דער פּאָעטישער אינטואיציע, איר אויסדריקן דיכטעריש-קינסטלעריש, איז אַ פאַרדינסטפולע לייסטונג, ווי אַ בייטראָג צו דער באַרייכערונג פון דער יידישער ליטעראַטור. עס איז אויך אַן אָנווייז אויף אַזאַ דיכ־טערס קולטורעלקייט, ווייל, גרונזעצלעך, איז דאָך דער „קרעדאָ" פון יעדן קולטור-מענטשן: „איך בין מענטש, קיין שום זאַך וואָס ס'איז מענטשלעך, איז מיר פרעמד".

זעען מיר טאַקע, ווי אין יצחק בערלינערס דיכטונג גייען האַנט ביי האַנט טיפע יידיש-נאַציאָנאַלע עמאָציעס (אין זיין צווייט-בעסטן בוך „שטיל זאָל זיין"), מיט טיף גרייפנדיקער אַלמענטשלעכקייט (ווי די, וואָס איז פאַרקערפּערט אין זיין וווּנדערלעכער „שטאָט פון פּאַלאַצן").

יידישע ליטעראַטור בכלל און יידישע דיכטונג בפרט מוז נישט און טאָר נישט זיין זעלבסט-באַגרענעצט וואָס שייך טעמאַטיק. זי דאַרף אויסדריקן דעם יידן אין דער גרויסער וועלט, אָבער אויך די גרויסע וועלט, געזען דורך דעם יידישן גייסטיקן אויג; דעם מענטשן בכלל, דורכגעגאַנגען דורך דער פּריזמע פון יידישן „עטהאָס".

דערפאַר טאַקע, אין דער זעלבער צייט, וואָס מיר ווערן גערירט

# מעקסיקאַנישע רעפּלעקסן

ביז צו די טיפסטע טיפענישן פון אונדזער נשמה דורך אַזעלכע גע־דיכטן, אין וועלכע ס'ווערט אויסגעדריקט דער יידישער נאַציאָנאַלער צער, ווי, צום ביישפיל, „צו די קברים אָן מצבות" (אין „שטיל זאָל זיין"), ווערן מיר אויך אויפגעטרייסלט דורך דעם מענטשלעכן עלנד, דורך דער אַפּגרונט־טיפער מיזעריע, מיט וועלכער ס'איז אָנגעזאַפּט זיין „טעפּיטאָ" (אין „שטאָט פון פּאַלאַצן").

אָט די פעאיקייט זיך אַריינצולעבן אין דער מעקסיקאַנישער סביבה, זי אויפצונעמען אין זיך און דורכוויטיקן דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן וויטיק אויפן הינטערגרונט פון מעקסיקאַנישן פּייזאַזש און פאַרקערפּערט אין מעקסיקאַנישע פּערסאָנאַזשן, — ווייזט בער־לינער ווידער אַמאָל אַרויס אין די „אינדיאַנער־מאָטיוון".

די „מאָטיוון" באַשטייען פון צוויי געדיכטן: „דריי אינדיאַנער" און „די לעצטע אָדע". אין ערשטן ווערן געשילדערט דריי אינדיאַנער, וואָס קניען ערגעץ ווו אויף אַ באַרג, ביי דער טיר פון אַ קירך, פאַר אַ הילצערנעם קרייץ, וואָס אין דעם קלויסטער

„דריי שטומע אינדיאַנער מיט ברוסטן אָנטבלויזטע,
די שטילקייט זי שטעכט, ווי מיט שאַרפע באַגנעטן".

דאָס זיינען די זעלבע אינדיאַנער, וואָס איר טרעפט אַזוי אָפט אויף דע „פּרעסקאָס" פון דיעגאָ ריווערא. איינגעוויקלט אין זייערע „סאַראַפּעס", בילדן זיי אויף ריוועראָס מאַלערייען מענטשלעכע דריי־עקן, פון וועלכע עס שפּרייט זיך אוים אַ שווייגן, וואָס נעמט אייך דורך ביז דאָס טיפסטע פון אייער וועזן. דאָס איז אַ שווייגן, וואָס ווען עס זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין רעדן, וואָלט עס אַ וועלט אויפגעשטורעמט מיט דעם אינדיאַנערס הונדערטער יאָרן אַלטע, נישט אַרויסגעבראַכ־טע וויי־געשרייען. דאָס איז קאָנדענסירטער מענטשלעכער צער, וואָס יאָגט אָן אָן אימה.

„וואָס קענען זיי וועלן, וואָס ווילן זיי בעטן
ביים איינזאַמען גאָט אינעם איינזאַמען קלויסטער?"

אין דער דיכטער מאָלט אוים מיט אַ פּענדזל, וואָס זיינע פאַרבן זיינען דיסקרעטע, די דריי פיגורן. מיר קוקן זיך צו זיי צו און מיר זעען, אַז אויסער זייער געמיינזאַמער טראַגיק, וואָס ס'איז די סאָציאַ־לע מיזעריע פון דעם אינדיאַנער אין דעם אַצטעקן־לאַנד אין אַלגע־מיין, טראָגט זיך, יעדער איינער פון זיי אַרום מיט זיין פּערזענלעכער

# פּאַלאָמאַן קאַהאַן

פּראַגעדיע. ס'איז יעדן באַשערט אויסצוטרינקען גאַל פון אַן אייגענעם בעכער:

„באַטש נעם אַריין טיף אין האַרץ און פּאַרקאָווע
דעם ווייטיק, וואָס גריזשעט, דעם גורל דעם האַרטן".

און דאָס אַלץ — מיט דעם הינטערגרונט פון דער מעקסיקאַנער נאַטור. די ראַם פאַר אָט די פּאַרשטיקטע, קיינמאָל נישט אויסגעשריענע ליידן פון די דריי אינדיאַנער, איז דער מעקסיקאַנער פּייזאַזש, וואָס בערלינער קען אַזוי גוט און וואָס ער מאָלט מיט אַזאַ זיכערער האַנט:

„דורך אויסבויגן וויקלען זיך טייכן, ווי שלאַנגען,
אַריבער די בערגלעך, די טאָלן, גראַניטן.
אין מיטן דעם פּלאָנטער, אויף באַרג דעם צעגליטן,
דאָס טאָגליכט צעגיסט זיך אין בענקשאַפט־געזאַנגען".

„די לעצטע אָדע" איז וועגן דעם מעקסיקאַנישן אינדיאַנער מיט זיין, זינט דורות און דורות אין אים אַנטוויקלטער אינזיכיקייט, וואָס קומט אין אַ פאַטאַלער באַרירונג מיט דעם אויפשטייג און דעם רויש פון דער מאָדערנער אינדוסטריאַליזירונג פונם לאַנד און מיט דעם רעש און געפילדער פון דעם אורבאַניזם, וואָס גייט צוזאַמען מיט אָט דער דעריישיינונג.

„דער אָוונט ברענט,
דער טאָג אין צאַנק.
אינדיאַנער הענט
ברוינע, דאַרע,
צופּן אוים פון דער גיטאַרע
אַ בענקעדיק געזאַנג.
פּירודשה־ליד פון זיידעס".

ס'פאַלט צו די נאַכט:

„דער אָוונט איז שוין אויבעט גרייט צו שטאַרבן —
דער לעצטער אָטעם־פלאַם איז אָפּגעשוואַכט".

מיט אָט דעם הינטערגרונט ברענגט דער דיכטער מייסטערהאַפט אַרויס דעם אָפּגרונט־טיפן־קאָנפליקט צווישן די צוויי לעבנס־קאָנצעפּציעס: דעם אין אַרכאַישקייט פאַרזונקענעם אינדיאַנערס, און דעם פון דעם סופּער־מאָדערנעם שטאָט־מענטשן. פאַר דעם ערשטן מיינט

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

נאַכט אַ פאַרזינקען אין אַ טויטער, ערב-בראשיתדיקער שטילקייט, פאַר דעם צווייטן איז נאַכט גאָר אָפט אידענטיש מיט געפילדער, אין וועלכן ער פאַרגעסט זיך אינגאַנצן, אויסטאַנצנדיק און פאַרטאַנצנדיק זיינע זאָרגן

„פון דער גרויסער מויער\
ראַדיאָ הילכט מיט טאַנגאָ, רומבאַ, מאַמבאָ, און מיט סווינג.\
מיט נייער מאָדע — — — ".

ס'איז נישט שווער פאַראויסצוזאָגן ווער עס וועט אין אָט דעם פאַל אַרויס דער זיגער. דער דיכטער באַשטעטיקט אונדזער פאַרגעפיל מיט דעם פאָלגנדיקן, מיט טראַגיק אָנגעהויכטן אויסקלאַנג-אַקאָרד:

„אין חושך-טיולן איינגעטוליעט און פאַרהילט,\
דער אינדיאַנער שפּילט,\
דער אינדיאַנער זינגט\
זיין לעצטע אָדע — — — ".

און מיט פערזן, וואָס אָטעמען מיט פאַטאַליזם, מיט רעזיגנירט-קייט קעגנאיבער אַ טראַגישן שיקזאַל, לאָזט דער דיכטער אַראָפּ דעם פאָרהאַנג איבער דער פּאַנאָראַמע פון אָט דעם נישט-גלייכן געראַנגל, אין וועלכן דער אינדיאַנער האָט פון פאָרויס פאַרשפּילט:

„דורך שפּיל-געפילדער פון דער ראַדיאָ\
אינעם רוישנדיקן טאָן-געפּלאַטער,\
אונטער בליצנדיקע שטערן,\
ווערן\
דער אינדיאַנער, די גיטאַרע און דער הונט קודלאַטער\
אָפּגעווישט".

ס'איז קיין ספק נישט: סיי וואָס שייך דער טיפער פאַרשטענדע-ניש און דעם פולסירנדיקן געפיל פון מענטשלעכקייט אין דעם אַרויס-ברענגען דעם אינדיאַנערס סאָציאַלן צער, ווי אויך אַלגעמיין-מענטש-לעכע טראַגיק אין דעם אינדיאַנישן אינדיווידואום, און סיי וואָס אָנ-באַלאַנגט דער מייסטערשאַפט אין דעם מאָלן מעקסיקאַנישן פּייזאַזש, — זיינען יצחק בערלינערס „אינדיאַנישע מאָטיוון" אַ ווירדיק שוועס-טער-ווערק פון זיינע „מעקסיקאַנישע מאָטיוון" און אַ דירעקטער המשך פון זיין „שטאָט פון פּאַלאַצן".

.1953

# מעקסיקאַנער יידישע בעלעטריסטיק

מיר זיינען דאָ נישט בלויז „יידן אין מעקסיקע", ווי געוויסע געזעלשאַפטלעכע אידעאָלאָגן ווילן עס האָבן, נאָר „מעקסיקאַנער יידן", פונקט ווי יידן אין די פאַרייניקטע-שטאַטן זיינען אַמעריקאַנער יידן, און יידן אין ארגענטינע זיינען אַרגענטינער אידן.

די באַדייטונג פון אַט דעם פאַקט ליגט אין דעם, וואָס אין פאַר־שידענע אַספעקטן פון דעם יידישן לעבן אין דעם אַנטשפרעכנדיקן לאַנד, לייגט די אויסערלעכע סביבה פונם לאַנד אַרויף אויף אים אַ געוויסן שטעמפל, וואָס מיר וואָלטן געקענט אויסדריקן אין צוויי ווער־טער: לאָקאַלער קאָלאָריט. דער איינפלוס גייט, אָנהייבנדיק פון גע־וויסע ניואַנסן פון קאָלעקטיוון צוזאַמענלעבן, און ענדיקנדיק מיט דער אינפילטראַציע פון ווערטער און ווערטער-קאָמבינאַציעס פון דער לאַנד-שפראַך אין יידיש, די עלאַסטישסטע און צופאַסונג-פעאיקסטע פון אַלע שפּראַכן אויף דער וועלט.

איז דעריבער דאָס אייגנטימלעכע און כאַראַקטעריסטישע פון דער יידישער ליטעראַטור אין יעדן יידישן ישוב, דער אין ברייטן זין פאַרשטאַנענער לאָקאַלער קאָלאָריט, מיט וועלכן זי מאַכט איר ביי־טראַג צו דער אַלגעמיינער יידישער ליטעראַטור. אין אַט דער הינ־זיכט איז די ליטעראַרישע שאַפונג פון יעדן באַזונדערן יידישן ישוב (אָפּגעזען פון שאַפונגען אויף אַן אַלוועלטלעכן אָדער אויף אַן אַלגע־מיין יידישן מאַסשטאַב), אין באַצוג צו דער יידישער ליטעראַטור אין אַלגעמיין, דאָס וואָס אַן איינצל-אינסטרומענט איז אין באַצוג צו אַ גאַנצן סימפאָנישן אָרקעסטער, פון וועלכן ער איז אַ טייל.

פרעגט זיך: איז שוין אין דעם איצטיקן מאָמענט אויסגעוואַקסן

# מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

אַ מעקסיקאַנער יידישע ליטעראַטור, ווי אַ סכום פון רייפע קינסטלע־רישע שאַפונגען, אין וועלכע דאָס ספּעציפיש־יידיש־מעקסיקאַנישעס קומט צום אויסדרוק, און וואָס זיינען מער ווי בלויז קולטור־היסטאָרי־שע דאָקומענטן, ציגל פאַר דער געביידע, וואָס דער צוקונפטיקער היסטאָריקער פון אונדזער ישוב וועט אויפשטעלן דורך זיינע פאָר־שונגען? איז אויף אָט דער פראַגע אין איר גאַנצן פאַרנעם וועל איך דאָ נישט ענטפערן. איך וועל דעם ענין פּאָעזיע איצט לאָזן אין אַ זייט, און וועל בלויז אַ בלעטער טאָן אין די יידישע בעלעטריסטישע ווערק, וואָס זיינען אין מעקסיקע דערשינען ביז היינט צו טאָג.

זאָגן, אַז דאָ זיינען שוין דערשינען ווערק פון דערציילערישער פּראָזע, וואָס מעגן האָבן פּרעטענזיעס אנערקענט צו ווערן ווי מוס־טער־פּראָזע, אָדער אויף קלאַסישקייט לויט זייער אינהאַלט אָדער פאָרם, וואָלט געווען אַ שטאַרקע איבערטרייבונג. קיין געניאַלע בע־לעטריסטן האָט נאָך דאָס יידישע מעקסיקע ביז איצט נישט אַרויס־געגעבן.

טאַלאַנטן, דאַקעגן, בעלעטריסטן מיט אַ פעאיקייט צו דערציילן און מיט אַ געוויסער באַהערשונג פון דעם זשאַנר פון דערציילערישער פּראָזע, זיינען דאָ יאָ בנמצא.

דריי קומען אין באַטראַכט: יוסף וויניעצקי, משה רובינשטיין און מאיר קאַראַנאַ. יעדער פון זיי האָט זיך זיין אייגענע, אויסגע־שפּראָכענע פּערזענלעכקייט און זיינע אייגענע פאַרדינסטן אויפן גע־ביט פון דער היגער יידישער דערציילערישער פּראָזע.

וויניעצקיס שילדערונג פון דעם „בראשית" פון אונדזער ישוב אין זיין בוך (וואָס איז נישט גאַנץ ריכטיק טיטולירט „ראָמאַן") „באַ־גינען", אַנטהאַלט געוויסע מאָמענטן פון קינסטלערישער שפּאַנונג. זי איז אָבער מער פון אַלץ וויכטיק ווי אַן ערשט־קלאַסיקער צושטייער פון מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטלעכער פאָרשונג פון דער פונדאַ־מענטן־לייגונג פון אונדזער קיבוץ.

משה רובינשטיינס בוך „אויף מעקסיקאַנער טעמעס" געהערט מערסטנס צו דעם זשאַנר פון קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש, אין וועלכן דער מחבר ווייזט אַרויס אמתע מייסטערשאַפט, און קען בלויז אין אַ קלענערער מאָס באַצייכנט ווערן ווי פולבלוטיקע בעלעטריסטיק.

דער רעפּאָרטאַזש־עלעמענט, אמת, מיט גרויסער פעאיקייט גע־פירט, איז אייגנטלעך דער רוקן־ביין אויך פון משה רובינשטיינס ביז איצט פאַרעפנטלעכע צוויי „ראָמאַנען". דער וועזנטלעכסטער אונ־

טערשייד צווישן קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש און גוטער בעלעטריס־טיק איז דאָס, וואָס דער ערשטער איז אייגנטלעך נאַטוראַליסטישע פאָטאָגראַפיע, פיין־ליטעראַריש אויסגעדריקט, דאַן ווען די צווייטע איז ראשית־כל דער פּראָדוקט פון זאָרגפעלטיקן אָפּקלייב פון דעם מאַטעריאַל. אין קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש געוועלטיקט דער עפּיזאָ־דישער עלעמענט; אין גוטער בעלעטריסטיק — דאָס וועזנטלעכע פון מענטשן און דערשיינונגען. רובינשטיינס „ראָמאַנען" פּרעטענדירן ניט אויף טיפער פּסיכאָלאָגישער אַריינדרינגונג: זיי זיינען נאָך ניט אַרויס פון די גרענעצן פון קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש.

אויף דעם געביט פון מעקסיקאַנער יידישער בעלעטריסטיק שטייט מיט ביידע פיס דער דריטער פון די היגע שרייבער פון דער־ציילערישער פּראָזע, מאיר קאָראָנאַ. ער איז, וואָס שייך דעם „לאָקאַלן קאָלאָריט", דאָס הייסט דעם מעקסיקאַניש־יידישן מאָמענט אין דער דערציילערישער פּראָזע, דערוויל דער איינציקער בעלעטריסט, וואָס דאַרף ווי אַ קינסטלער־דערציילער, גענומען ווערן ערנסט, סיי וואָס שייך דער טעמאַטיק, און סיי וואָס שייך איר דורכפירונג די פּערסאָנאַזשן פון זיינע דריי ביז איצט דערשינענע ביכער: „היימישע מענטשן", „צייטן" און „מיטן שטראָם", זייענדיק לעבעדיקע מענטשן, פון בלוט און פלייש, אָטעמען מיט דעם לאָקאַלן יידישן, ווי אויך נישט־יידישן גייסטיקן פּייזאַזש. אין זיינע ווערק ווערט דער „לאָקאַלער קאָלאָריט" רעאַליזירט אין אַ פולער מאָס.

.1952

# משה רובינשטיינס „אַ לעבן אין מעקסיקע"

קינאָ-גייער זיינען באַקאַנט מיט דעם זשאַנר, וואָס האָט זיך אין די לעצטע יאָרן צעבליט אויף דעם קינעמאַטאָגראַפישן געביט: „דאָקומענטאַלע פילמען". ס'איז אין זיי דאָ אַקציע, און זי קומט פאָר מיט דעם הינטערגרונט פון אַ געוויסן פייזאַזש. ס'איז לייכט זיי נאָכצופאָלגן און זיי זיינען גלייכצייטיק באַלערנד און אַן אָנגענעמער צייטפאַרטרייב. נישט זיי שטעלן אַוועק דעם צושויער פאַר פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען, נישט עס ווערן אין זיי אַרויסגעזאָגט הימל-שפּאַלטנדיקע געדאַנקען. אין דעם באַשטייט טאַקע זייער אָנציעוודיקייט. קורץ, צוטריטלעך, באַלערנדיק און אָנגענעם, האָבן זיי זיך געשאַפן אַ זיכערן פּלאַץ אין דעם פּובליקומס געשמאַק.

אַזאַ מין „דאָקומענטאַלן פילם" שטעלט מיט זיך פאָר משה רובינשטיינס „אַ לעבן אין מעקסיקע".

דער מחבר האָט גוט געטאָן, וואָס ער האָט אויפן שער-בלאַט פונם בוך נישט אַרויסגעשטעלט דאָס וואָרט „ראָמאַן", ווייל אַזוי אַרום איז דער קריטישער לייענער פריי פון נאָכצוזוכן צי דאָס בוך, וואָס רייַ איוסערלעך שיינט עס צו זיין אַ ראָמאַן, אַנטשפּרעכט טאַקע אַלע באַדינגונגען, וואָס מוזן פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט געשטעלט ווערן צו אַ שרייבער, וואָס פּרעטענדירט צו האָבן אָנגעשריבן אַ ראָמאַן, און וואָס צווישן זיי געפינען זיך אַזעלכע פאַקטאָרן, ווי שפּראַך (ווערטער-אויסוואַל), סטיל, פּסיכאָלאָגישע אַריינדרינגונג, פולבלוטיקייט פון די פּערסאָנאַזשן, ווי לעבעדיקע אינדיווידואומס.

משה רובינשטיינס שטאַרקייט, ווען ער גייט אַוועק פון דער טאָג-טעגלעכער צייטונגס-רוטינע און גייט אַריבער, שריפטשטעלעריש, צו אַנדערע געביטן, ליגט אין קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש. דאָס

האָט ער שוין מער ווי איינמאָל באַוויזן. ס'איז געגוג דורכצובלעטערן זיין בוך „מעקסיקאַנער טעמעס", כדי זיך אין דעם אַן איבעריקן מאָל צו איבערצייגן.

דאָס וואָס אַ דאָקומענטאַלער פילם איז אויפן געביט פון דער קינעמאַטאָגראַפישער קונסט, איז אין ליטעראַרישן קעניגרייך אַ קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש. ביידע זיינען זיי זשאַנרן, וואָס זיינען פון דער פּראָזאַאישער רוטין פון אינפאָרמאַציע לשם אינפאָרמאַציע אַוועק, און זיינען מיט איין פוס שוין אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פון קונסט.

„אַ לעבן אין מעקסיקע" איז אַ געלונגענער דאָקומענטאַלער פילם, אַזוי צו זאָגן, וועגן אַ געוויסן שיכט פון אונדזער ישוב.

ס'איז גוט, וואָס דאָס בוך הייסט נישט „דאָס לעבן אין מעקסיקע", ווייל דאַן וואָלט דער נאָמען נישט אַנטשפּראָכן דעם אינהאַלט. עס וואָלט געווען טרויעריק ווען דאָס גאַנצע לעבן פון דער יידישער מעקסיקע וואָלט אויסגעזען אַזוי, ווי ס'איז באַשריבן אין אָט דעם קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש. אָבער דאָס לעבן פון דער מערהייט פון היגן ישוב שפּיגלט ער אָפּ.

איז, ווי געזאָגט, דאָס בוך אינטערעסירט אונדז דאָ איצט נישט, ווי אַ ראָמאַן, כאָטש דאָרט זיינען דאָ נישט ווייניק ראָמאַן־עלעמענטן, ווי ליבע־באַציאונגען און פאַרפּלאָנטערנישן, און מיר באַגעגענען דאָרט אויך פּרוון פון פּסיכאָלאָגישער אַריינדרינגונג אין די טיפערע סיבות פון די האַנדלונגען פון איינצלנע פּערסאָנאַזשן, ווי אויך אין זייערע זעלישע אימפּולסן.

וואָס אונדז אינטערעסירט דאָ איצט, איז נישט דער ר' ישראל פון „אַ לעבן אין מעקסיקע", נאָר דער־כלל ישראל. נישט דאָס אינדיווידועלע, נאָר דאָס אַלגעמיינע; נישט דאָס אויסנעמלעכע, נאָר דאָס טיפּישע, דער סאָציאַלער פּייזאַזש.

ווי אַ שילדערער פון קאָלעקטיווע שטריכן, איז משה רובינשטיין שטענדיק דער שאַרפער באַאָבאַכטער און טרעפלעכער אויסדריקער. אָט די טראַדיציע פון ווערטפולן קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין „מעקסיקאַנער טעמעס", קריגט איר ווירדיקן המשך אין אַ „לעבן אין מעקסיקע", אין וועלכן יעדער, וואָס איז באַקאַנט מיט אונדזער יידישן ישוב אין דער הויפּט־שטאָט און אויף דער פּראָווינץ, וועט געפינען אַ טרייע אָפּשפּיגלונג פון דער „מיליע" פון דעם דורכשניט־מענטש, וואָס געהערט צו דעם באַשריבענעם סאָציאַלן שיכט.

## מעקסיקאַנישע רעפּלעקסן

וואָס פאַר אַ שייכות איז עס און צו וועלכן צייט־אָפּשנים פון דער עפּעס מער ווי דרייסיק־יאָר אַלטער געשיכטע פון מזרח־אייראָפּעאישע יידן אין דעם אַצטעקן־לאַנד געהערט ער?

דאָס איז דער סוחר און פאַבריקאַנט, וואָס האָט שוין הינטער זיך דעם „לאַגוניאַ"־פּעריאָד, און ווען די רשעתדיקע פאַראָרדנונגען פון דעם נאַציש־אַנגעהויכטן אַרטיז רוביאַ־רעזשים האָבן געצוווּנגען זיך בעל כרחך צו באַפרייען פון דער „פּועסטאָ"־עקזיסטענץ און אַזוי אַרום אַרויפגעשטייגן, ווער איין שטאַפּל און ווער טאַקע עטלעכע, העכער אויפן עקאָנאָמישן לייטער.

די צייט, ווען עס קומט פאַר דאָס, וואָס ס'ווערט אין דעם בוך באַשריבן, איז דעריבער די פון די לעצטע עטלעכע יאָר פון די דרייסיקער און פון דעם אָנהייב פון די פערציקער: פאַר און נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

עקאָנאָמישער אויפשטייג און פאַרגאַלאָפּירונג אין לעבנס־שטייגער, מאַטעריעלעם ווווילזיין און גייסטיקע ירידה. דאָס אַלץ, וועגן וועלכן היגע פּובליציסטן האָבן זיך „די הענט אָפּגעשריבן", אַרוים־ברענגענדיק די שאָטן־זייטן פון אונדזער עקאָנאָמיש פּראָספּערנדיקן און גייסטיק אַרונטערזיקענדיקן ישוב — קומט צו אַ העכסט־געלונגענעם אויסדרוק, ווי אין אַ דאָקומענטאַלן פילם, אין „אַ לעבן אין מעקסיקע".

איר באַקאַנט זיך דאָ מיט טאַטע־מאַמעס און זייערע קינדער אין זייערע קעגנזייטיקע באַציאונגען, וואָס זיינען אַ קאָנסעקווענץ פון אַ ספּעציפישן „קאָלאָניאַ היפּאָדראָמאָ"־קוק אויפן לעבן, און איר קענט דאָן בעסער פאַרשטיין דעם „פּאַרוואָס" פון אַזוי פיל ווילד־גראָז אין דעם איצטיקן לעבן פון אונדזער ישוב.

„אַ לעבן אין מעקסיקע" איז נישט קיין קרומער שפּיגל, נאָר אַ זייער געלונגענער באַריכט, אין דער פאָרם פון אַ קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש, פון דער צייט, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן, פון איין זייט, דער היגער יידישער עקאָנאָמישער באַרג אַרויף, און ווען, פון דער אַנדערער זייט, האָט די אָפּגעשטעלטע אימיגראַציע בייגעטראָגן צו דעם, אַז ס'זאָלן זיך אָנהויבן אויסצושיילן, אפילו ווען נאָך אין עמבריאָן, געוויסע ספּעציפישע פאָרמען פון דעם לעבן און אויסלעבן זיך פון דעם מיטל־קלאַס מענטש, דעם דורכשניטלעכן „אַלרייטניק", מיט אַלץ, וואָס עס גייט מיט אָט דעם באַגריף.

.1952

# יוסף וויניעצקיס „פאַרן מבול"

וואָס גרעסער ס'ווערט די צייט־דיסטאַנץ צווישן אונדז, מזרח־אייראָפּעישע יידן, און דעם פאַרשניטענעם יידישן ישוב פון פוילן, אַלץ שטאַרקער ווערט די טענדענץ מצד יידישע שרייבער און קולטור־טוער צו פאַרפּיקסירן וואָס מער פון דעם לעבן און שטרעבן פון דעם אומגעקומענעם פּוילישן יידנטום. אָט די טענדענץ קריגט איר אויס־דרוק אין דער פאָרם פון קינסטלערישער און מעמואַרן־ליטעראַטור, ווי אויך פון די „פּנקסים", וואָס ווערן ארויסגעגעבן לזכרון פון גרע־סערע און קלענערע, איצט שוין פאַרשוווּנדענע ישובים, וואָס האָבן ערשט דאָ נישט לאַנג צוריק, „פאַרן מבול", געבליט אויף דער פּוי־לישער ערד.

ווי אַ קינסטלערישע רעאַליזירונג פון אָט דעם פאַרלאַנג מצד אַ יידישן שרייבער אין מעקסיקע, וואָס ער אַליין קומט פון דאָרט, און איז מיט טויזנטער פעדים גייסטיק צוגעבונדן צו דעם אָט דאָ ערשט נישט לאַנגיקן און דאָך שוין אַזוי וויטן יידישן עבר אין פּוילן, — דאַרף באַטראַכט ווערן יוסף וויניעצקיס „פאַרן מבול".

אין די עטלעכע און צוואַנציק בילדער און סקיצן פונם בוך, כאָטש זייער טעמאַטיק איז אַ פאַרשידנאַרטיקע, איז אָבער דאָ איינ־הייט אין אַ געוויסן זין: איינהייט פון דער אַטמאָספערע. זיי זיינען גע־לונגענע בילדער און סקיצן נישט בלויז דערפאַר, וואָס דער אָרט פון דער האַנדלונג ווערט געטריי איבערגעגעבן, נאָר נאָך מער דערפאַר, וואָס ווער ס'איז נאָר באַקאַנט מיט דעם „פאַרן מבולדיקן" פּוילן, דורך פּערזענלעכער דערפאַרונג אָדער דורך דער מאָדערנער יידישער לי־טעראַטור, וועט אין אָט דעם ביכל דערקענען די אויטענטישע פּויליש־יידישקייט פון די מענטשן, וואָס באַוועגן זיך צווישן זיינע טאָוולען.

דער לייענער וועט זיך אויך באַגעגענען מיט פאַרשידענע שטי־

מונגען, וואָס האָבן געהערשט אין פוילישן יידנטום צווישן ביידע וועלט־מלחמות, און פון וועלכע די פון בארג אַראָפּ, פון איין זייט, און פון אָפּטימיזם דורך עליה, פון דער צווייטער, זיינען געווען דער קלימאַקס.

וואָס עס גיט וויניעצקים בילדער ליטעראַרישן ווערט, איז דער געלונגענער בוי פון די סיטואַציעס און די מיט אויפריכטיקייט אָטעם־דיקע באַשרייבונג פון די כאַראַקטערן. ווי אַ ביישפּיל קען דינען די דערציילונג „טאַטע און זון", אין וועלכער דער קאָנפליקט צווישן דעם שמש פון אַ גראָדזשיסקער חסידים־שטיבל און זיין זון, אַ סטודענט פון ווארשעווער אוניווערזיטעט, איז ריכטיק אָוועקגעשטעלט גע־וואָרן, און זיין לייזונג איז ליטעראַריש־קינסטלעריש געלונגען.

פונקט אַזוי איז געלונגען די שילדערונג פון דעם „טשודאַק" זע־ליק שולמאַן, וועמענס אייגנאַרטיקער וועלט־באַנעם ס'דערלויבט אים נישט צו האַנדלען, ווי ס'וואָלטן געהאַנדלט דורכשניטלעכע נישט־אידעאַליסטישע מענטשן אויף זיין פּלאַץ און אין זיין לאַגע.

נישט וויניקער ווערטפול איז פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט יואל דער לאַטוטניק אין „אָפּגעזונגען אַ לעבן", אָדער מענדל קאָב־רינער, דער געזעלשאַפטלעך־פילאַנטראָפּיש געזינטער גביר פון דעם אַלטן, פאַרעלטערטן שתדלן־טיפּ.

אָדער גאָר רב לייזער בריל, עפּעס אַ צווישנפּונקט צווישן אַ שאַיע פּריוועס, פון דער ווארשעווער גבירישער פּריוועס־דינאַסטיע, און אַ ר' שלמה נגיד. ער לעבט אין וויניעצקים דערציילונג ווי אַ מענטש פון פלייש און בלוט.

אָבער נישט נאָר מענטשן, אויך פּלעצער קריגן אין זיינע שילדע־רונגען צוריק זייער אויטענטישע אַטמאָספערע. ווארשע אין הערבסט געלינגט וויניעצקין גאָר באַזונדערס, און ער אַנטווישט אויך נישט ווען ער נעמט אונדז מיט אויף „דזשיקע" גאַס, צי אין „קראַשינסקים" גאָרטן, צי נאָר צום „אייזערנעם טויער".

געלונגען זיינען אויך די באַשרייבונגען פון יענע פּאַליאַקן אין די אידישע קוואַרטאַלן, וואָס פלעגן קומען אין טאָג־טעגלעכער באַרי־רונג מיט אידן. „אַנטאַני", דער סטרוזש און שבת־גוי, איז פיין אויפ־געכאַפּט.

„פאַרן מבול", איז אין די ראַמען פון דער ליטעראַרישער סקיצע, אַ פיינער ביישטייער צו דער קינסטלערישער פאַרפיקסירונג פון דעם אידישן לעבן אין פוילן פון פאַר דעם חורבן.

.1950

# מרדכי קאָראַנאַ, ווי אַ רייזע־באַשרייבער

רייזע־באַשרייבונגען זיינען, פון ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט, אַ זייער שוועריע אונטערנעמונג, ווייל דאָ איז זייער לייכט אַריינצופאַלן אין שאַבלאָן און באַנאַליטעט. ס'איז דאָך פּאַקטיש נישטאָ אין דער וועלט קיין איין ווינקעלע, וואָס איז שוין נישט באַשריבן געוואָרן אומצייליקע מאָל, פּונקט אַזוי ווי אַלע מעגלעכע אופנים פון רייזן זיינען שוין אומצייליקע מאָל באַשריבן געוואָרן. אפילו נסיעות קיין מדינת ישראל זיינען שוין אין משך פון איר ביז איצטיקער קורצער עקזיסטענץ גאַנץ צאָלרייך באַשריבן געוואָרן נישט נאָר אין צייטונגס קאָרעספּאָנדענצן אָדער אין אַרטיקלען־סעריעס אין זשורנאַלן, נאָר טאַקע אויך אין בוך־פאָרם.

ווען מ'הויבט אָן צו לייענען אין מרדכי קאָראַנאַס בוך זיינע ערשטע בריוו פון וועג, ווערט מען אָנגענעם איבערראַשט. זיי שמידן גלייך צו זיך צו דעם לייענערס אויפמערקזאַמקייט מיט דער אַנדערשקייט. זיי זיינען אויך אַזוי פיל אָריגינעל אין דעם צוגאַנג צו מענטשן און זייער סביבה, אַז ווען דער מחבר וואָלט צוליב וועלכער ס'איז סיבה נישט געהאַט באַוויזן אָנצוקומען קיין ישראל, וואָלטן בלויז די איינדרוקן פון זיין נסיעה פון מעקסיקע ביזן אַרויפזעצן זיך, אין נעאַפּאָל, אויף דער שיף „קדמה”, שוין געהאַט פאַרדינט אַריינגענומען צו ווערן צווישן טאָוולען. דער קאַפּיטל־עפּיזאָד „מוסיע דוראַן”, וואָס קומט אַריין אין בוך, ווי אַ טייל פון זיינע איינדרוקן פון פראַנקרייך, איז בכלל אַ פיינע קורצע דערציילונג, וואָס איז, פון ליטעראַריש־קינסטלערישן שטאַנדפּונקט, איינער פון די שענסטע, טיף מענטשלעכע מאָמענטן אין בוך.

שוין אין אַט די רייזע-בריוו אַנטפּלעקט זיך קאַראַנאַ, ווי אַ באַאַ־באַכטער מיט אַ שאַרפן אויג און מיט אַ קרעפטיקער פעדער. זיי אָטעמען מיט פרישקייט און זיינען נישט קאָנווענציאָנעל; שוין אין אַט דעם טייל פון בוך קומט צום אויסדרוק מרדכי קאַראַנאַס פעאיקייט צו באַמערקן און איבערצוגעבן אויף אַ ליטעראַריש גע־לונגענעם אופן סיי דעם מענטשלעכן פּייזאַזש פון די פלעצער און סביבות, וואָס ער באַשרייבט. אפילו ווען ער מאַכט בלויז קורצע באַ־מערקונגען, פאַרבייגייענדיק, אַזוי צו זאָגן, זיינען זיי אויך עסענציעל און ליטעראַריש-גילטיק ווי איינדרוק-שאַפער. נישט זעלטן, ווי, צום ביישפּיל, אין דעם שוין דערמאָנטן קאַפּיטל „מוסיע דוראַן", לאָזט זיך ביי אים פילן אַ לירישער אונטער-טאָן, וואָס גיט זיינע באַשריי־בונגען צו אַ באַזונדערן רייץ.

— 2 —

פעטער אַלטענבערג, איינע פון די אינטערעסאַנטסטע פיגורן פון דעם ליטעראַרישן ווין פון דער גלעצנדיקער סטעפאַן צווייג און אַר־טור שניצלער-ליטעראַרישער עפּאָכע, האָט אָנגערופן זיינס אַ גייסט־רייכס עסייען-בוך: „ווי איך זע עס". מ. קאַראַנאַס אויפטו באַשטייט גרונטזעצלעך אין דעם, וואָס זיין ארץ ישראל איז, אין אַ געווויסן זין, אַנדערש פון דעם, וואָס מיר זיינען געוווינט צו לייענען אויף דעם געביט פון רייזע-איינדרוקן וועגן דעם יידישן היימלאַנד. זיי זיינען, דוכט זיך, אַ מאָזאַיק; נישטאָ אין זיי קיין סיסטעמאַטישקייט, און דאָך גיט זיין בוך אַ פולערן און, לויט ווי מיר דוכט זיך, אַ ריכטיקערן בילד וועגן ישראל, ווי אַנדערע, אין וועלכע עס הערשט פעדאַנטישע אָרד־נונג, פונקט אַזוי ווי די רייזע-פּראָגראַם וואָלט געוווען אַרויסגעקומען פון אַ „קוק-ליט" רייזע-ביוראָ.

דאָס איז דערפאַר, וואָס אין „פון מעקסיקע ביז אילת און צוריק" פילט זיך די פעדער פון אַ מענטשן, וואָס איז באַגאַבט מיט דער נישט צו אָפּטער פעאיקייט צו זען דאָס, וואָס דער רוטינע-באַאָבאַכטער באַמערקט גאָרנישט, און ער זוכט גאַנץ אָפט איינדרוקן, וווּ דער שאַבלאָנער באַזוכער וואָלט גאָרנישט פאַרדעכטיקט, אַז עס וואַרט דאָרט אויף אים, פון שטאַנדפונקט פון עמאָציע אָדער מאָלערישקייט פון לאָקאַלן קאָלאָריט, אַ גאָלד-גרוב.

מרדכי קאַראַנאַס פריי זיין פון דעם רוטינע-צוגאַנג איז געווען דער וויכטיקסטער פאַקטאָר פון דערפאָלג, סיי וואָס שייך דעם „אַריינ־

נעמען אין זיך זיינע רייזע־איינדרוקן, און סיי וואָס אַנבאַלאַנגט דעם שפּעטערדיקן אַרויסברענגען זיי אויפן פּאַפּיר. דאָס באַציט זיך פּונקט אַזוי אויפן נאַטור־פּייזאַזש, ווי אויף דעם מענטשלעכן פּייזאַזש.

דערפאַר זיינען אַזוי געלונגען און מאָמענטנווייז, פּרעכטיק זיינע באַשרייבונגען, פון צום ביישפּיל, דער אַמאָליקער חיפה, ווי ער האָט איר געקענט מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, און פון דער נייער חיפה, וואָס ער האָט געפונען איצט; אָדער זיינע איינדרוקן פון עמק.

ס׳זיינען דאָ אין בוך גאָר אַ סך שטעלן, וואָס צוליב זייער קינסט־לערישקייט, בעטן זיי זיך ממש ציטירט צו ווערן. צו זיי געהערן קודם כל די פיין געשניצטע פּאַראַגראַפן, וואָס זיינען געווידמעט צו די תל־אביבער גאַסן און צו די וואונטן אין תל־אביבער פּאָרט; די באַ־שרייבונג פון צפת, „פּרייטיק צו נאַכט אין טבריה", די אימפּרעסיע פון שבת נאָכמיטאָג אין צפת, „צו קבלת שבת אין מאה שערים". גאָר אַ שטאַרקער פאַרגניגן איז מיטצופאָרן מיטן מחבר אין אַ פאַר־נאַכט, אויפן וועג פון תל־אביב קיין חיפה.

צוויי קאַפּיטלען פון דעם בוך מוזן באַזונדערס אַרויסגעהויבן ווערן: דער, וואָס איז מיט פּיעטעט געווידמעט דעם נגב, ווי אויך דער, אין וועלכן ס׳ווערט מייסטערהאַפט באַשריבן דער ערשטער פעסטי־וואַל פון פאָלקס־טענץ אין ישראל („הימל ערד און דליה"). זיי אָטע־מען ביידע מיט טיפער עמאָציע, אָבער דער מחבר ווערט קיין איין מאָמענט נישט סענטימענטאַל. דאָס איז אַ גרויסע דערגרייכונג, און דעם מחברס געצוימטקייט מאַכט זיין ווירקונג אויף דעם לייענער נאָך שטאַרקער.

דאָס בוך איז רייך אין געלונגענערע אויסדרוקן, ווי צום ביישפּיל: „די באַן איז שיטערלעך באַפּאַסאַזשירט", „די אַראַבער האָבן דאָרט אויסגעגעניצט זייערע טעג און נעכט", אָדער גאָר „אַז די נאַכט האָט שוין צופרעסן אַ שטיק פון איר עולם הזה און אָנגעהויבן הצות". אָט די נעלאָגיזמען און פיינע שפּראַכלעכע איינפאַלן זיינען מכפּר אויף געוויסע גרוס־אָפּגעבונגען, וואָס, לטובת דער קינסטלערישער גאַנצקייט פון דעם בוך, וואָלטן זיי ליבערשט געמעגט בלייבן אין דעם מחברס טינטער, ווי אויך אויף געוויסע סטיליסטישע פאַרזען און פעלערהאַפטע קאָנקאָרדאַנצן.

איך וועל זיך נישט אָפּזאָגן פון דעם פאַרגעניגן צו ציטירן דעם אויסקלאַנג־פּאַראַגראַף פון דעם בוך, וואָס שילדערט דעם מחברס ווידער־אַריינפאָרן אין דעם אויסגאַנגס־פּונקט פון זיין פאַרענדיקטער

# מעקסיקאנישע רעפלעקסן

הין און צוריק-רייזע: מעקסיקעס הויפּטשטאָט. ער איז אָנגעשריבן מיט אַ מייסטער-פעדער און גיט אין בלויז פיר שורות אַ כאַראַקטערים־טיק פון דער סאָציאַלער אַטמאָספערע פונם יידישן מעקסיקע, וואָס קיין בעסערע און געלונגענערע איז שווער צוצוטראַכטן:

„אָט בין איך שוין ווידער אין דעם פּריווילעגירטן מעקסיקאַנישן גן עדן, ווו געבראָטענע קאַטשקעס וואַקסן אויף די בוימער און אַ רחבותדיקע פּוסטקייט ליגט פאַנאַנדערגעלייגט אויף לוקסוספולע באַקוועמלעכקייטן".

.1954

# דער אויפטו פון לייב באַיאַן

אין אַ צייט, ווען מיר לעבן איבער דאָ אין מעקסיקע אַ שטאַרקן באַרג אַראָפּ אין דעם קולטור-לעבן פון אונדזער ישוב; אין דער צייט, ווען אַ מוראַדיקער סנאָביזם פון דעם „אַלרייטניק" און אַלץ, וואָס גייט מיט דעם מיט, באַמיט זיך, באַוואוסטזיניק און אומבאַוואוסטזיניק, אַרונטערצורייסן די חשיבות פון אידיש אין זיינע אייגענע אויגן, און ער, דער „אַלרייטניק", טוט במילא ניט דאָס מינדעסטע, אַז זיינע קינדער זאָלן קענען אָדער וועלן קענען אונדזער מוטער-שפּראַך; אין דער צייט, וואָס מען קען נישט זעלטן הערן, ווי איין אידישע פרוי פרעגט, מיט פאַרוואונדערונג, אַ צווייטע: „וואָס, איר רעדט גאַר מיט אייערע קינדער אידיש? איך האָב אייך דאָך געהאַלטן פאַר אַזאַ אינטעליגענטער פרוי"; אין דער צייט ווען אפילו געוויסע צענטראַלע היגע אידישע אינסטיטוציעס האָבן, צוליב די אָדער יענע — יעדנפאַלס נישט קיין איבערצייגנדיקע מאָטיוון — אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער יידיש, ווי די שפּראַך פון זייער אָפיציעלן אומגאַנג מיט אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס אָן אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך מיטן יידישן אוםלאַנד; מיט איין וואָרט: אין אַ צייט, ווען אַלץ אַרום איז מסוגל צו אַנטמוטיקן, מאַכן אַפּהענגיק אָדער אפילו ברענגען צו פאַרצווייפלונג אַ יידישן, יידיש רעדנדיקן, יידיש דענקנדיקן און פאַר יידיש קעמפנדיקן יידישן אינטעליגענט, לערער און קולטור-טוער — אין אַט אַזאַ, מיט שווערע וואָלקנס, פאַר יידיש, באַהאַנגענער צייט, זיצט דאָ אין דער פאַרסנאָבעוועטער יידישער מעקסיקע, אין דער שטילקייט פון זיין אַרבעטס-צימער, אַ יידישער אינטעליגענט, ביי וועמען די יידישע שפּראַך מיט אירע קולטור-ווערטן זיינען באמת אַ „כי הם חיינו ואורך ימינו", און טרוימט אויף אַ פּראַקטישן אופן וועגן פאַרבעסערן

די מערכה פון יידיש דאָ אין אונדזער ישוב, און, אויב מעגלעך, אויך אַנדערשוואו.

דער דאָזיקער אינטעליגענט איז אַ לערער פון באַרוף. איך מיין דאָ דעם אמתן, דעם אינערלעכן באַרוף, וועלכער קומט פון דעם, וואָס אַ מענטש הערט זיך צו צו דעם רוף פון זיין הארצן און פאָלגט אים נאָך. דאָס איז דער אמתער לערער. לייב באַיאַן געהערט צו די אויסדערוויילטע, וואָס לעבן זיך פולבלוטיק אויס אין זייער באַרופס-טעטיקייט, ווייל זי איז זייער האַרצנס באַרוף.

דער יידיש-קענער און אין יידיש פאַרליבטער לייב באַיאַן, וועמענס שרייבערישע פעדער איז קאָנצענטרירט, זאכלעך און דאָך מיט אַ געפיל פאַר סטיליסטישע פיינהייטן, נעמט אויף זיך אַ שווערע, אומדאַנקבאַרע, ווייל גאַנץ זעלטן ריכטיק אָפּגעשאַצטע אויפגאַבע: אַזוי ווי עס איז נויטווענדיק צו שאַפן אַ גראַמאַטיק פון יידיש פאַר יידישע קינדער, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די ספּעציפישע אומשטענדן פון דעם לעבן אין די לענדער פון אָט דעם קאָנטינענט, און די אַרבעט דאַרף געטאָן ווערן, — האָט דער פּעדאַגאָג אין באַיאַנען אים דיקטירט די פליכט צו נעמען אויף זיך די דאָזיקע העכסט וויכטיקע, כאָטש ווייניק סענסאַציאָנעלע אויפגאַבע, „אם אין אני לי מי לי״. טאַקע דאָ אין מעקסיקע און טאַקע איצט האָט די אַרבעט געמוזט געטאָן ווערן.

באַוואָפנט מיט סאָלידן וויסן, מיט ליבע צו דער אויפגאַבע און מיט אומענדלעכער געדולד, נישט געקוקט אויף די פאַרשידענע זאָרגן און ביטערנישן פון דעם טאָג-טעגלעכן לעבן, וועלכע זיינען אין די ספּעציפישע באַדינגונגען פון דעם היגן יידישן לעבן, פאַר אַ לערער, אַזוי אָפט און אַזוי רייך אין צאָל, — האָט לייב באַיאַן געבויט זיין ווערק, לייגנדיק ציגל צו ציגל צוגעבנדיק איבונג צו איבונג, כלל צו כלל.

איך לאָז איבער פאַר אַנדערע, מער קאָמפּעטענטע פון מיר אין דער פראַגע פון שפּראַך-פּעדאַגאָגיק, צו באַאורטיילן די מעלות אָדער חסרונות פון חבר באַיאַנס אַרבעט. פאַר מיר איז דאָ וויכטיק די דערשיינונג: באַיאַן דער פּראַקטישער אידעאַליסט, און דער קולטור-אויפטו זיינער, ווי אַ רעזולטאַט פון אָט דעם פּראַקטישן אידעאַליזם.

גראַמאַטיק איז נאַטירלעכערוויז אַ ווייניקער פּאָפּולערער ענין, ווי פּאָעזיע אָדער בעלעטריסטיק, אָבער ער איז נישט ווייניקער וויכטיק. לייב באַיאַן האָט פאַרענדיקט דעם ערשטן טייל פון אַן אַרבעט,

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

וואָס, אין די באַדינגונגען פון אונדזער גייסטיקן לעבן דאָ, איז זי ווירק־טיק נישט בלויז אין פּעדאַגאָגישן זין, נאָר אויך ווי אַן אויסדרוק פון גלויבן אין דער צוקונפט פון יידיש דאָ און אַנדערשוו. מען גיט נישט אוועק וואָכן און חדשים אָנשטרענגונג פאַר אַ זאַך, וואָס מען גלויבט נישט אין איר צוקונפט. חבר באַיאָן איז אַ יידיש־לערער אַ טיף גלויבי־קער, אַ מאמין באמונה שלמה אין דעם מאָרגן פון יידיש.

אָט דער גלויבן, אין אַ צייט, ווען אַלץ אַרום איז מסוגל אונדז צו דעפּרימירן און צו מאַכן אונדז סקעפּטיש, איז דאָס וווּנדערפולס־טע אין דעם אויפטו פון לייב באַיאָן.

.1946

# אַלגעמיינער טייל

## ליטעראַריש-קינסטלערישע איינדרוקן

# די „גאָלדענע קייט" ווערט ווייטער געשמידט

**(רעדע געהאַלטן אויף דער פּרץ־אַקאַדעמיע אין דעם פּרץ־יאָר, איינגעאָרדנט דורך דער קולטור־קאָמיסיע ביים אידישן צענ־טראַל קאָמיטעט אין מעקסיקע).**

די הונדערט טויזנט יידן, וואָס האָבן, אויף דער גרעסטער לויה, וואָס די יידישע ווארשע האָט ווען עס איז געהאַט געזען, באַגלייט יצחק לייבוש פּרצן צו זיין אייביקער רו, האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט א קווערשניט פון אַלערליי שאַטירונגען און ניואַנסן פון יידישן פילן און דענקען, פון יידישן וועלן און שטרעבן. דאָס איז געווען דער בולט סטער אויסדרוק פון איינשטימיקייט ביים אָפּגעבן אים דעם לעצטן כבוד, מצד דעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום אין זיין גרויסן גאַנצן, מצד דעם גאַנצן יידיש־פאַרוואָרצלטן יידנטום אויףביידע זייטן ים.

ס'איז אין אָט דער הונדערט־טויזנטיקער מאַסע פאַרקערפּערט געווען א מין אָפּקלאַנג פון פּרצעס לעצטע ווערטער איידער דער פּלוצ־לינגער טויט האָט געמאַכט זיין פּעדער אַרויספאַלן פון זיין האַנט, און וועלכע זיינען געווען:

„שטילער, שטילער, דאַנקען וויל ער".

ס'איז איבער דער גאַנצער יידישער וועלט, וואָס האָט גייסטיק געצויגן איר יניקה פון דער מזרח־אייראָפּעאישער יידישער קולטור, אַדורך א ציטער. טיפער ווייטיק צוליבן פאַרלוסט פון דעם פאָנען־טרעגער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, איז בעגאַנגען צו־

זאַמען מיט אַ געפיל פון טיפער דאַנקבאַרקייט צו יצחק לייבוש פּרץ, דעם פאַרקערפּערער פון יידישן קולטור-רענעסאַנס בכלל.

אָט דאָס געפיל איז אין משך פון די זעקס און דרייסיק יאָר, וואָס זיינען אַריבער זינט יענער גראַנדיעזער מאַניפעסטאַציע, וואָס ס'האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט פּרצעס לויה, ניט נאָר ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, נאָר איז, אומגעקערט, מיט יעדן יאָר אַלץ שטאַרקער און פאַרוואָרצלטער געוואָרן. און איצט — ווען מיר פייערן פּרצעס אָנדענק צו דער געלעגנהייט פון דעם הונדערטסטן יאָר פון זיין געבוירן ווערן, ווערט זיין נאָמען דערמאָנט ווי פון אַ נאַציאָנאַלן העלד, וואָס האָט פאַר זיין פאָלק אויסגעקעמפט די וויכטיקסטע שלאַכטן: די פון גייסט און קולטור. ער האָט דערגרייכט יענעם העכסטן שטאַפּל פון רום און גלאָריע, וואָס אַ פאָלק קען געבן זיינעם אַ העלד און וואָס באַטרעט דעם געביט פון לעגענדע. יאָ, מ'קען שוין רעדן וועגן אַ פּרץ-לעגענדע.

ווען אַ שעפערישע פּערזענלעכקייט דערגרייכט צו אַזאַ מין מדרגה אין פאָלקס-באַוווסטזיין, מוזן געוויס זיין נישט איינער, נאָר פאַרשידענע פאַקטאָרן, וואָס האָבן מיטגעווירקט צו דעם. לאָמיר זשע וואַרפן אַ בליק אויף זיי און זען אויף וועלכע אופנים דריקט זיך אויס די ווירקונג פון פּרצעס פיל-זייטיקע פּערזענלעכקייט נישט נאָר בעת זיין לעבן, נאָר אויך אין די דריי און אַ האַלב צענטליק יאָר, וואָס זיינען שוין אַריבער זינט יענעם שבת חול-המועד, ווען זיין לעבנס פאָדים איז איבערגעריסן געוואָרן.

וואָלט פּרץ געהאַט געווען בלויז דער גרויסער קינסטלער, וואָס ער איז געווען, איז נישט גאַנץ זיכער צי וואָלט ער אין דעם זכרון און אין דער געזינונג פון די יידישע מאַסן און פון דער יידישער אינטעליגענץ פאַרנומען אָט דעם איינציק-און איינגאַרטיקן פּלאַץ, וואָס ער פאַרנעמט. געוויס, ער וואָלט פאַרנומען אַן אויסנעמלעכן פּלאַץ ביים יידישן לייענער; ער וואָלט געווען פון די געזוכטסטע שרייבערס אין יידישע ביבליאָטעקן און פון די שטודירטסטע דיכטערס אין יידישע שולן. קיין נאַציאָנאַלע אָדער גאָר לעגענדאַרע פיגור וואָלט פּרץ בלויז דער שריפטשטעלער נישט געוואָרן.

ווילן מיר זיך דערגרונטעווען צו די טיפערע וואָרצלען פון זיין אַלץ מער וואַקסנדיקן רום און פון זיין וואָס אַ מאָל אַלץ שטאַרקערער פּאָזיציע ווי אַן עמוד האש אין דעם לעבן פון יענע יידישע פאָלקס-מאַסן, וואָס זייער גייסטיק לעבן איז פאַרבונדן מיט די קוואַלן, וואָס האָבן געשלאָגן אין מזרח-אייראָפּע — מוזן מיר דעם באַגריף פון דער

„גאָלדענער קייט" אַ סך פאַרברייטערן און אים אַנווענדן נישט בלויז ווי דעם נאָמען פון איינעם פון פרצעס דראַמאַטישע ווערק, נאָר ווי אַ גרונט־אידייע, ווען מיר רעדן וועגן פרצן, ווי אַ שעפערישער פערזענלעכקייט בכלל; ווי וועגן אַ שעפערישער פערזענלעכקייט, דאָס דער קינסטלער אין איר איז בלויז אַ טייל, אמת אַ ביז גאָר וויכטיקער, אָבער דאָך נישט מער ווי איינער פון אירע אַספּעקטן.

ווען מיר ווילן דערקלערן פאַרוואָס פאַרנעמט פרץ אין דעם מזרח אייראָפּעאישן יידנטום אַט דעם, איין און איינציקן פּלאַץ, וואָס קיין שום יידישער שריפטשטעלער האָט נישט באַוויזן צו פאַרנעמען, איז דאָס ערשטע וואָס מיר מוזן אונטערשטרייכן, דער פאַקט, אַז די גאָלדענע קייט פון זיין שאַפן איז נישט, און האָט קיינמאָל נישט פּרעטענדירט צו זיין, עפּעס, וואָס איז אין גאַנצן ניי, אָן אָרגאַנישער פאַרבינדונג מיטן יידישן עבר. פונקט פאַרקערט: פרצעס „גאָלדענע קייט" איז אַריינגעגלידערט געוואָרן אין דעם יידישן לעבן פון ווייטערדיקע יידישע דורות דערפאַר, וואָס זי איז אַ רינג אין דער גאָלדענער קייט פון יידישן לעבן, פילן און דענקען פון אומצייליקע דורות פון פאַר אים. זיין גייסטיקע פאָן פלאַטערט אַזוי הויך און שטאָלץ אויך איצט, אַ סך יאָרן נאָך זיין פיזישן טויט, דערפאַר, וואָס די פאַרשידענע זייטן פון זיין שעפערישער פערזענלעכקייט האָבן, צוזאַמענגענומען, פאַרקערפּערט דאָס וועזנטלעכע, די קווינט־עסענץ פון יידן און יידישקייט אין הונדערטער און טויזנטער יאָרן.

אַלטער ווײַן אין נייע לאַגערן, דאָס איז דאָך גרונטזעצלעך געווען די קינסטלערישע און געזעלשאַפטלעכע אויסשטראַלונג פון דער פרץ־פערזענלעכקייט, זינט זיין באַרימטן אַרטיקל „בילדונג" ביז זיין מיסטיש־רעליגיעזע שטימונגען, צו וועלכע ער האָט געגעבן אַן אויסדרוק אין זיין „ווינקעלע" אין וואַרשעווער „הײַנט".

אייגנטלעך איז דאָך פרץ, אין משך פון דעם כמעט האַלבן יאָרהונדערט געווען אַ זעער און אַ זייער, אַ וויזיאָנער און אַ פרעדיקער, אַ קינסטלער און אַ אידייען־פאַרשפּרייטער. נעגירנדיק דאָס גרויע און טאָג־טעגלעכע פון דעם גאָר אָפט אומעטיקן לעבן, האָט ער די יידישע מאַסן געוואָלט אויפהייבן אויף אָדלער־פליגלען צו יענע הויכקייטן, אין וועלכע ער, דער ראָמאַנטיקער, האָט אַליין געשוועבט; צו יענע הימלען, וואָס זיין וויזיע האָט דערגרייכט און וואָס האָבן אין „חסידות", אין זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" און אין דער „גאָלדענער קייט" זייער העכסטן אויסדרוק געקראָגן.

# סאַלאָמאָן קאַהאַן

אָבער, ווי געזאָגט, פּרצעס גרויסקייט איז נישט קיין אײנזייטי-קע. ער האָט נישט בלויז געהאַט דעם כּוח פון אַן אויסדערוויילטן גייסט צו זען וויזיעס פון „אויב נישט נאָך העכער"; ער האָט אויך באַזעסן דעם אַקטיוון, פּעלזן צעברעכנדיקן ווילן מיטצווווירקן, אַז וויזיעס זאָלן ווערן לעבעדיקע ווירקלעכקייט.

וויזיעס ווערן אָבער קיינמאָל נישט פאַרוואַנדלט אין ווירקלעכ-קייט אָן קאַמף. בלויז אין קינדער-מעשהלעך געשעען אַזוי לייכט נסים. אין רעאַלן לעבן מוזן נסים צוגעגרייט ווערן דורך לאַנגע, האַרט-נעקיקע אָנשטרענגונגען, דורך לאַנגן קאַמף און אויסדויער אין אַ וועלט און אין סביבות, וואָס שטעלן אומצייליקע שטערונגען אין וועג. און נישט בלויז די אויסערלעכע וועלט; אפשר נאָך מער איז דער וועג פון גרויסע דערגרייכונגען און דערהויבונגען פאַרשטעלט דורך דעם שונא אין אונדז גופא, וועלכער פאַרשטעלט זיך אונטער פאַרשידענע נעמען, ווי אינערציע, גלייכגילטיקייט, אַפּהענטיקייט.

אָט די „טויטע שטאָט" לעבעדיק צו מאַכן; דעם יידישן מענטשנס ווילן צו אַקטיוויזירן; זיין גלויבן אין זיך און אויך זיין גלויבן אין דער מעגלעכקייט פון אַ בכלל בעסערער וועלט צו שטאַרקן, — אָט דאָס איז געווען פּרצעס גרויסע עובדא, זיין אומשטערבלעכע שעפערישע טאַט.

ער האָט מיט זיינע קינסטלערישע ווערק דעם יידישן אַרבעטנ-דיקן און פאָלקס-מענטש צו עקאָנאָמישן, סאָציאַלן און אויך פּאָליטישן קאַמף אינספּירירט. ער האָט מיט זיינע פּובליציסטישע און ליטעראַ-ריש-קריטישע שריפטן דעם יידישן מענטשן געהאָלפן זיך צו פאַר-טיפן וועגן דעם, וואָס איז דאָס וויכטיקסטע און וועזנטלעכסטע אין זיין גייסטיקן „איך" ווי אַ ייד-מענטש און מענטש-ייד.

איז טאַקע דערפאַר וואָס אַלץ אין דער שעפערישער פּערזענלעכ-קייט פון יצחק לייבוש פּרץ איז געווען אַזוי פונדאַמענטאַל אין דעם זין פון וייטער בויען, אין די ראַמען פון דער נייער אַרומיקער יידי-שער ווירקלעכקייט, מיט די דערפרישנדיקע דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע ווינטן, וואָס האָבן געבלאָזן אין דער גרויסער וועלט אַרום —, איז די אויסשטראַלונג פון זיין לעבן און שאַפן, סיי קינסטלע-ריש, סיי פּובליציסטיש, געווען אַזוי שטאַרק און ווערט אַלץ שטאַרק-ער און ווירקנדיקער.

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

איצט, זעקס און דרייסיק יאָר נאָך זיין טויט, קען מען ערשט רעכט אָנווענדן אויף פרצן נאַדסאָנס סטראָפן:

„אָ, זאָג מיר נישט: „געשטאָרבן”; ניין, ער לעבט”.

די גאָלדענע קייט פון זיין לעבנסווערק איז נישט אָפּגעבראָכן געוואָרן; זי איז דורך די יאָר־צענטליקער ווייטער געשמידט געוואָרן. און ווי פילזייטיק די שעפערישע פערזענלעכקייט פרץ איז געווען, פונקט אַזוי פיל ריכטונגען איז די גאָלדענע קייט ווייטער גע־שמידט געוואָרן.

ער, פרץ, אַ געניאַלער שפּראַך־שמידער, מעג זיך אין קבר פרייען מיט דער קאָלאָסאַלער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך זינט די פעדער איז פון זיין האַנט אַרויסגעפאַלן. סיי דער קינסטלערישער, סיי דער פּובליציסטישער יידיש, זיינען איצט נאָך אין אַ פיל גרעסערער מאָס דער קולטור־אינסטרומענט, וואָס פרצעס אומשטערבלעכער אויפטו: „טשערנאָוויץ” האָט פּראָקלאַמירט ווי אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך.

און ווען מיר ווענדן אונדזער בליק צו דער יידישער ליטעראַטור אין אַלע אירע זשאַנרן און שאַטירונגען, זעען מיר ווי אַלע אירע באַדייטנדיקסטע שאַפער ציען זייער גייסטיק־קינסטלערישע יניקה פון דעם דיכטער פון דער „גאָלדענער קייט”. כל הנחלים הולכים אל הים, און זייער אַלעמענס גייסטיקע געמיינשאַפט פון קינסטלערישע אידייען און יידיש־מענטשלעכע אידעאַלן מיט דעם דיכטער פון „מסירת נפש” און אויסשרייער פון „מיין נישט די וועלט איז אַ הפקר”, איז אַ קלאָרער, אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט. די גאָלדענע קייט פון יידיש־מענטשלעכקייט, וואָס איז געשמידט געוואָרן זינט דורות און דורות, און פון וועלכער פרץ — און אין דעם באַשטייט טאָקע זיין גרויסקייט — איז געווען אַ ווייטערדיקער רינג, איז נאָך אים ווייטער געשמידט געוואָרן, און אָט דער ווייטערדיקער נאָך פּרצ־דיקער רינג איז פאַרקערפּערט אין דער היינט־צייטיקער יידישער לי־טעראַטור דורך דעם גאָט־געבעטשטן דיכטער, וואָס הערט טיף אין זיין נשמה דעם קרעכץ פון דער ליידנדיקער וועלט, און וואָס צוזאַ־מען מיט פרצן לאָזט ער הערן דעם אויסגעשריי, אַז „אויסגעלייזט מוז ווערן די וועלט!”; דער דיכטער, וועמענס יידישן צער און לעכצן נאָך גאולה פרץ אַליין האָט נישט באַוויזן אויסצודריקן מיט אַזאַ פאַר־טיפונג און קינסטלערישער קרעפטיקייט: ה. לייוויק.

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

און אַריבערגייענדיק אויף אַנדערע שליאַכן, אויף די פון יידיש־סאָציאַליסטישן בוי פון אַ יידישער היימלאַנד און פון יידישן העלדנטום אין די קאַמפן אין די געטאָס, קען דען זיין דער קלענסטער ספק אין דעם ביישטאַג פון פרצעס גייסט, פרצעס אידייען און פרצעס אידעאַלן צו די וואנדער־לייסטונגען, פאַר וועלכע די וועלט שטייט פאַרגאַפט: פונקט אַזוי אין דעם פאַל פון דעם יידישן אומקום, ווי אין דעם פאַל פון אויפבוי? לייענט פרצן און איר. וועט אין זיינע קינסטלערישע ווערק און אין זיין פובליציסטיק געפינען יענעם יידיש־מענטשלעכן, עטישן הויך, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער עטיש־הומאַניטאַרער לופט, וואָס ס׳אָטעמען די, וועלכע האָבן מיט זייער שוויים און בלוט דאָס ניי יידיש לעבן אין ארץ־ישראל געבויט. בלעטערט פרצעס שריפטן און איר וועט דאָרט יענעם יידיש־מענטשלעכן שטאָלץ, יענע יידיש־מענטשלעכע ווירדע געפינען, וואָס האָט די געטאָ־קעמפער באַזעלט אין די גלייך פון אָנהייב פאַרלאָרענע און דאָך אויף אַלע אייביקייטן געווונענע שלאַכטן.

יאָ, אויב מ׳דאַרפט רעדן וועגן אַ מיסיע אין ליטעראַריש־קינסטלערישער שאַפונג, האָט פרץ איר, אויף אַן אומפאַרגלייכלעכן אופן דורכגעפירט. אויב מ׳קען שמידן אַ גאָלדענע קייט דורך קונסט און פובליציסטיק — האָט איר יצחק לייבוש פרץ, ווי קיין שום אַנדער יידישער קינסטלער און פובליציסט, געשמידט. יצחק לייבוש פרץ האָט אַ לעבנס־מיסיע געהאַט: צו זיין דער וויזיאָנער און גלייכצייטיק אַ בויער פון יידישן קולטור־רענעסאַנס. זיינע אידייען און אידעאַלן האָט ער דורך אומשטערבלעכע ווערק, ווי יעדער גרויסער קינסטלער מוז עס טאָן, פּראָקלאַמירט און געפּרעדיקט. דערפאַר איז טאַקע זיין „גאָלדענע קייט" נישט אָפּגעבראָכן געוואָרן, און אַלץ נייע רינגען ווערן אין אָט דער קייט, וועלכע איז דערפאַר אַזוי שטאַרק, ווייל זי איז אַליין אַ רינג אין ישראל סבאָס דורות און דורות לאַנגער קייט פון גייסט און קולטור, אַריינגעשמידט. דערפאַר אויך. ווו נאָר יידיש לעבן וועט געדייען און זיין שעפעריש, וועט די „גאָלדענע קייט" וואָס די פרץ־וויזיע און פרץ־קונסט האָט מיט זיך פאַרקערפּערט, זיין אַ באַשטאַנד־טייל פון לויכטנדיקן יידיש־מענטשלעכן גייסט און פון טיף־פאַרוואָרצלטער יידישער קולטור.

.1951

# דער פּרץ הירשביין־אוצר

ליבע אסתר שומיאַטשער!

איר האָט איצטיקס מאָל מיט זיך מיטגעבראַכט עפּעס, וואָס איז גייסטיקע סובסטאַנץ פאַר יאָרן און יאָרן; אַן עליקסיר, וואָס פאַרשאַפט גייסטיקן געניס, עסטעטישן פאַרגעניגן, קולטור־פרייד, ווען נאָר אימיצער, וואָס איז צו אַט דעם „עפּעס" סענסיטיוו, קומט מיט אים אין באַרירונג. איר האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ גייסטיק רייכטום, וואָס ס'איז נישט אָפּצושאַצן; איר האָט אַהערגעבראַכט אַן אוצר, דעם פּרץ־הירשביין־אוצר.

איר האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַלע ווערק פון פּרץ הירשביין.

זענט איר, בכן, אַהערגעקומען מיט אַן ערשטקלאַסיקער, ביז גאָר וויכטיקער קולטור־מיסיע.

איר זענט, אסתר, געקומען אַהער כדי צו פאַרשפּרייטן, דורך פּרץ הירשביינס ווערק, דעם קולט פון שיינקייט, אמתדיקייט און טיפער פאַרשטענדעניש פון לעבן מיט אַלע זיינע וועגן און זיגזאַגן, אויסגעדריקט דורך ליטעראַטור אין אַלע אירע פאָרמען און וואַריאַציעס.

ווייל אַט דאָס איז דאָך, אין גרונט גענומען, הירשביינס ליטעראַריש שאַפן; אַט דאָס מיינען דאָך אין לעצטן סך־הכל די צאָלרייכע בענד פון פּרץ הירשביין.

איז דען דאָ איין ליטעראַרישער זשאַנר, וואָס ער האָט אים אין דער יידישער ליטעראַטור מיט זיינע שאַפונגען נישט באַרייכערט? דראַמע, עפּאָס און ליריק — אויף יעדן איינעם פון אַט די דריי גרונט־געביטן פון ליטעראַריש־קינסטלערישער שאַפונג איז פּרץ הירשביין ווירדיק, חשיבותדיק רעפּרעזענטירט.

אין פּאָעזיע, אין פּערזן און אין פּראָזע, וואָס איז אויך גאָר אָפּט

פּאָעזיע אין פּראָזע, איז פּרץ הירשביין איינער פון די גרעסטע מייס־טערס פון דער יידישער שפּראַך. אַט די מייסטערשאַפט אין אויס־דרוק, די וואונדערלעכע קינסטלערישע פאָרם, נוצט ער אויס, כדי אויס־צופורעמען ווערק, וואָס אַנטפּלעקן. פאַר אונדז אַלץ נייע און נייע ניואַנסן פון פאַרשידענע באַקאַנטע, און אָפטמאָל טאַקע דורך אים אַנטפּלעקטע אַספּעקטן פון דעם יידישן לעבן און דעם יידישן מענטשן.

און בלויז פון דעם יידישן מענטשן און פון דעם יידישן לעבן?

פּרץ הירשביין פירט אונדז אַרויס אין דער ברייטער, גרויסער וועלט, און ער מאַכט אונדז פאַר שותפים צום לעבן און שטאַרבן אין אַלע קאָנטינענטן. ער איז אַ מין יידישער מאַרקאָ פּאָלאָ אין די ווייט־כטע לענדער, ווו ער געפינט אין גאַנצן נישט קיין יידן, און איז אַן אַמבאַסאַדאָר פון יידישער קולטור צו יידישע ישובים אין אַלע וועלט־טיילן.

לייענט מען הירשביינס רייזע־ביכער (און זיינען דען דאָ אין דער וועלט־ליטעראַטור אַ סך פון דעם זשאַנר וואָס שטייען אויף אַזאַ קינסטלערישער הויך, ווי די פון פּרץ הירשביין?), דערגייט מען צו דעם אייגנטלעכן, טיפערן זין פון אוניווערסאַלקייט: איינהייט אין פאַרשידנאַרטיקייט. ער העלפט אונדז בעסער צו באַגרייפן ווי טיף ס׳איז די דראַמע פונם מענטשלעכן לעבן אומעטום, און ווי שיין ס׳איז די וועלט, טאַקע אַ דאַנק דער פאַרשידנאַרטיקייט פון פעלקער און ראַסן, פון גלויבנס און קולטורן.

און ווער איז דען אַ גרעסערער מייסטער אין פורעמען קונסט־ווערק פון דעם טויג, וואָס הייסט פאָלקסטימלעכקייט, וועלכע איז אַ גרונט־זייל אין דעם געבוי פון אַן עכטער נאַציאָנאַלער קולטור, ווי דער דראַמאַטורג פון די „גרינע פעלדער", „די פּוסטע קרעטשמע" אָדער „תקיעת כף"? דאָס וועזנטלעכסטע, יאָדעריקסטע פון דער יידישער פאָלקס־נשמה; פון דעם, וואָס מיר באַצייכענען ווי מזרח־אייראָפּעאישע יידישע פאָלקסטימלעכקייט, האָט אין פּרץ הירשביינס דראַמאַטורגיע געקראָגן אַ תיקון און איינע פון די קינסטלערישסטע פאַרקערפּערונגען.

פילזייטיק אין דער טעמאַטיק, פאַרבן־רייך אין דער באַשרייבונג, ווייט גרייפנדיק אין דער פּערספּעקטיווע פון זיינען מענטשלעכע פּיי־זאַזשן, טיף אַריינבליקנדיק אין יידישן לעבן, און האַלטנדיק ווייט אָפן זיין אויג און אויער צום לעבנס־ריטם און צום מענטשלעכן ווי־ברירן אומעטום אויף גאָטס גרויסער וועלט, איז פּרץ הירשביין דער

# מעקסיקאנישע רעפלעקסן

שריפטשטעלער-דיכטער, וואָס מאַכט זיין לייענער טיפער אַריינדרינ־
גען אין דעם מהות פון דעם מיט דראַמע אָנגעפילטן יידישן לעבן, און
שטאַרקער צו פילן דעם טראַגישן אומרו פון דער וועלט.

.1953

# ה. ראָזענבלאַטס פילאָזאָפישע ליריק

פילאָזאָפישן ליריק איז איינער פון די שווערסטע זשאַנרן אויף דעם געביט פון פּאָעזיע. זי איז עס דערפאַר, ווייל זי פאַרלאַנגט פון דיכטער, אַז אין זיין שאַפונג זאָל הערשן אַ גלייכגעוויכט צווישן געפיל און אינטעלעקט, אַ סימביאָזיס צווישן דעם אויפנעמען די וועלט דורכן האַרץ, און דעם טיפערן פאַרטראַכטן זיך וועגן מענטש און קאָסמאָס.

טאַקע ווייל דאָס איז אַזאַ שווערער זשאַנר, זיינען אַזוי ווינציק אין צאָל די דיכטער, וואָס ווידמען אים זייער טאַלאַנט. נאָך ווינציקער זיינען די פּאָעטן, וואָס טוען עס מיט דערפאָלג. גאַנץ אָפט פּאַסירט, אַז אַ דיכטער, וואָס אויף אַנדערע געביטן פון דעם קעניגרייך פון פּאָעזיע שאַפט ער ווערק פון דויערנדיקן ווערט, — גליטשט זיך אויס אַזוי שניל ווי ער רירט זיך צו צו פילאָזאָפישער ליריק; וואָס ס׳באַקומט זיך דאַן פון זיין פאַרמעסט, איז ניט מער ווי „עקספּערימענטאַלע״ פּאָעזיע.

צווישן די פאָרשטייער „פאַר עקסצעלאַנס״ פון דעם פּאָעטישן זשאנר פון פילאָזאָפישער ליריק. געפינען זיך: אין דער רוסישער ליטעראַטור — וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו; אין דער פּוילישער — יאַן קאַספּראָוויטש; אין דער יידישער — יהואָש, וואָס אָט דער אַספּעקט פון זיין דיכטערישער שאַפונג איז נאָך ווייט ניט גענוג אונטערשטראָכן געוואָרן דורך דער קריטיק, און וואָס, ווי אַ פילאָזאָפישער ליריקער, וואַרט ער נאָך אויף אַ וואָגיקע מאָנאָגראַפיע מיט אַ ברייטערער אָפּשאַצונג.

אָט דעם דיכטערישער זשאַנד איז, אין זיינע מערסטע געדיכטן, געווידמעט די אָפּטיילונג „סוד און סיבה״ אין ראָזענבלאַטס

בוך „אין שענסטן טאָג פון הארבסט", ווי עס זיינען עס אויך גע־ווײַזע לידער אין דעם טייל, וואָס הייסט „דעמערטאָל".

איז עס „עקספּערימענטאַלע" פּאָעזיע, אָדער איז רויזנבלאַטן טאַקע געלונגען דאָס, וואָס אַ סך אַנדערע און גאָר באַדייטנדיקע פּאָעטן, האָט זיך ניט איינגעגעבן?

מיין איינדרוק איז, אַז רויזנבלאַט ווייזט זיך אין אַט די געדיכטן אַרויס ווי אַן עכטער פילאָזאָפישער ליריקער, וואָס באַווירקט שטאַרק אונדזערע עמאָציעס, מאַכנדיק אונדז גלייכצייטיק זיך צו פאַרטראַכטן, צוזאַמען מיט אים, וועגן די גרויסע, ביז איצט נאָך ניט פאַרענטפערטע פראַגן וועגן דעם „וואָס", דעם זין און דעם „פאַרוואָס" פון מענטש און וועלט.

צוויי גרונט־שטריכן זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר רויזנבלאַטס פילאָזאָפישער ליריק: זיין פאַנטעאיזם און זיין טיפער אומרו וואָס שייך דער מענטש־גאָט באַציאונג.

רויזנבלאַט איז אַ פאַנטעאיסט, דאָס הייסט ער גלויבט אין דער עקזיסטענץ פון געטלעכקייט אין דער נאַטור, אין קאָסמאָס. פאַנטעאיזם האָט גאָרניט צו טאָן מיט קאָנקרעטער רעליגיע און מיט איר אומצעטיילבאַרן באַגלייטער: דעם פאָרמעלן רעליגיעזן קולט. אַ פאַנטעאיסט איז געווען ספינאָזאַ; געטהע איז עס געווען; אַ פאַנטעאיסט איז אַלבערט איינשטיין.

אונדזער דיכטערס פאַנטעאיזם ווערט פראָקלאַמירט אין אַ געדיכט, וואָס שוין זיין נאָמען אַליין זאָגט אונדז, אַז מיר ווערן איינגעלאַדן מיטצומעדיטירן מיטן פּאָעט. עס הייסט „מחשבות — זיצנדיק ביים ים", און דאָרט געפינען מיר רויזנבלאַטס פאַנטעאיסטישן קרעדאָ":

„כ'האָב קיינמאָל צווישן וואָר און חלום ניט געזען די מידנסטע סתירה
אין טראָפּן טוי, אין שפּראָץ אויף טאָג, אין רעגנשפּריי, אין ווינט,
אין שמייכל פון אַ קינד, פונסניי רק זע איך גאָטס יצירה..."

דער דיכטער איז מודה, אַז ניט מיט אַ מאָל איז ער דערגאַנגען צו אַט דער וועלט־אַנשויאונג. זיין פאַנטעאיזם האָט געמוזט אויסרייפן, און ערשט מיט די יאָרן, ווען זיין גייסטיקע פּערספּעקטיווע איז געוואָרן פולשטענדיק אויסקריסטאַליזירט, האָט ער ספינאָזאָס און געטהעס און איינשטיינס „אין וואָס איך גלויב" געמאַכט פאַר זיין אייגענעם „קרעדאָ":

# סאַלאָמאָן קאַהאַן

„ווער עלטער און עלטער און עלטער און — עלטער.
נאָר היט זיך, מייד אוים ווערן אַלט!
אין רייפקייט פון יאָרן אַנטפּלעקט זיך
גאָטס פּנים אין מענטשנס געשטאַלט".

(„די זון וועט קיינמאָל ניט פאַרגיין").

אָבער גראַד דאָס באַקענען זיך צום פאַנטאַזיום רופט, ווי אַ קאָנ־סעקווענץ, אַרויס אין דיכטער אַ טיפן אומרו. טיפע ספקות, טראַגישע פראַגע־צייכנס, באַוווּסטזיין פון מיסטעריע, באַהערשן אים. טאָקע ווייל ער אנערקענט גאָטס אָנוועזנהייט אומעטום, דריקן אים די קיינמאָל נאָך ניט דערקלערטע ווידערשפּרוכן אין דעם מענטשלעכן זיין און וועזן: די מיסטעריע פון לעבן, דאָס געהיימניש פון טויט. דאָס זיינען די אַלטע, אוראַלטע פראגן, וואָס האָבן באַשעפטיקט פילאָזאָפן און דענקער פון אַלע צייטן.

די גרויסע קאָנטראַסטן, וואָס דער מענטש שטעלט מיט זיך פאָר, האָט אויף אַ קלאַסישן אופן אויסגעדריקט דער רוסישער פּאָעט דיערזשאַווין, אין זיין בארימטער „אָדע", ווו ער זאָגט: יא צאר, יא ראב, יא טשערוו, יא באָך" — „איך בין מלך, איך בין שקלאַף, איך בין אַ ווערימל, איך בין גאָט".

רויזנבלאַט דריקט אוים אָט די סתירה אין די פאָלגנדיקע, מיט טראַגיק אָנגעהויכטע פערזן:

„נאָר אַלצדינג איז זיך סותר —
ווי איך מיט זיך אַליין.
אַמאָל בין איך דער אָדלער
און אָפט — אַ פליגל קליין.
איך מיש פון בוים די בלעטער
און לייען, וואָס זאָגן זיי;
—ביזט פאַראיינס דער גרינער פרילינג,
און אויך דער ווייסער שניי.
איך פרעג די ווייטע שטערן —
גלגולים... אין לשער!
— מזלות! זאָגט ווער בין איך?
— ביזט נביא, קינד און — נאַר".

(„עס רעדט צו מיר דער חכם").

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

אָט די אַלע טראַגישע קאָנטראַסטן לאָזן דעם דיכטערס גייסט ניט צו רו. ער איז אין דער מאַכט פון דעם געדאַנק, וואָס ס'האָט נאָך מיט יאָר־טויזנטער צוריק אויסגעדריקט דער כינעזישער פּאָעט לי־טאַי־פּאָ: — „טונקל, ניט דורכצוזען, איז דאָס לעבן; טונקל, ניט צו דערגרייכן, איז דער טויט".

און טאַקע ווייל ער איז דורכגעדרונגען מיט פאַנטעאיסטישן באַוווסטזיין, און ווייל ער איז אָנמעכטיק אַרויסצוגיין פון דעם לאַבירינט, וואָס ס'זיינען די פראַגן, וואָס לאָזן זיין גייסט ניט רוען, האָט ער אויסגעדיכטעט „ממה נפשך", איינס פון די גאָר בעסטע לידער אין בוך. דאָס געדיכט האָט אין זיך עפּעס פון דער טראַגיק פון איוב און פון דער האַרציקייט פון רבי לוי יצחק בערדיטשעווער:

„דו האָסט גענזאַלבט מיך, איך זאָל זיין
די קרוין פון דיין יצירה!
ווי קען איך, גאָט! אַז איך אַליין
בין גאָלע סוד און סתירות?
גלייכצייטיק זיין אי קנעכט. אי האַר,
אי קרוין פון דיין יצירה?
ווי קען איך, אַז איך בין אַליין
מרידה, סוד און סתירה!"

איינע פון די גרעסטע און טראַגישסטע סתירות, וואָס מאַטערן דעם דיכטערס געדאַנק, איז דער ווידערשפּרוך צווישן דעם אימפּעראַטיוון שיקזאַל־באַגריף און דעם באַגריף פון פרייען ווילן. זיי שליסן זיך אין זיין גייסט קעגנזייטיק אויס, און אָט דאָס מאַכט אים (אין דעם זעלבן געדיכט) אַויסצורופן:

„איך זאָל דיר אונטערטעניק זיין,
דיין מינדסט געבאָט דערפילן!
פאַרוואָס זשע האָסטו איינגעפלאַנצט
אין מיר אַ פרייען ווילן?
האָסט אָנגעצייכנט מיר מיין וועג —
פון אים נישט אָפּצוקערן!
און האָסט מיט שטיינער אים פאַרזייט,
אַז איך זאָל נכשל ווערן?"

די האַרבע שאלה, וואָס פּרץ לייגט אַריין אין מויל פון דעם

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

„משוגענעם בטלן" און וואָס איז טראַגיש־אומפאַרענטפערבאַר: „ווער בין איך?", קען אויך אונדזער דיכטער ניט פאַרענטפערן, ווייל „אַלצ־דינג איז סוד און סיבה":

„דאָס פלאַטערל, די פליג,
דער אָדלער און דער וואָרעם,
דער בוים, דאָס קינד אין וויג".

(„עס רעדט צו דיר דער חכם").

אַלץ, אַלץ איז איינגעוויקלט אין טיפער מיסטעריע. „דיין יעדער טראָט — אַ בלינדער סוד". און אָנמעכטיק איז מענטש אַט דעם סוד צו דערגיין, ווייל

„סיהענגט אויף וועלט און מענטש אַ שלאָס,
און קינד און זקן שטאַמלען".

(„וואָרט").

איז דערפאַר, ווייל וויסן ווייסן מיר ניט און פאַרשטיין קענען מיר ניט, בלייבט אונדז נאָר איין מעגלעכקייט: צו טאַפּן אין דער פינצטערניש, אָדער ווי דער דיכטער רופט עס אָן, — „אנען". דער דיכטער גיט אויף די האָפנונג צו געפינען אַ דערקלערונג צו די טראַגישע ווידערשפּרוכן, וואָס האַלטן אים געפאַנגען בנוגע לעבן און טויט; צווישן דעם מענטשנס פון פאָרויס באַשטימטן גורל און דעם „ובחרת", דעם פרייען מענטשלעכן ווילן. און אַ טאָן פון רעזיגנאַציע הערט זיך אין זיין אויסקלאַנג:

„דאָס ציטערניש אין האַרץ —
אַזאַ מין טעמנע אַנען —
אַ פלאַטערל, וואָס שוועבט
צווישן „דאָ" און „ניט פאַראַנען".

(„דער באַרג פון זיבן וועגן").

1952.

# אַ קינסטלעריש בילד פון דער דובנאָוו־עפּאָפּיע [1]

סאָפיע דובנאָוו־ערליך, אַליין אַ שריפטשטעלערין פון פאַרנעם, האָט אויף זיך גענומען די ביז גאָר שווערע, אָבער גלייכצייטיק דאַנק־באַרע אויפגאַבע צו געבן אונדז די פולע געשטאַלט פון שמעון דוב־נאָוו. נישט קיין מאָזאַאיק פון אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן, וואָס ווי פאַס־צינירנדיק זיי זאָלן נישט זיין, זיינען זי נאָך אָבער, צוזאַמענגענומען, אַלץ נישט דער מענטש שמעון דובנאָוו; און אויך נישט קיין אויס־שליסלעכער סיסטעמאַטישער נאָכפאָלגן דובנאָווס כראָנאָלאָגיע, וואָס דאָס וואָלט נישט געווען מער ווי געבן אונדז דעם סקעלעט פאַר אַ דובנאָוו־ביאָגראַפיע; זי איז אויך נישט געגאַנגען אויפן וועג פון לאָזן אונדז אויסשליסלעך זיך באַקענען מיט דער אַנטוויקלונג פון שמעון דובנאָווס געדאַנקען־גאַנג ווי אַ היסטאָריאָגראַף און פורעמער פון דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן געדאַנק, ווייל דאָס וואָלט אונדז בלויז גע־שאַפן אַ באַגריף וועגן דובנאָווס גאַט־געבענטשטן אינטעלעקט.

וואָס די אויטאָרין האָט זיך פאַרנומען אויפצוטאָן, איז געווען: געבן אונדז אַ דובנאָוו־ביאָגראַפיע אין דעם מאָדערנסטן זין פון וואָרט; אַ ביאָגראַפיע ווי זי ווערט פאַרשטאַנען פון אַזאַ מייסטער אויף אַט דעם געביט, ווי ס'איז אַנדרע מאָרואַ, דער מחבר פון דעם שוין קלאַ־סיש געוואָרענעם „ד'איזראַעלי״, אָדער סטעפאַן צווייג, אין זיינע וווּנ־

1) „דאָס לעבן און שאַפן פון שמעון דובנאָוו״, פון סאָפיע דובנאָוו־ער־ליך. די זייער געלונגענע איבערזעצונג פון רוסיש איז געמאַכט גע־וואָרן דורך מ. פערדמאַן.

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

דערבאַרע ביאָגראַפיעס פון ראָמען ראָלאַן, טאָלסטאָי און דאָסטאָ־יעווסקי.

אַט דער זשאַנר, אַ ביז גאַר שווערער, פאָדערט פון דעם שרייבער נישט בלויז אַן אַלזייטיקע קענטעניש און באַהערשונג פון דעם עקזיסטירנדיקן מאַטעריאַל וועגן דער פּערזענלעכקייט, וועמענס לעבענס־באַשרייבונג מען נעמט זיך אונטער צו געבן דעם לייענער, נאָר אַ סך, אַ סך מער, ראשית כל מוז מען קענען און טרעפלעך אָפּשאַצן די „מיליע", די סאָציאַלע סביבה און קולטור־אַטמאָספערע פון דעם פּערסאָנאַזש פון דער ביאָגראַפיע. אָבער דאָס איז נאָך ניט גענוג. די מאָדערנע ביאָגראַפיע פאָדערט פון דעם מחבר אַן אַ שיעור פּסיכאָלאָגישע פאַרשטענדניש פון דעם אָביעקט. דער מחבר מוז טיף אַריינדרינגען אין אַלע גייסטיקע קנייטשן, אין אַלע דינסטע און פיינסטע ניואַנסן פון דעם נשמהדיקן ליכט און שאָטן־שפּיל פון דעם „העלד".

פון דעם איז שוין קלאָר, אַז דער מחבר פון אַ לעבנס־באַשרייבונג אין דעם זין פון אַנדרע מאָרואַ, מוז מיט זיך פאָרשטעלן אַ גליקלעכע קאָמבינאַציע פון דעם געוויסנהאַפטן היסטאָריקער מיט דעם קינסטלער־בעלעטריסט.

אויסער דעם אַלעם האָט סאָפיע דובנאָוו־ערליך געמוזט זיך פאַרזיכערן מיט עפּעס, וואָס איר נאָנטע שייכות צו דעם „העלד" פון איר ביאָגראַפיע, האָט דורכאויס געפאָדערט: צו זיין פריי אין איר ווערק פון יעדן מין סענטימענטאַליזם, וואָס וואָלט אַנשטאָט קלאָרער צו מאַכן דאָס בילד פון איר באַרימטן פאָטער, עס פאַרנעפּלט.

אַט די אַלע באַדינגונגען איז די אויטאָרן אַנטקעגן געקומען אויף אַ מוסטערגילטיקן אופן, און די רעזולטאַטן זיינען פון יעדן שטאַנדפּונקט גלענצנד.

„דאָס לעבן און שאַפן פון שמעון דובנאָוו", געשריבן מיט דער פּיעטעט פון אַ טאָכטער קעגנאיבער דער גרויסקייט פון איר פאָטערס פּערזענלעכקייט, צייכנט זיך אויס מיט דער צו די פאַקטן טרייער אָביעקטיוויטעט פון אַ באַגאַבטן היסטאָריקער, און גלייכצייטיק מיט דער נויטיקער פּסיכאָלאָגישער אַריינדרינגונג און קינסטלערישער שילדערונגס־פעאיקייט פון איינצל־פּערזאָנען, ווי אויך פון סאָציאַלע און נאַטור־פייזאַזשן, פון דעם געבוירענעם בעלעטריסט.

דערפאַר איז דאָס בוך פאַסצינירנד. האָט איר עס נאָר אָנגעהויבן צו לייענען, וועט אייך שווער זיין עס אַרויסצולאָזן פון האַנט ביז איר וועט נישט מיט אים פאַרטיק ווערן, און טאָמער מוזט איר

דאָס לייענען איבערייסן, וועט איר מיט אומגעדולד וואַרטן אויפן מאָמענט, ווען איר וועט עס קענען פאַרזעצן.

אַט די שפּאַנונג נעמט זיך פון דער אויטאָרינס ערשט-קלאַסיקן טאַלאַנט ווי אַ דערציילערין. געשפּאַנט, פאָלגט איר מיט איר נאָך שמעון דובנאָוון זינט זיין געבורט, אין מסטיסלאַוו, אין צאַרישן רוסלאַנד, אין 1860, ביז זיין מאַרטירערישן אומקום, אין ריגע, אין דעצעמבער 1941. אָבער וואָס פאַר אַ וווּנדערבאַרע פּאַנאָראַמע פון גייסטיקן וווּקס און אינטעלעקטועלער טאַט פון דובנאָוו דעם מענטשן, געלערנטן און וויסן-שאַפער אַנטוויקלט זיך אין אַט דעם בוך! אויך די ערלעכע פיגור פון אידע דובנאָוו, דעם היסטאָריקערס געטרייע, פאַרשטענדניספולע, צו אַלע קרבנות גרייטע, טיף אינטעליגענטע און אים צו אַלץ גרעסערע אויפטוען אינספּירירנדיקע לעבנס-באַגלייטערין, — האָט דורך איר טאָכטער אין דעם בוך אַ ווירדיקן, נישט-צעשטערבאַרן מאָנומענט געקראָגן.

און וואָס שייך די סאָציאַלע פּאַנאָראַמע, איז דאָס בוך אַ „סינע קוואַ נאָן" פאַר היסטאָריקער פון יידישע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען פאַר די לעצטע זיבעציק-אַכציק יאָר. אָדעס, פּעטערבורג, ווילנע און בערלין, שימערירן דאָ אין זייער יידיש-געזעלשאַפטלעכער פילפאַרביקייט. — אַלע ערטער, ווו דובנאָוו האָט געשאַפן זיינע ווערק און באַווירקט, ווי אַ קולטור-טוער און געזעלשאַפטלעכער אידעאָלאָג, די יידישע גייסטיקע עקזיסטענץ, לעבן אויף די זייטן פון דעם בוך פולבלוטיק. מיר ווערן מיטגעריסן מיט די דיסקוסיעס און פּאָלעמיקעס וואָס זיינען דאַן אָנגעגאַנגען און וואָס אַ סך פון זיי זיינען נאָך אויך איצט (אָדער גראָד איצט ערשט) אַקטועל. ס'האָט זיך דער אויטאָרין געלענצנדיק איינגעגעבן צו מאַכן אונדז פילן דעם פּולס פון דעמאָלדיקער געזעלשאַפטלעכקייט מיט אירע פאַרשידענע שאַטירונגען אין מזרח-אייראָפּעאישע יידישע צענטערס. די פאַרגאַנגענהייט איז דורך איר קינסטלעריש רעסטאַוורירט געוואָרן און ווערט אין דעם בוך פרישצאַפּלדיקע קעגנוואַרט.

אומפאַרגעסלעך איז אויך די גאַלעריע פון באַרימטע יידישע פּערזענלעכקייטן, וואָס ווערן דאָרט אַרויסגעבראַכט. שמעון דובנאָווס קאָנטאַקטן-קרייז איז געווען זייער אַ ברייטער, און מ'קען כמעט זאָגן, אַז דאָס ווערק איז אין אַט דער הינזיכט אַ רייכע קאָלעקציע פון פּרעכטיקע מיניאַטור-סקיצן פון באַרימטע יידישע פּערזענלעכקייטן

## מאלאמאן קאהאן

פון די לעצטע פינף און זיבעציק יאָר, געצייכנט דורך אַ קינסטלערין אויפן געביט פון עסקיז.

און ועל כולם, קריגן מיר דורך דעם בוך אַ טיפן איינבליק אין דעם שאַפונגס-פּראָצעס פון דעם גרויסן יידישן געשיכטלער, וואָס צוזאַמען מיט גרעטצן איז ער איינער פון די גרונט-זיילן פון דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע. נאָכצופאָלגן שמעון דובנאָוון אין זיין אַרבעט ביים שאַפן זיינע מאָנומענטאַלע ווערק, איז אַזאַ טיפער גייסטיקער געניוס, וואָס פאַר בלויז אָט דעם אַליין איז דער לייענער שולדיק דער פאַרפאַסערין פון אָט דער גלענצנדיקער דובנאָוו-ביאָגראַפיע אנער-קענונג.

1951.

# גלאָריפיצירונג פון אליקום צונזער

אויף איינעם פון די יידישע בית-עולמס פֿן ניו-יאָרק שטייט אַ מצבה מיט אַן אויפשריפט: „שטעל זיך אָפּ, פאַרבייגייער, מיט יראת הכבוד, ווייל דאָ איז געקומען צו זיין אייביקער רו דער טרייער זינ-גער פון זיין פאָלק".

מיט אַט דער כאַראַקטעריסטיק, וואָס נעמט אַרום דעם דיכטער און קאָמפּאָזיטאָר ווי אַן אומצוטיילבאַרן באַגריף, איז געמיינט אלי-קום צונזער, איינער פון אונדזערע גרעסטע טרובאַדורן, אויב נישט דער גרעסטער, וועמענס לידער ס'האָבן געזונגען מיליאָנען יידישע מענטשן, פריער אין די לענדער פון מזרח-אייראָפּע, און שפּעטער אויך אין דעם לאַנד פון דער גרעסטער אימיגראַציע אין דער יידישער גע-שיכטע: אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

האָבנדיק אַליין דורכגעלעבט און מיטגעמאַכט די אַלע צרות און פּורעניות, וואָס זיינען באַשערט געווען דעם רוסישן יידנטום אין דער ערשטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט, ווי אויך דאָס, וואָס ס'האָט זיך אויסגעדוכט צו זיין אַ ליכט-שטראַל: די פינף און צוואַנציק יאָר פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס רעזשים, און דאַן דעם קאָשמאַר פון די פּאָגראָם-יאָרן און פון דער נאָכפאָלגנדיקער רעאַקציע, מיט דער קאָלאָסאַלער אויפטרייסלעניש, וואָס זיי האָבן אַרויסגערופן אינם לעבן פון דעם רוסישן יידנטום: די „בילו" און די „עם עולם" באַוועג-גונגען, וואָס אַט די לעצטע האָט אים געבראַכט קיין אַמעריקע, וווּ ער האָט נאָך לאַנגע יאָרן געשאַפן און געווירקט, — איז צונזער גע-ווען דער געטרייער באַגלייטער פון זיין פאָלק, וועמען זיין מוזע האָט געטרייסט, וועקנדיק אין דעם יידישן מענטשן נייע האָפנונגען און אינספּירירנדיק אים צו זעלבסט-באַפרייאונג און צו נייעם אויפבוי.

# סאַלאָמאָן קאַהאַן

מיט רעכט האָט ער, דער געוועזענער קאָנטאָניסט, געקענט שפּע־
טער שרייבן אין זיין אויטאָביאָגראַפיע:

„נישט בלויז אין מיין אייגענעם בלוט האָב איך געטונקט מיין
פּען, נאָר אויך אין דעם בלוט פון מיינע אומגליקלעכע ברידער. אין
מיינע סטראָפן האָבן אָפּגעקלונגען נישט בלויז מיינע אייגענע ליידן,
נאָר אויך דער יאָמער און די פאַרצווייפלונג פון כל ישראל".

ס'איז אָבער אויך אויסגעפאַלן אויף זיין, צונזערס, גורל צו זיין
דער באַזינגער פון דער גרויסער רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָנגע־
הויבן אינם יידישן לעבן, ווען פינף און צוואַנציק יידישע סטודענטן
פון דעם כאַרקאָווער אוניווערזיטעט האָבן באַשלאָסן אָפּצוטרייסלען
פון זייערע פיס דעם שטויב פון דער צאַריסטישער רוסלאַנדס ערד,
מיט דער לאָזונג פון „בית יעקב לכו ונלכה". ווער פון אונדזער איי־
גענעם און פון דעם פאַרגאַנגענעם דור האָט נישט געהערט און אין
זיין קינדהייט נישט איינגעזאַפּט אין זיך אליקום צונזערס געזאַנגען
פון „שיבת ציון" און פון דער „סאָכע". איינער פון די גרעסטע אָנ־
זאָגן אין דער נייסטער יידישער געשיכטע: „אַז „אין דער סאָכע ליגט
דער מזל ברכה", האָבן זיי דיכטעריש־מוזיקאַלישן אויסדרוק געקראָגן
דורך צונזערס פּאָעטיש־מוזיקאַלישן זשעני. נישט אומזיסט איז אָט
דעם ליד באַשערט געווען צו דערגרייכן די העכסטע מדרגה, וואָס אַ
פּאָעטיש ווערק קען דערגרייכן: אַריינדרינגען אין די טיפסטע טיפע־
נישן פון די פאָלקס־מאַסן און זיך מיט זיי אַזוי אידענטיפיצירן, אַז
ס'זאָל קלינגען ווי אַ שאַפונג פון אַן אַנאָנימען מחבר, דאָס הייסט ווי
דורך אַ פאָלקס־ליד.

האָט אָט דער גאָט־געבענטשטער, טרייער זינגער פון זיין פאָלק,
וואָס זיינע טעקסטן אָטעמען מיט דיכטערישער עכטקייט און וואָס
זיינע מעלאָדיעס וואַרטן נאָך, אַז אַ היינטצוטיקער יידישער קאָמפּאָ־
זיטאָר זאָל זיי נעמען ווי אַ באַזע פאַר ווערק פון אַ ברייטערן און
טיפערן סימפאָנישן פאַרנעם, — ביז איצט נישט געהאַט זיין ריכטיקן
ביאָגראַף. דאָ און דאָרט זיינען פון צייט צו צייט דערשינען פראַג־
מענטאַרישע אַרבעטן וועגן צונזערן, וואָס זיינען אָבער נישט געווען
מער ווי איינצלנע ציגל פאַר אַ שפּעטערדיקער געביידע. דער מחבר
מיט אַ ברייטן פאַרנעם, באַוואָפנט מיט ערודיציע און דורכגעדרונ־
גען מיט ליבע צו דער טעמע, וואָס זאָל מאַכן אַ דויערנדיקן ביישטייער
צום שטודיום פון אליקום צונזערס קינסטלערישער און מענטשלע־

כער פערזענלעכקייט, האָט זיך אַלץ ניט באַוויזן. דאָס מאָנומענטאַלע „צונזער"-בוך האָט אויף זיך געלאָזט לאַנג וואַרטן.

פּראָפעסאָר סאָל ליפּצין האָט עס אָנגעשריבן, און עס באַרייכערט אונדזער וויסן נישט בלויז וועגן אליקום צונזערן, נאָר אויך וועגן דעם קולטור-היסטאָרישן הינטערגרונט פון דעם לעבן און שאַפן פון אָט דעם אויסדערוויילטן יידישן טרובאַדור. (דאָס בוך איז אין ענגליש).

„אליקום צונזער, דער פּאָעט פון זיין פאָלק", איז געקנאָטן פון דעם זעלבן גייסטיקן און עמאָציאָנעלן טייג, ווי דער באַרימטער און שוין קלאַסיש געוואָרענער עסיי: „דער מזרח-אייראָפּעאישער ייד", פון אברהם העשל, און ווי דאָס וווּנדערפולע, מיט ליבע צום פאַרשניטע-נעם מזרח-אייראָפּעאישן יידנטום און מיט בענקשאַפט נאָך אים אָטעמענדיקעם בוך: „די וועלט פון שלום-עליכם", פון מאָרים סעמיועל.

נישט נאָר באַגלייט דער מחבר אליקום צונזערן געטריי, טריט ביי טריט, פון זיין פריסטער קינדהייט אין אַנטאָקאָל, אין צאַרישן רוסלאַנד, ביז וועגן ער אָט, זאָט אין יאָרן און אין רום, אויף אייביק צוגעמאַכט די אויגן אין ניו-יאָרק; נישט נאָר גיט ער אונדז פּסיכאָלאָגיש טיף אַרייַנדרינגנדיקע שילדערונגען פון צונזערס שטופּנווייזער קינסטלערישער געשטאַלטונג; זיין בוך איז אויך, ווי יעדע באמת גוטע ביאָגראַפיע פון אַ גרויסער פערזענלעכקייט, גלייכצייטיק אַ מיים-טערהאַפט געמאָלטע פּאַנאָראַמע פון דער סביבה, אין וועלכער ס'איז אָט דער פערזענלעכקייט אויסגעקומען צו לעבן און שאַפן. די קעגנזייטיקע באַווירקונג פון פערזענלעכקייט און סביבה איז אין פּראָפעסאָר ליפּצינס צונזער-ביאָגראַפיע אַרויסגעבראַכט אויף אַ מוסטערגילטיקן אופן, איז עס דעריבער אַ ווערק, וואָס געהערט נישט נאָר צום געביט פון יידישער ליטעראַטור-קריטיק און וואָס צייגט אונדז דעם מחבר ווי אַן ערשט-קלאַסיקן סענסיטיוון און טיף גראָבנדיקן ליטעראַטור-קריטיקער; ס'איז ניט נאָר אַ בוך, וואָס איז אומבאַדינגט נויטיק אין דער ביבליאָטעק פון יעדן פאָרשער פון דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור, — נאָר ס'געהערט אויך, אין אַ נישט קיין קלענערער מאָס, צו דעם געביט פון יידישער געשיכטע בכלל אין מזרח-אייראָפּע און אין די פאַריניקטע-שטאַטן אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און אין אָנהויב פונם איצטיקן.

ליפּצינס צונזער-ביאָגראַפיע שטעלט מיט זיך פאָר יענע גליקלעכע קאָמבינאַציע פון ברייט-פאַרצווייגטער ערודיציע, פאַרליבטקייט אין דער טעמע און פרעכטיקייט פון ליטעראַרישן סטיל, וואָס איז ניט

קיין צו אָפּטע דערשיינונג, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן היסטאָרישע אָפּ־
האַנדלונגען, און וואָס, ווען זי איז אַ פֿאַקט, פֿאַרשאַפֿט זי דעם לייע־
נער אַ געדענקבאַרן נחת־רוח און מאכט, אַז דאָס בוך זאָל אַראָפּ־
שיינען פֿון דער ביבליאָטעק־פּאָליצע מיט דער איינלאַדונג עס ווידער
צו לייענען ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

.1950

זאַלמאַן קאַהאַן

# בלעטערנדיק אין „חסידות און לעבן"

אין די לעצטע עטלעכע יאָר פאַר דעם היטלער-מבול איבער פּוילן, ווען דאָס פּוילישע אידנטום האָט געקרעכצט אונטער די נאָכ-אַנאַנדיקע קלעפּ, וואָס זיינען אים געגעבן געוואָרן אין דער פאָרם פון די „קאַלטע" עקאָנאָמישע פּאָגראָמען און אויך אין דער פאָרם פון „געטאָ-בענק" און פּשיטיקס, האָט אין נישט ווייניקע קרייזן זיך אַריינגעכאַפּט אַ שטימונג וואָס אויב זי איז נישט געווען פאַרצווייפ-לונג, איז זי געווען נאָנט צו פאַרצווייפלונג.

איז אינטערעסאַנט, אַז אין יענער צייט האָט אין איינער פון די אָרעמסטע חסידים-שטיבלעך פון וואַרשע זיך באַוויזן אַן אויפשריפט: „גוואַלט, אידן, זייט זיך נישט מיאש!".

מענטשן זיינען געלאָפן אָנקוקן אָט דעם בייזן וואונדער. מ'האָט נישט געקענט פאַרשטיין, ווי קומט עס, וואָס גראָד זיי, פון יענעם חסידים-שטיבל וואָס איז באַשטאַנען פון די אָרעמסטע צווישן די אָרעמסטע, זאָלן גאָר ווערן אַ רעזערוואואַר פון אָפּטימיזם אין אַ צייט, ווען אַלץ אַרום האָט אָנגעוויזן אויף אַ באַרג אַראָפּ.

אַן אויסשעפּנדיקן ענטפער אויף אָט דער פראַגע האָב איך געפו-נען ווען איך האָב געבלעטערט אין דעם בוך פון מנשה אונגער.

זעלטן ווער פון די יידישע חסידות-פאָרשער אָהט אַזוי בולט אַרויסגעבראַכט דעם אָפּטימיסטישן גרונט-טאָן פון חסידות, ווי דאָס טוט מנשה אונגער אין זיין ווערק.

אָט דער אָפּטימיזם ווערט קלאָר אַ דאַנק דער מייסטערשאַפט, מיט וועלכער אונגער קריגט אַרויס פון די פאַרשידענע חסידישע לע-גענדעס און דערציילונגען זייער תמצית.

אַ מאָדנער בוך „חסידות און לעבן". איר ווייסט נישט ווו ס'ענ-

דיקט זיך די שטרענג אנאליטישע פאָרשונג און ס׳הויבט זיך אָן דער קינסטלערישער עסיי. אזוי שרייבט א ווימנשאפטלער, וואָס איז פאַר־ליבט אין זיין טעמע און איז באוואָפנט מיט אַ קינסטלערישער פעדער.

פון די צוויי מעטאָדן, וואָס ער האָט געקענט באַנוצן ביים שרייבן זיין בוך: דעם שטרענג אָביעקטיוון פון דעם טרוקענעם אַנאַליטיקער פון פאַקטן און דערשיינונגען, און פון דעם מער ראָמאַנטישן פון דער־גיין צום אמת דורך דער פּאָעטישער לעגענדע, אָט אונגער אויסגע־קליבן דעם צווייטן, וואָס איז דער שווערערער.

אַרויסשיילן דעם אמת פון דער פּאָעטישער לעגענדע און דערביי נישט צושטערן איר שיינקייט, נאָר אומגעקערט, איר באַלייכטן מיט נייעם פּאָעטישן ליכט, דאָס איז איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן, וואָס אַ פאָרשער־עסייאיסט קען זיך שטעלן. מנשה אונגער האָט זיין אויפגאַבע דערפילט בשלמות.

ער לאָזט אין זיין בוך נישט דורך קיין איין אַספּעקט פון דער השפּעה פון חסידות אויפן יידישן לעבן, און פון יעדן קאַפּיטל קומט חסידות אַרויס, ווי אַ לייכטנדיקער פאַקל, וואָס האָט געגעבן דעם לעבן פון די פאָלקס מאַסן, אין זייער גאַנצער אַרעמקייט, אַ זין. דאָס איז דער זין פון אינערלעכער רייכקייט, פון זוכן אין זיך און אַנטפּלעקן אין רעד אייגענער נשמה אוצרות פאַרבאָרגענע.

ס׳איז אונגערן געלונגען דאָס, וואָס אַ סך פאָרשער פון געשיכטע ווינטשן זיך און וואָס בלויז געציילטע דערגרייכן: פאָרשטעלן זיין מאַטעריאַל נישט ווי אַ נעכטן, אַרויסגענומען פון אַרכיוו, נאָר ווי אַ פריש־צאַפּלדיקן היינט. איך האָב זעלטן געלייענט אויף יידיש אַ בוך אויף היסטאָרישע טעמעס, וואָס זאָל זיין אַזוי שפּאַנענד און זיך ליי־ענען ווי גוטע בעלעטריסטיק, ווי דאָס איז דער פאַל מיט „חסידות און לעבן״.

די גרויסע פיגורן פון חסידיזם שטייען דאָרט אין גיגאַנטישע די־מענסיעס, און דאָס חסידישע פאָלק איז דאָרט פון זעלבן טייג געקנ־נאָטן, ווי די חסידים פון דעם וואַרשעווער חסידים־שטיבל, וואָס האָ־בען פּראָקלאַמירט: גוואַלט, אידן, זייט זיך נישט מיאש!״

ס׳איז איינס פון יענע נישט צו אָפטע ביכער, וואָס זיינען ווערט געלייענט צו ווערן נאָך אַ מאָל.

.1947

# חיים גרינבערג, דער מענטש מיט עטישן פּאַטאָס

(רעדע געהאַלטן אויפן טרויער־אָוונט נאָך חיים גרינבערג ע"ה, אין „קדימה", דעם 18־טן מערץ 1953).

אין ניו־יאָרק און ירושלים, אין בוענאָס איירעס, יאָהאַנעסבורג און מעלבורן, — אומעטום, ווו יידן קענען פריי געבן אַן אויסדרוק צו זייערע געפילן און געדאַנקען, — איז די יידישע קולטור־וועלט אין טיפן טרויער. אומאָפּהענגיק פון פּאָליטישע איבערצייגונגען, טרויערן אויף זיין טויט אַלע, וואָס האָבן אַ זין פאַר דער שטרעבונג צו פאַר־בעסערן און פאַרשענערן דאָס מענטשלעכע לעבן, צו פאַרטיפן דעם מענטשלעכן גייסט און צו ברענגען אים צו שלימות.

די יידישע קולטור־וועלט טרויערט אויף דעם טויט פון דעם גרויסן אידעאָלאָג פון פרייהייטלעכן יידישן סאָציאַליזם; פון דעם גלענצנדיקן עסייאיסט, וואָס יעדער אַרויסטריט זיינער מיט דער פּע־דער איז געווען די פאַרקערפּערונג פון פּערפעקטקייט פון סטיל און פאָרם; פון דעם פּרעכטיקן אָראַטאָר, וועמענס וואָרט אויף דער רעד־נער־טריבונע ס'האָט פאַרכישופט מיט זיין שיינקייט און איבערצייגט מיט זיין לאָגיק; פון דעם שיין־גייסט, וואָס צווישן די שורות פון זיינע אָפּהאַנדלונגען האָט זיך געפילט דער אָטעם פון דיינסטער ליריק, אַזן וואָס פּערל פון דער וועלט־פּאָעזיע פלעגן אַזוי אָפט באַצירן זיינע אַרבעטן, וואָס ער פלעגט אין משך פון דעם לעצטן פערטל יאָרהונ־דערט שרייבן מיט דער זעלבער מייסטערשאַפט אין אין שפּראַכן.

ווייל איך זיך אָבער אין מיין איצטיקער באַטראַכטונג ניט אָפּ־

שטעלן אויף אַט די אַלע אַספּעקטן פון דעם פאַרשטאָרבענעם דענ־קער, שריפטשטעלער און רעדנער. מיין צוועק איז אַן אַנדערער: איך וויל זיך דערגרונטעווען צו דעם קוואַל פון חיים גרינבערגס גייסטי־קער פּערזענלעכקייט; צו די טיפערע באַוועג־גרונטן פון זיין שעפערי־שער טעטיקייט, וואָס זיינען, ווי אַ לייט־מאָטיוו, דורכגעגאַנגען דורך זיין אינטענסיוון גייסטיקן, און באַגייסטערנדיקן, לעבן. איך וויל זיך באַמיען, אַנווענדנדיק איר אויף דעם גרויסן נפטר, צו ענטפערן אויף ביאַליקס פראַגע „התדע מאין נחלתי את שירי?".

— 1 —

אין דער געשיכטע פון מענטשלעכן געדאַנק, בעסער געזאָגט, פון מענטשנס באַציאונג צו דער וועלט און צו זיין אויסלעבן זיך אין איר, מערקן זיך צוויי גרונט־טענדענצן.

די ערשטע איז: מיר זיינען דאָ געסט, דאָס לעבן איז קורץ, לאָמיר זשע געניסן און אויסטרינקען דאָס בעכער פון פאַרגעניגן ביזן סוף, און „נאָך מיר מעג קומען אַ מבול".

אַט דאָס איז, גרונטזעצלעך, די העלעניסטישע וועלט־אויפפאַסונג, מיט איר שיינקייט־קולט, וואָס שטעלט אַוועק עסטעטיק אין צענטער פון דעם מענטשנס וועלן און שטרעבן. ס'פאַרקערפּערן אים די מערס־טע פערסאָנאַזשן פון האָמער אין דעם אַזוי געראָפענע קלאַסישן אַל־טערטום, און אין דער נייער צייט האָט ער זיין טיפּסטן סימבאָל גע־קראָגן אין געטעס „פאַוסט".

וואָס וויל דען, וואָס פאַרלאַנגט דען דער העלד פון געטעס אומ־שטערבלעכער דראַמע? וווהין איז געריכטעט זיין גייסטיקער אומרו?

פאַוסטס לעבנס־נערוו איז געַנוס, ער איז פאַרצווייפלט, ווייל יוגנט און אַלץ, וואָס ס'גייט מיט דעם מיט, אין דעם זין פון געניסן פון שיינ־קייט און עראָטיק, איז פון אים, אַוועק. און מיט אַ לייכטן געמיט צאָלט ער מעפיסטאָפעלעסן דעם העכסטן פּרייז: זיין נשמה, פאַר דעם אילוזאָרישן צוריקקריגן די פעאיקייט צו געניסן עסטעטיש און עראָטיש.

דאָס איז עסטעטיק אָן עמיק. דאָס איז גלייכצייטיק די מאָראַלי־שע אויפלייזונג פון מענטשן.

אין אַ גאַנץ אומגעקערטער ריכטונג גייט די צווייטע טענדענץ. זי זאָגט:

„איך, מענטש, בין באַשאַפן אין גאָטס געשטאַלט, און טראָג אין

זיך אַ פונק פון געטלעכקייט; בין איך מיט־פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער וועלט און פאַרן לעבן אין איר. און ווייל איך בין עס, איז דער לייט־מאָטיוו פון לעבן פאַר מיר ניט געזונט, בלויז געזונט, נאָר פליכט־דער־פילונג, אָדער בעסער געזאָגט, דער העכערער עגאָאיזם, וואָס דאָס אלטרואיסטישע אויסלעבן זיך שטעלט מיט זיך פאַר".

אַזוי אַרום שטעלט זיך דער אידעאַל פון מענטש, וואָס ס'האָבן געפּרעדיקט די נביאים, און וואָס אַלטרואיזם איז זיין שטאַרקסטער קענצייכן, אַנטקעגן פאָוסטס אַמאָראַלישע לעבנס־באַגריפן, וואָס זיי־נען באַזירט אויף עסטעטיק אָן עטיק.

דאָס געפיל פון פּערזענלעכער פאַראַנטוואָרטונג פאַר דער וועלט און אירע מעשים, און דער אַקטיווער ווילן צו טאָן, און אויפצוטאָן, אין דעם זין פון אויסבעסערן די וועלט; דאָס באַוווסטזיין פון „מיין ניט די וועלט איז אַ הפקר באַשאַפן", און אַז „אויסגעלייזט מוז ווערן די וועלט", — מאַכט, אַז די מענטשן, וואָס זיינען דורך זיי באַהערשט, זאָלן אומאויפהערלעך שטרעבן צו דעם סינטעז פון עסטעטיק און עטיק, צו שלימות אין דעם מענטשנס לעבן.

— 2 —

אַט די טענדענץ האָט אין דער גייסטער צייט געהאַט אירע בעס־טע פאָרשטייער אין אַזעלכע באַרג־שפּיצן פון מענטשלעכן געדאַנק, ווי טאָלסטאָי, ראָמאַן ראָלאַן און גאַנדי; אין זייער געזעלשאַפט פּאַסט זיך אַריין חיים גרינבערגס גייסטיקע פּערזענלעכקייט.

ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס אין זיינע שריפטן, ווי אויך אויף דער טריבונע אָדער אין זיין אומפאַרגעסלעכן שיחת חולין, פלעגט ער ווידמען אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט צו אָט די גייסטיקע ריזן. ער איז, גייסטיק, געווען, „פליייש פון זייער פליייש און בלוט פון זייער בלוט". אויב מיר רופן אָן טאָלסטאָיען, וועלכער האָט אויסגערופן: „איך קען ניט שווייגן!", דאָס געוויסן פון דער מענטשהייט; אויב מיר זאָגן דאָס זעלבע וועגן ראָמען ראָלאַן, דעם מחבר פון דעם באַ־רימטן „אויפרוף צו דער יוגנט", און מיר באַהויפּטן, מיט רעכט, אַז גאַנדיס גאַנץ לעבן האָט אים פאַרוואַנדלט אין דעם געוויסן פון דער וועלט, — מוזן מיר אַנערקענען, אַז אויך חיים גרינבערג איז געווען פון דעם זעלביקן גייסטיקן טייג געקנאָטן.

פּונקט אַזוי ווי טאָלסטאָי, ראָלאַן און גאַנדי, האָט אויך ער גע־ווייטיקט פאַר דער וועלט און פאַר דער מענטשהייט; פּונקט אַזוי זוי

זיי, איז אויך ער געווען אַן אַנטי־העלעניסט, אין דעם זין, וואָס ער האָט ניט באַרעכטיקט שיינקייט אָן אַן עטישן הינטערגרונט, אונטער־שטרייכנדיק ביי יעדער פּאָסיקער געלעגנהייט די אַמאָראַלישקייט פון אַזאַ וועלט־באַנעם, און דעם וועג צום אָפּגרונט, וואָס ס׳באַדייט דער גענוס־מאָטיוו, ווי די איינציקע לעבנס־פילאָזאָפיע.

פּונקט אַזוי ווי אין דעם פאַל מיט טאָלסטאָי, ראָלאַן און גאַנדי איז אויך זיין, גרינבערגס, שטאַרקסטער באַוועג־גרונט פון גייסטיקער אויסווירקונג, געווען דער עטישער פּאַטאָס, וואָס האָט, ווי אַ שטאַר־קער פייער, קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו ברענען אין זיין האַרץ און זיין נשמה.

אָט דער עטישער פּאַטאָס האָט עס געמאַכט, אַז זיין, גרינבערגס, אינטערעסן־קרייז זאָל אַרויס ווייט פון די גרענעצן פון יידישן פאָלק, וואָס נאָך זיין נאַציאָנאַלער באַפרייאונג אין אייגענעם לאַנד, רעגירט לויט די פּאָסטולאַטן פון סאָציאַלן יושר און סאָציאַלער גערעכטיקייט, האָט ער געלעכצט.

חיים גרינבערג האָט מיטגעליטן מיט די נעגערס אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן, און פּונקט אַזוי אָט ער מיטגעוויינט מיט די דערנידעריקטע נעגערס אין דרום־אַפריקע. די ליידן פון די אונטער־דריקטע הינדוסן אויפן אַפריקאַנער קאָנטינענט האָבן אים פּונקט אַזוי ניט געלאָזן רוען. ווי די אומגערעכטיקייט פון דעם קאַסטעס־סיסטעם אין אינדיע גופא. ער האָט זיך געפילט פּערזענלעך מיט־פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר אַלע „באַליידיקטע און דערנידעריקטע", ווי ס׳וואָלט זיך געהאַט אויסגעדריקט דאָסטאָיעווסקי.

חיים גרינבערג האָט זיין גאַנץ לעבן געאָטעמט מיט יענעם עטישן פּאַטאָס, וואָס באַלעבט יעדע זייטל פון דעם אומשטערבלעכן בוך „אויפרוף צום סאָציאַליזם", פון אַן אַנדערן גרויסן יידישן פרייהייט־לעכן סאָציאַליסט: גוסטאַוו לאַנדאַוער. פּונקט אַזוי ווי לאַנדאַוער, האָט אויך ער געפילט דעם גרויסן „וועלט־שמערץ" פון אַ וועלט, וואָס וואַרט אויף איר אויסלייזונג און גייט אָפּ מיט בלוט אין די חבלי־לידה פון אַ שענערן מאָרגן. און ער איז אַ לעבן־לאַנג געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז דער באַגריף מענטש זאָל ניט פאַרשוועכט ווערן און אַז דאָס מענטשלעכע אין מענטשן זאָל ניט געשענדעט ווערן.

דערפאַר איז ער געווען אַן אַנטשלאָסענער קעגנער פון יעדער דיקטאַטור, פון יעדער פאַרגוואַלטיקונג פון עלעמענטאַרער מענטש־לעכער פרייהייט. דערפאַר פלעגט ער אויך ניט זעלטן בלייבן אין דער

מינדערהייט, אָדער גאָר אַליין, אין פראַגן, ווו די „עטיק" פון פּאָליטיק פלעגט קומען אין קאָנפליקט מיט זיין פּערזאָנלעכן עטישן צוגאַנג צו וועלט און מענטש.

אָבער טאָקע ווייל די יידישע וועלט פלעגט סיי פון זיינע שריפטן, און סיי פון זיינע אַרויסטריטן אויף דער טריבונע אַרויספילן דעם עטישן פּאַטאָס, וואָס האָט שטענדיק באַהויכט זיין יעדע עפנטלעכע טאַט און יעדן געזעלשאַפטלעכן אויפטו זיינעם, — האָבן זיי טאַקע געהאַט יענע וואָגיקייט און חשיבות, וואָס האָבן אים, אין די ראַמען פון אונדזער פאָלק, געמאַכט פאַר אַ וועלט-פיגור. אין ירושלים, פּונקט אַזוי ווי אין ניו־יאָרק, האָט מען זיין וואָרט דערוואַרט, און מען האָט זיך צו אים שטאַרק צוגעהערט; מ'האָט זיך אין זיינע געדאַנקען פאַרטיפט, מ'האָט זיינע אידייען אַנאַליזירט, — ווייל אומעטום האָט מען געוווסט און געפילט, אַז דורך חיים גרינבערגס פעדער און דורך זיין מויל רעדט דאָס געוויסן פון יידישן פאָלק אין אונדזער צייט.

ווי אַזעלכער וועט ער אין אונדזערע הערצער פאַראייביקט ווערן.

.1953

# צו חיים גרינבערגס גייסטיקער כאַראַקטעריסטיק

חיים גרינבערגס גרונט-כאַראַקטעריסטיק אויפן געביט פון גייסט איז געווען: טיפע עטישע פאַרוואָרצלטקייט, פאַנטעאיסטישע רעלי-גיעזיטעט, גרענעצלאָזע אינטעלעקטועלע אינטערעסן, סיי אויפן ריין וויסנשאַפטלכן און סיי אויפן ספּעקולאַטיוו-פילאָזאָפישן געביט.

ווי יעדער אמתער אידעאַליסט, איז ער געווען אַ ראָמאַנטיקער, און ווי יעדע טיף עטיש פאַרוואָרצלטע פּערזענלעכקייט איז ער געווען אַ פּראָגרעסיווער ראָמאַנטיקער, וואָס חלומט וועגן אַ בעסערע צו-קונפט פאַר דער וועלט. פון דאַנען קוואַלט אויך זיין פּראַקטישער אידעאַליזם.

פון זיין עטישער פאַרוואָצלטקייט שטאַמט אויך זיין שטענדיקער דיאַלאָג מיט זיך אַליין, אין וועלכן דער לייט-מאָטיוו איז פּערזענ-לעכע מיט-שולדיקייט פאַר דעם יאָמער פון דער וועלט. „יעדער דאַרף ביי אַלעמען בעטן מחילה, ווי עס האָט געטאָן (אין דאָסטאָיעווסקים „קאַראַמאַזאָווס") דעם זקן זאָסימאָס יונגערער ברודער".

פון זיין פאַנטעאיסטישער רעליגיעזיטעט קוואַלט זיין נישט אנערקענונג פון דער הייליקייט פון דעם אָדער יענעם אָפיציעלן קולט. ער אנערקענט קיין שום „איקאָנע" נישט. דער „כהן", ווי דער אויס-דרוק פון דער אָדער יענער אָפיציעלער רעליגיעזער ווירקונג — ספּעציעל, געפינט גאָר וויניק חן ביי אים אין די אויגן. „אָן נבואה קענען כהנים לייכט ווערן משרתים ביי דער עבודה-זרה. זיי זיינען עס שוין גיט איינמאָל געווען".

גרינבערג האַלט אויך גאָר וויניק פון דעם נזיר, פון דעם „חיי-

ליקן", וואָס זוכט זיך אויסצולעבן אין דער באַפרידיקונג פון אַ גע־וויסן מין עגאָאיזם, וואָס פאַרקליידט זיך אין דער פאָרמולע פון „זיך אָפּזאָגן פון דער וועלט מיט אירע תענוגים". זייַע העלד איז דער נביא, דער קעמפּערישער פּראַקטישער אידעאַליסט, וואָס געפינט זייַן העכסטן גליק אין קאַמף פאַר עטישע אידעאַלן; דער ראָמאַנטיקער, וואָס ניט קענענדיק פאַרטראָגן דיווירקלעכקייט פון דעם היינט, אַנט־לויפט ער אָבער נישט פון זייַנע מיט־מענטשן, זיך איינשליסנדיק אין אַ עלפאַנט־ביין טורעם פון אַן אידעאַליזירטן נעכטן, נאָר, אומגעקערט, ער שטעלט זיך מיטן פּנים צו אַ בעסערן מאָרגן פאַר וועלט און מענטש, און באַמיט זיך מיט אַלע זייַנע כוחות צו עפענען די אויגן פון זייַנע מיט־מענטשן, אַז זיי זאָלן דערזען די מעגלעכקייט פון אַט אַזאַ צוקונפט.

גרינבערגס אינטעלעקטועלער נייגיר איז אומדערזעטלעך. זייַנע וויסנשאַפטלעכע אינטערעסן זייַנען פאַרצווייגט; אָבער זייַן באַוועג־גרונד איז קיינמאָל נישט גלאַט אַזוי „וויסן צוליב וויסן". כאַראַקטע־ריסטיש איז אין אַט דער הינזיכט די מיינונג פון וואַלטער ראַטענאַו, מיט וועלכער ער, גרינבערג, הויבט אָן אַן עסיי, וואָס הייסט „אַ רוף צו וויסנשאַפטלער":

„וויסנשאַפט", האָט ער זיך אויסגעדריקט, „ווייס שוין היינט זייער אַ סך, און מאָרגן אָדער איבערמאָרגן וועט זי וויסן אַן ערך מער. זי ווייס „בלויז" ניט די פאַר וויכטיקסטע זאַכן, וואָס מיר, ביד־נע מענטשלעכע ברואים, דאַרפן וויסן, און פון יענע זאַכן, גלויב איך, וועט זי שוין קיין באַגריף נישט קריגן. אייגנטלעך איז עס גאָרנישט איר אויפגאַבע יענע זאַכן צו וויסן, ווייל אין גרונט איז זי געגליכן צו אַ געאָגראַפישער מאַפּע. וואָס איז אַ מאַפּע? אויב איר האָט אַ באַשטימטן פונקט אויפן ערד־קוגל וועלכן איר ווילט דערגרייכן, קען זי אייך נעבן אַ גוטע עצה, וועלכער וועג צו יענעם פונקט איז קירצ־ער אָדער באַקוועמער. די מאַפּע קען אייך אָבער קיינמאָל נישט זאָגן, וועלכן פונקט איר דאַרפט וועלן דערגרייכן. איר איז אַלץ איינס צי ווילט זיך אַוועקלאָזן צום עקוואַטאָר אָדער צום נאָרד־פאָל. זאָלט איר במבע זיין אַ פוילער און בכלל נישט האָבן קיין חשק זיך צו רירן פון אָרט, נעמט זי זיך נישט אונטער אַזאַ חשק אין אייך אַרויסצורופן. נישט זי וויל עס, נישט זי איז דערצו מסוגל". (ז. 32).

אָט דאָס „דאַרפן וועלן דערגרייכן" איז גרינבערגס מאָסשטאַב ביים באַטראַכטן ווינסשאַפט. דאָס מיינט: מיט וואָס ווערט די מענטש־

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

הייט באַרייכערט דורך דער וויסנשאַפט? אויף וויפל ווערט דער מענטשלעכער גייסט דורך איר דערהויבן? ווי שטאַרק ווערט דער מענטשלעכער געדאַנק דורך איר פאַרטיפט? מיט איין וואָרט: ווערט דער מענטש, ווי אַזעלכער, אין זיין האַרץ, אין זיין צוגאַנג צו זיינע מיט־מענטשן דורך איר, בעסער? אָדער איז די וויסנשאַפט אַמאָראַ־ליש און קען אויב אַזוי, ווערן געפערלעך פאַר דער מענטשהייט?

און ווי דריקט זיך גרינערג, צום סוף פון דעם דערמאָנטן עסיי, אויס:

„אַראָפּ דאָס היטל פאַר יעדן כהן פון יעדער וויסנשאַפט; אָבער כהונה איז „עבודה" נאָר ווען הינטער איר און איבער איר שטייט נבואה", דאָס הייסט דער גרונט־געדאַנק פון עטישער פאַרוואָראַנטלעכ־קייט, ווי די טראָג־קראַפט פון סאָציאַלן פּראָגרעס.

וואָס שייך גרינבערגס שטעלונג צו פילאָזאָפיע, איז ער אַ קעגנער פון אַלערליי האָר־שפּאַלטנדיקע, „גייסטרייכע" ספּעקולאַטיווע באַ־טראַכטונגען, וואָס גייען אַוועק פון דער איינציקער פראַגע, וואָס איז באמת טראַנסצענדענטאַל: וואָס איז די מענטשלעכע עקזיסטענץ און וואָס שטעלט זי מיט זיך פאָר אין דער וועלט? אָדער בעסער געזאָגט, האָט אונדזער לעבן אַ זין און אין וואָס באַשטייט ער? ער איז אין פילאָזאָפיע עיקרדיק.

.1953

# אַ בריוו צו דוד פּינסקי

באַליבטער חבר און פאַרערטער מייסטער!

איך שרייב אַט די שורות אונטער דעם איינדרוק פון אייער נשמה-געזעגנג, וואָס ס'איז אייער „ביסל אויטאָביאָגראַפיע", וועלכע איר האָט „צו אַכציק יאָר" פאַרעפנטלעכט אין „טאָג".

איך האָב אָט די „ביסל אויטאָביאָגראַפיע" געלייענט, נאָך אַמאָל איבערגעלייענט און ווידער אַמאָל געלייענט, ווייל זי איז אַ וווּנדער-שיינער מענטשלעכער דאָקומענט — וואָס דערציילט וועגן אַלטקייט, וואָס איז גאָר יונגקייט; וועגן אַלטקייט, וואָס איז נישט קיין באַרג אַראָפּ, נאָר גאָר אַ באַרג אַרויף; וועגן אַלטקייט, וואָס איז נישט קיין פאַרקערפּערונג פון אַ רעטראָספּעקטיוון בליק אויף אַן אָפּגעלעבטן לעבן, נאָר דער אָנהויב פון אַ נייעם קאַפּיטל; מיט איין וואָרט, וועגן אַלטקייט, וואָס אָנשטאָט אָנצורעגן צו שרייבן זכרונות, איז זי גאָר דורכגעדרונגען מיט צוקונפט-ראָמאַנטיק.

און, ווי ס'האָט אַמאָל געזאָגט אַ לאַטיין-אַמעריקאַנישער פּאָעט: „קיען, קע עס, נאָ עס ראָמאַנטיקאָ?" — „ווער, וואָס איז באמת עפּעס, וואָס איז פון ווערט און באַדייט, איז נישט קיין ראָמאַנטיקער?" טאָ וואָס-זשע קען נאָך געזאָגט ווערן עפּעס שענערס וועגן אייך, חבר פּינסקי, ווי פעסטצושטעלן, אַז איר זענט געוואָרן אַ בן-שמונים, זייענדיק אַ ראָמאַנטיקער?

חלומען איז גרונטזעצלעך אַן אייגנשאַפט פון יוגנט. בלויז יענע, וואָס בלייבן אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, גייסטיק, יונג, טראָגן זייערע עלטערע יאָרן אויף די פליגלען פון ראָמאַנטיק. דערפאַר טאַקע האָט אייער עלטער אייער יוגנט נישט פאַרשעמט.

# סאַלאָמאָן קאַהאַן

ווען די ראָמאַנטיק גייט נאָך דערצו האַנט אין האַנט מיט אַ טיפער אורטיילס-פעאיקייט און מיט דער רואיקער זאַכלעכקייט פון פּראַקטישן אידעאַליזם, וואָס נאָר אַ לעבנס-לאַנגע דערפאַרונג קען געבן, דאַן איז דאָס וואָרט פון אַזאַ מין געבענטשטער פּערזענלעכקייט נישט נאָר וואָגיק און וויכטיק, נאָר עס קריגט אויף דעם שטריך פון טראַנסצענדענץ.

וועלכער ציניקער האָט עס אויסגעטראַכט, אַז „ווער ס'איז אין זיין יוגנט נישט געווען קיין ראָמאַנטיקער, האָט קיין האַרץ נישט, אָבער ווער פאַרבלייבט אויף דער עלטער אַ ראָמאַנטיקער, האָט קיין קאָפּ נישט?" אָט זענט איר דאָך, חבר פינסקי, די פאַרקערפּערטע אָפּלייקענונג פון אָט דער לעכטערונג פון דעם שענסטן, וואָס איז דאָ אין דעם מענטשן. די זעלטענע אינטעלעקטועלע פאַרטיפונג, די פולקאָמסטע אורטייל-רייפקייט, וואָס פילט זיך אין יעדער פראַזע פון אייער „ביסל אויטאָביאָגראַפיע", וואָס איר, דער בן-שמונים האָט אָנגעשריבן, — גייט ביי אייך פּאַראַלעל מיט צוקונפט-וויזיעס, וואָס בלויז פאַרוואָרצלטע ראָמאַנטיק, וואָס דורכדרינגט דעם גייסט דורך און דורך, קען מעגלעך מאַכן אויסצוטרוימען.

און איצט דערלויבט מיר, מייסטער פינסקי, צו ברענגען אַ פּאָר ביישפּילן פון גרויסע פּערזענלעכקייטן פון דעם געביט, וואָס איז מיר צום ליבסטן, דעם מוזיקאַלישן, וואָס מיט זיי, ווי רומפולע „אַכציקער", ווילט זיך מיר אייך פאַרגלייכן.

„אין מיר זינגט עס", זאָגט איר „צו אַכציק יאָר", און איר זענט גרייט צו גיין „צו אַ נייעם גוטן אָנהויב". געבענטשט, חבר פינסקי, איז אַזאַ זקנה, וואָס קען פאַרגליכן ווערן מיט דער עלטער פון אַ היידן, וועלכער האָט ערשט דאַן, נאָך לאַנגע יאָרן פון פרוכטבאַרער שאַפונג, ווי „דער פאָטער פון דעם סימפאָנישן זשאַנר", געפילט, ווי איר פילט עס, אַז „אין אים זינגט עס" און ער האָט געמאַכט „אַ נייעם גוטן אָנהויב", באַשענקענדיק זיין אייגענעם דור און אַלע ווייטערדיקע דורות מיט זיינע טיטאַנישע קאָמפּאָזיציעס, וואָס ס'זיינען די אומשטערבלעכע אָראַטאָריעס „די באַשאַפונג פון דער וועלט" און „די פיר צייטן פון יאָר".

ס'האָט אויך ווערדי, האָבנדיק דערגרייכט אייער איצטיקן עלטער, געפילט, אַז „אין אים זינגט עס", און אויך ער האָט געמאַכט „אַ נייעם גוטן אָנהויב", באַשאַפנדיק אין זיינע „אַכציקער" די צוויי אָפּערעס, בעסער געזאָגט, מוזיק-דראַמען, וואָס האָבן, נאָך אין אַ

גרעסערער מאָס, ווי אַלע זיינע פריערדיקע ריזן־לייסטונגען ווי אַ קאָמ־פּאָזיטאָר, אים געזיכערט אַן ערן־פּלאַץ אין דעם „פּאַנטעאָן" פון די אומשטערבלעכע: „אַטעלאַ" און „פאַלסטאַף".

דערפאַר בין איך זיכער, מייסטער פינסקי, אַז אויך אייער נייער קאַפּיטל, ווי אַ קינסטלער, וועט זיין אַ גלאָררייכער און אַז „גרוים וועט זיין די צוקונפט". און כאָטש אייער פּלאַץ, ווי אַ קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, איז שוין לאַנג, לאַנג, נאָך פון דער צייט, ווען איר האָט געשאַפן „די פאַמיליע צבי", געזיכערט, — וועט איר אָבער אין דעם „נייעם קאַפּיטל", וואָס איר הויבט איצט, צו אייערע אכציק יאָר, אָן, גיין צו אַלע גרעסערע קינסטלערישע זיגן, צו אַלע העכערע דערגרייכונגען ווי אַ קענער פון דער מענטשלעכער נשמה און ווי אַ מייסטער־פורעמער פון איר אויסדוק דורך דעם קינסטלע־ריש־געלייטערטן וואָרט.

אין דער זיכערקייט, אַז אַזוי וועט עס טאַקע זיין, פאַרוואָרצלט מיך דאָס באַוווסטזיין פון דער ברייטקייט און ווייטקייט פון אייער גייסטיקן האָריזאָנט, און די פרעכטיקייט פון אייער אידייען־וועלט. מיך אַנטציקט דאָס, וואָס איר, דער בן־שמונים, לאָזט נישט צו, אַז עס זאָל אין אייך אריינדרינגען דער מיקראָב פון פעסימיזם, נישט וואָס שייך אייער פערזענלעכער צוקונפט, און אויך נישט וואָס אַנבאַ־טרעפט די אַלגעמיין־יידישע צוקונפט און די צוקונפט פון דער וועלט.

אַ סך אינגערע פון אייך, חבר פינסקי, האָבן זיך מיאש געווען און געזאָגט דער וועלט „אַ גוטע נאַכט!" אייער גלויבן אָבער אין אַ ליכטיקערן מאָרגן פון דער וועלט איז געבליבן פעלזן־פעסט. ווי אַ פרייהייטלעכער סאָציאַליסט, וואָס דאָס מיינט ווי אַ טיפער הומאַ־ניסט, שטייט איר איצט, פונקט אַזוי ווי פריער, און נישט געקוקט אויף אַלערליי שוואַרצע וואָלקנס, מיטן פנים צו דער וועלט, צו דער וועלט, וואָס בענקט, אַזוי ווי איר, נאָך רעאַליזירונג פון ישעיהס צוקונפט־טרוימען.

און, נישט פאַרמאַכנדיק די אויגן אויף דעם פאַקט, אַז „נישט אַלץ איז נאָך פולקאָם אין אונדזער לאַנד", און אויך זיך נישט לאָזנדיק פאַרפירן פון מאָמענטאַנע דעפרעסיע־שטימונגען, — האַלט איר אייע־רע אויגן ברייט אָפן אויף „דעם אומגעהויער פיל אויפגעטאַנענעם", און אייער גייסט שוועבט אין דער „גלענצנדיקער צוקונפט".

קען דען נאָך זיין אַ בעסערער קוואַל פאַר אייער קינסטלערישער אינספּיראַציע, ווי דער אומצעשטערבאַרער גלויבן אין אַ ליכטיקערן

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

מאָרגן פאַר דער וועלט און אין דער ליכטיקער צוקונפט פון ישראל?

דערפון נעמט זיך אויך מיין איבערצייגונג, אַז איר וועט נאָך שאַפן אַ סך מייסטערווערק אין משך פון אייער „נייעם קאַפּיטל", וואָס איך ווינטש אייך, חבר פּינסקי, ווי אויך אונדז אַלעמען, פאַר וועמען איר זענט אַ גייסטיקער פאָנען־טרעגער, — אַז ער זאָל דויערן נאָך לאַנגע יאָרן פון „מיטמאַכן די נייע ישראל־ווירקלעכקייט" און פון „זען זעאונגען פון גרויסן נחת".

1952.

# די פּערזענלעכקייט מינקאָוו

ראשית כל, אַפּעלירט צו מיר גאָר שטאַרק זיין הומאַניזם. ער איז אין דער הייגטצייטיקער יידישער קולטור־ספערע איינער פון די געציילטע מענטשן פון אונטעלעקט, וואָס האָבן אַזאַ שטאַרקע, קיינ־מאָל זיך ניט שטילנדיקע דורשט צו עכטע קולטור־ווערטן, צו ווערטן, וואָס דערהויבן דעם מענטשן און סטימולירן אים אין שעפערישן זין. זיין קולטור־האָריזאָנט איז אַ ווייטער, זיין גייסטיק אויג איז ברייט צועפנט. אין די ליטעראַטורן פון אַלע צייטן און אין דער קונסט, און אירע פאַרשידענע פאָרמען, פון אַלע עפּאָכן, פילט ער זיך אין דער היים.

אָבער ער איז דערביי ניט קיין פאָרמאַליסט: ער גיט זיך אָפּ חשבון, אַז הינטער די מאָנומענטאַלע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַ־טור און הינטער די אַנטציקנדיקע שאַפונגען אויף די פאַרשידענע געביטן פון קונסט, זיינען געשטאַנען מענטשן, לעבעדיקע מענטשן, מיט זייערע ליידן און פריידן, מיט זייערע האָפנונגען און אַנטוישונ־גען, מיט זייער ליבע און האַס; און נאָכמער: אַט די אַלע גרויסע גייסטער האָבן געלעבט אין געוויסע צייטן און אין געוויסע סביבות. זיין קולטורעל־קינסטלערישער אינטערעס איז פאַרוואָרצלט ניט בלויז אין דער ליטעראַרישער און קינסטלערישער־שאַפונג, נאָר אויך אין דעם שאַפער און אין זיינע מיט־מענטשן; מיט איין וואָרט, אין דער ליידנדיקער און שטרעבנדיקער מענטשהייט.

אַן אַנדער כאַראַקטעריסטישער שטריך זיינער איז זיין שטענדיק אימפּאָנירנדיקע פשטות, זיין אַריסטאָקראַטישע איינפאַכקייט אין וואָרט און שריפט.

ער געהערט צו יענעם זעלטענעם טיפּ פון מענטשן מיט גרויסן

וויסן, וואס דער גייסטיקער קאנטאקט מיט זיי איז ניט נאר אן אינ־טעלעקטועלע בארייכערונג, נאר א אויך גייסטיק פארגעניגן. זיין אויסערגעוויינלעכע ערודיציע גיט זיך זיינע צוהערער אדער לייענער איבער שפּילעוודיק. ער האט באוועלטיקט דעם סוד, וואס בלויז ווייניקע האבן דעם שליסל צו אים, פון זיין אן אקאדעמיקער אין בעסטן און שענסטן זין פון אט דעם אזוי אפט גארנישט קיין סימפּאטישע אידייען־אסאציאציעס ארויסרופנדיקן װארט; פון זיין אן ערשט־ראנגיקער אוניווערזיטעט־פּראפעסאר אן דעם גאנצן ארסענאל פון שווערפאליקייט, וואס גייט געוויינלעך צוזאמען מיט „פּראפעסארישקייט". אים זיינען איינגאנצן פרעמד די אלערליי „פּראפעסארישע" פּליטערלעך און „אקאדעמישע" לאבירינטישקייט.

ווען איך לייען אום, ווי דעם ליטעראטור־קריטיקער אדער פארשער, אדער ווי דעם קונסט־ליבהאבער, וואס א וועזנטלעכער טייל פון זיין קינסטלערישער גייסטיקייט איז דאס שטענדיקע זוכן נייע פארמען, אנטלויפנדיק פון רוטין, — פיל איך, אז מיט אים קען איך גיין א לאנגן וועג צוזאמען, ווי א געניסער פון דעם גייסט־דערהויבנדיקן פּראצעס פון אינטעלעקטועלער פארטיפונג און פון עסטעטישער קאנטעמפּלאציע.

ווען איך הער אים רעדן „עקס קאטעדרא", האב איך דעם איינדרוק פון איינעם פון די שענסטן סימביאזן, וואס מען קען זיך פארשטעלן: דאס צוזאמענלעבן, אין א באמת קלאסישער פּראפּארץ, פון א וויסנשאפטלער מיט א פארווארצלטער ליבע צו אינטעלעקטועלער געאָרדנטקייט און סיסטעמאטישקייט, און א קינסטלער פון גאטס גנאד, וואס דאס גערעדטע ווארט ווערט דורך אים געפורעמט, מאָמענטנוויז ווי מאסיווע גראניט־בלאקן פון א דאנאטעלא, און ניט זעלטן, ווי די פיינע פיליגראן־שניצערייען פון א בענווענוטא טשעליני.

זיין בענוויגטקייט צו קולטור־אוניווערסאליזם, זיין עסטעטיש געפיל, זיין טיפער זין פאר קונסט, — דאס אלץ שטראלט ארויס פון מינקאוון, דעם קינסטלער־לעקטאר.

אבער זיין גייסטיק בילד, ווי איך זע עס, וואלט, פון מיין קוקווינקל, ניט געווען גאנץ, ווען איך וואלט ניט ארויסגעבראכט נאך איין שטריך זיינעם. דאס איז זיין פארווארצלטע נישט־אפּארטוניסטישקייט, זיין מערקווירדיקע ערלעכקייט צו זיך אליין אויף אלע וועגן און שטעגן פון גייסט און אינטעלעקט, וואס ער באטרעט.

איך האב זעלטן ווען באגעגנט א שריפטשטעלער אדער דיכטער,

וואָס פּאָפּולאַריטעט זאָל פּאַר אים אַזוי ווייניק באַדייטן, ווי פּאַר אים. טריי צו זיינע איבערצייגונגען אויפן געביט פון גייסט, אינטעלעקט און קינסטלעריש-שעפערישן אויסלעבן זיך, גייט ער שטענדיק זיין אייגענעם וועג, און דאָס בלייבן אין דער מינדערהייט, אָדער גאָר אַליין, האָט אים קיינמאָל ניט אָפּגעשראָקן. אָט די ערלעכקייט צו זיך אַליין איז דאָך די וועזנטלעכסטע, און דערפאַר טאַקע אויך די שווערסטע, פון אַע מינים ערלעכקייטן.

זיינען טאַקע אָט די דריי גרונטשטריכן פון נחום מינקאָווס גייס־טיקער פּערזענלעכקייט: זיין טיפער הומאַניזם, זיין וווּנדערלעכע קאָמבינאַציע פון דעם אַקאַדעמיקער און קינסטלער־רעדנער אויף דער קאַטעדרע, און זיין אומקאָמפּראָמיסלעכע, פעלזן־פעסטע ערלעכקייט צו זיך אַליין, ווי אַ דיכטער און שריפטשטעלער, — דער פונדאַמענט פון מיין באַוווּנדערונג פון דער אייגנאַרטיקער דער־שיינונג, וואָס נ. ב. מינקאָוו איז אין דער היינטצייטיקער יידישער קולטור־וועלט.

.1952

# משה טובם רעדנער־קונסט

יעדער, וואָס איז באַקאַנט מיט די העכערע געביטן פון קאָמ־פּאָזיציע־געבוי און פון מוזיקאַלישן אויסדרוק, ווייס, אַז דאָס העכ־סטע, וואָס אַ מוזיק־שאַפער קען דערגרייכן אין אינסטרומענטאַלער מוזיק, איז נישט גראָד אַ גרויס ווערק פאַר אַ סימפאָנישן צוזאַמענ־שפּיל. די העכסטע מדרגה אין קאָמפּאָזיציע איז ניט אַ מוזיקאַלישע שאַפונג פאַר דעם הונדערט־קעפּיקן אָרקעסטער, נאָר גראָד פאַר דער באַשיידענער צאָל שפּילער, וואָס שטעלן צונויף דעם קאַמער־אָרקעס־טער, און נאָך מער, פאַר די דריי אָדער פיר מוזיקער, וואָס, צוזאַמען, זיינען זיי אַ „טריאָ" אָדער אַ קוואַרטעט. די העכסטע באַרג־שפּיצן פון מוזיקאַלישן זשעני האָט בעטהאָווען דערגרייכט נישט אין זיין באַרימטער ניינטער סימפאָניע, אין וועלכער ס'פיגורירן אָרקעסטער, כאָר און סאָליסטן, נאָר דווקא אין זיינע לעצטע דריי שטרייך־קוואַר־טעטן, אין וועלכע זיינע מעדיטאַציעס וועגן מענטש און וועלט, באַפרייט פון דעם עלעמענט פון ליידנשאַפט, טראָגן אַן איבער־ערדישן כאַראַקטער. ניט דער גרויסער אָרקעסטער, מיט זיינע באַרוישונג־און אָפּטמאָל פאַרטויבונג־מעגלעכקייטן, נאָר דער גאָר קליינער קאַמער־אַנסאַמבל גיט דעם קאָמפּאָזיטאָר די מעגלעכקייט צו עפענען די טויערן פון די העכסטע מוזיקאַלישע הימלען. דער „בקולות וברקים" איז אַ נידעריקערע שטופע, פון דעם „קול דממה דקה". אַזוי אין רעליגיע און אַזוי אויך אין דעם געביט פון קונסט.

און וועלכע פון די אַנדערע קונסטן — מיטן אויסנאַם פון פּאָעזיע און קינסטלערישער פּראָזע, שטייט דען אַזוי האַרט אויף דער גרענעץ פון מוזיק, ווי דאָס גערעדטע, און ספּעציעל דאָס רעדנערישע וואָרט? ד"ר טובם רעדנערישע אַרט געהערט נישט צו דעם „בקולות ובר־

קים"־זשאַנד; זי איז שטענדיק און אומעטום קאַמער־מוזיק. זי דער־שטוינט נישט, זי פאַרטויבט נישט. זי געהערט נישט צו יענעם מין קינסטלערישע דערשיינונגען, וואָס דער רוסישער היסטאָריקער קאַ־ראַמזין האָט אַזוי טרעפלעך כאַראַקטעריזירט, ווען ער האָט באַשריבן דעם ריינישן וואַסערפאַל: „זיין אַנבליק האָט מיך דערשטוינט, אָבער נישט פאַרכישופט".

משה טובס רעדנער־קונסט פּאַסט זיך פיל מער אַריין אין גאַגאָלס פּאָעטישן זאַץ: „ווונדערלעך איז דער דניעפּר, ווען אין אַ שטילן ווע־טער שטראָמען רחבותדיק זיינע וואַסערן דורך בערג און טאָלן".

ס'איז דאָ כישוף אין משה טובס רעדנערישער געשטאַלטונג פון זיינע געדאַנקען און געפילן. אומבאַמערקט פאַר דעם צוהערער, ציט אים דער רעדנער אַריין אין דעם קרייז פון זיינע מעדיטאַציעס, ביל־דעריש אַרויסגעבראַכט, און, ווי געפירט דורך אַ דיכטער־„טשיטשע־ראָנע" איבער די זאַלן פון „לואַוור" אָדער פון דעם „פּראַדאָ"־מוזיי, באַמערקט ער, דער צוהערער, נישט ווי די צייט גייט אים אַוועק. דאָס איז די געהיימנים פון ד"ר טובס פעאיקייט צו רעדן צו אַן עולם צוויי און מער שעה, און ביים ענדיקן, לאָזן זיינע צוהערער אין אַ אינטעלעקטועלער און עמאָציאָנעלער אַטמאָספערע, וואָס איז גינס־טיק פאַר הערן אים נאָך אַ מאָל אַזוי פיל.

ד"ר טובס אַ רעדע איז ראשית כל אַ מעדיטאַציע, אין וועלכער עס ווערן אַריינגעצויגן זיינע צוהערער. ער קען האַלטן געשפּאַנט אַ גרויסע אוידיטאָריע, אָבער ער איז קיינמאָל נישט קיין „מאַסן"־רעדנער, און נאָך ווייניקער אַ „מיטינג"־רעדנער. דער עלעמענט פון אַפעקטאַ־ציע, וואָס אָן דעם איז דער טיפּישער מיטינג־רעדנער אַזוי ווי אַ פיש אויף דער יבשה, איז משה טובן אָרגאַניש פרעמד.

דער טיפּישער מיטינג־רעדנער אַפּעלירט גרונטזעצלעך צום געפיל און צו דער פאַנטאַזיע פון זיינע צוהערער, און אויב ער איז אַ דעמאַגאָג, רעדט ער צו זייערע אינסטינקטן. דאָס איז „אָרקעסטער", וואָס גאָר אָפט באַרוישט און באַטויבט ער.

גאַנץ אַנדערש איז אָבער דער פאַל פון דעם „קאַמער־מוזיק"־רעד־נער. ער איז אין זיין גרונט־וועזן אינטעלעקטועל, כאָטש דאָ און דאָרט פּילט זיך פון זיין רעדן אַרויס אַ שטאַרק עמיציאָנעלער אונטערטאָן. ד"ר טובס רעדן איז הויפּטזעכלעך געווענדעט צו זיינע צוהערערס שכל, הישר, צו זייער אינטעליגענץ. די בריק צווישן זיינע געדאַנקען און זייער אויפנאַמס־פעאיקייט איז די בילדלעכקייט פון זיין שפּראַך.

## סאַלאָמאָן קאַהאַן

אַ ווייטערדיקער עלעמענט פון דעם כישוף, וואָס משה טוב איבט, ווי אַ רעדנער, אוים אויף זיינע צוהערער, איז די עפּישע רואיקייט, וואָס ס'פילט זיך אין דער גייסטיקער אַטמאָספערע פון זיין רעדן. דאָס איז די רואיקייט וואָס קומט פון פולקאָמענער האַרמאָניע אין דער פערזענלעכקייט פון דעם רעדנער, ווי אויך פון זיין טיף פאַרוואָרצלטן באַוווסטזיין וועגן דעם עטישן ווערט פון זיינע אידייען. אָט דאָס רו־איקע פליסן פון זיין געדאַנק העלפט איז נישט קיין קלענער מאָס צו שאַפן אין זיינע צוהערער דעם נויטיקן שטראָם פון גייסטיקער סימפּאַטיע און פון ריין־מענטשלעכן צוטרוי פון די צוהערער צום רעדנער.

דערפאַר איז אויך נאַטירלעך ד"ר טובס שטימלעכער בלויז „מעצצאָ־פאָרטע", ווען ער וויל עפּעס שטאַרק אַקצענטירן. ער דאַרף נישט אָנקומען, און קומט אויך נישט אָן צו די „הויכע טענער". ער איז איבערצייגנד אָן זיי. זיין דורכשניטלעכער טאָן איז דער קאָנווער־זאַציע־טאָן, אָבער ווי עס „קאָנווערזירט" אַ מענטש, וואָס ווייס, אַז ער האָט אויך צוהערער, וואָס געפינען זיך אין דעם אַנדערן עק פון אַ גרויסן טעאַטער־זאַל. דאָס איז יענע, שווער דערגרייכבאַרע קונסט פון דעם בינע־קינסטלער, וועלכער, רעדנדיק, ווען די ראָלע פאָדערט עס, „פּיאַניסימאָ" אויף ער סצענע, טוט ער עס אָבער אַזוי, אַז אויך דער צוהערער אויף דער אויבערשטער גאַלעריע זאָל עס הערן.

ד"ר טוב איז אין זיין רעדן איינפאַך, ס'איז אָבער יענע זעלטענע, נישט געקינצלטע איינפאַכקייט, וואָס איז אייגן בלויז אַריסטאָקראַטן פון גייסט. ס'איז יענע איינפאַכקייט, וואָס אויפן געביט פון מוזיק איז זי אַ נישט דערגרייכבאַרער טרוים פאַר גאָר אַ סך קאָמפּאָזיטאָרן, און וואָס בלויז פאַר יחידי סגולה, ווי, צום ביישפּיל, סקאַרלאַטי און מאָצאַרט, איז זי, מוזיקאַליש, בלוט פון זייער בלוט און פליש פון זייער פליש.

אָט די אַריסטאָקראַטישע איינפאַכקייט שטערט אָבער אָט דעם וואָרט־קינסטלער נישט צו זיין קרעזוס־רייך אין שפּראַכלעכע מיטלען צו מאַכן גראַפישער, פּלאַסטישער און בילדלעכער דעם אויסדרוק פון זיינע אידייען און געדאַנקען. מיט דעם געזונטן חוש פון דעם געבוי־רענעם קינסטלער פאַר מאָס און פּראָפּאָרץ, דערגייט עס פונדעסט־וועגן ביי אים קיין מאָל נישט צו קיין שפּראַכלעכן „באַראָקאָ", צו איבערגעלאַדנקייט פון דער פראַזע. זי איז ביי אים רונד אָדער אָוואַל, אָבער נישט געשוואָלן. דאָס קומט פון זיין מייסטערשאַפט אין דעם

באַנוצן דעם אַדיעקטיוו, דעם עפּיטעט. אַט גיט ער צום ביישפּיל אַ זאַג: „עסטע פּאַים נאָבלע, כענעראָסאַ, ליברע אי בראַוויאַ". האָט איר דאָ פיר אַדיעקטיוון, פון וועלכע איר קענט קיין איינעם ניט עלי־מינירן, ווייל יעדער פון זיי גיט צו אַ שאַטירונג וואָס איז נויטיק פאַר דער פולקייט פון זיין כאַראַקטעריסטיק. אָדער, ווען ער רופט אָן אַ שול „טאַיער איקאַלטענאַ", גיט ער אייך צוויי ענלעכע, אָבער ווייט ניט אידענטישע באַגריפן, וואָס אָן זיי וואָלט דער גרונט־באַגריף „שול" ניט געוועזן פול. ד"ר טובס בילדלעכקייט קומט טאַקע אין אַ גרויסער מאָס פון זיין וווּנדערלעכער מייסטערשאַפט אין דעם באַנוצן סינאָ־נימען, און „ווער עס באַהערשט דעם סינאָנים", האָט זיך אויסגעד־דריקט אַ באַרימטער שפּראַכן־פאָרשער, „דער איז דער מייסטער פון דער שפּראַך".

ווירטואָזיטעט אַליין מאַכט נאָך נישט דעם קינסטלער, ווייל זי איז בלויז דער מיטל פאַר דעם קינסטלערישן אויסדרוק. אָבער אָן ווירטואָזיטעט, ווי אַ פאָרבאַדינג, ווי אַ „סינע קוואַ נאָן", קען מען קיין קינסטלער נישט זיין. דאָס איז „חוק נתן ולא יעבר" וועגן יעדער קונסט, די רעדנער־קונסט אַריינגערעכנט. ד"ר משה טוב איז איינער פון די גרעסטע היינטצייטיקע ווירטואָזן פון זיין אינסטרומענט: די שפּאַנישע שפּראַך שפּרודלט אין זיין מויל און לייכט מיט אַלע פאַרבן פון דעם רעגנבויגן. זיין שפּאַניש קלינגט ווי די שענסטע מוזיק. עס איז אין זיין מויל פונקט אַזוי פּרעכטיק, ווי דאָס קינסטלערישע „ליד" פון שובערט, וואָס טראָגט אין זיך אַליין אַלע אויסדרוק־עלעמענטן און אויסדרוק־מעגלעכקייטן, מאַכנדיק דערפאַר אומנויטיק פאַרן אינ־טערפּרעטירנדיקן קינסטלער ספּעציעלע מימיק און זשעסטיקולאַציע. די שפּראַך פון סערוואַנטעס און רובען דאַריאָ, ווען גערעדט דורך דעם מייסטער־רעדנער משה טוב, דערגרייכט איר גרעסטע שלימות, ווי אַן אויסדרוק־מיטל פון דערהויבענעם געדאַנק און פון נאָבעלער עמאָציע. אין משה טובס מויל ווערט שפּאַניש גלאָריפיצירט.

גייסטיקער אַריסטאָקראַט, טיפער דענקער, מייסטער פון דער אַראַטאָרישער פאָרם און צויבערער פון דער שפּאַנישער שפּראַך, איז ד"ר טוב איינע פון די גרעסטע היינטצייטיקע פיגורן אויף דער רעד־נער־טריבונע.

.1952

# יאַני פײנס פּילזײטיקער טאַלאַנט

פונקט אַזוי ווי די נאַטור קען אַמאָל זײַן קאַרג, שוין צו קאַרג, בנוגע די מעלות, וואָס זי גיט מיט אַ מענטשן אויף זײַן לעבנס־וועג, איז זי אין געוויסע פֿאַלן פֿרײגעביק ביז צו דער העכסטער מדרגה. וואָס שײך יאַני פײן, האָט זי אינגאַנצן פֿאַרגעסן וועגן שפּאָרזאַמקײט און האָט אים באַשענקט מיט פּילפּאַכן טאַלאַנט.

ס׳קענען אײך יאָ אָדער נישט אַנטציקן די בילדער פֿון דעם קינסטלער־מאָלער יאַני פײן; אײן זאַך איז אָבער זיכער: גלײַכגילטיק וועט איר זײ נישט קענען פֿאַרבײַגײן. דער צער און צאָרן פֿון אַ פֿאַרחושכטער וועלט איז אין זײ אויסגעגאָסן, און לאַנג נאָכדעם ווי איר האָט באַזוכט זײַנע אַן אויסשטעלונג, וועט אײך פֿאַרפֿאָלגן דער וועלט־שמערץ, דער אומענדלעכער טרויער פֿון דער מענטשלעכער וועלט, מיט וועלכן ס׳אָטעמען זײַנע נאַטור־פּײזאַזשן. געוויס: זײַנע בילדער זײַנען נישט פֿון דעם מין, וואָס מיר רופֿן אָן לאַקריץ־זים, ווײַל (און זאָל מיר דאָ דערלויבט זײַן זיך אַלײן צו ציטירן) „יאַני פײן האָט דעם גאַנצן צער און צאָרן, דאָס גאַנצע לײד און פּײן פֿון דער איצטיקער בין־השמשות־צײַט פֿון דער וועלט אין זיך אַרײַנגענומען, און איר אויף לײַוונטן און אין צײכנונגען אויסגעדריקט".

און צוזאַמען מיט דעם אַזוי באַגאַבטן קינסטלער־מאָלער, הויזט דער פֿײַנער דיכטער יאַני פײן, דער פּאָעט, וואָס אָט (אין זײַן ווײַט ניט גענוג אָפּגעשאַצטן בוך „אַ תליה אונטער די שטערן") געפֿונען „דאָס צאַרטע וואָרט" פֿאַר מענטשלעכע איבערלעבונגען, וואָס זײַנען אַסטראָנאָמיש־ווײַט פֿון צאַרטקײט, ווי עס זײַנען עס געווען דער פּאָעטס ביטערע דערפֿאַרונגען פֿון די מלחמה־יאָרן אין שאַנכײַ, וואָס כאָטש ניט אָפֿיציעל, איז דאָרט פּאַקטיש געווען אַ קאָנצענטראַציע־

לאַגער, מיט אַלץ, וואָס דאָס האָט פאַר די פּליטים פון ווילנע באַדייט פיזיש און נאָכמער פסיכיש.

„ס'איז אומעטיק צו לעבן אויף דער קליינער וועלט,
צי לויענט זיך וועגן דעם נאָך לידער שרייבן?
דער בייזער בעטלער שפּייט און שעלט,
און איך, איך גיי מיר צאַרטע ווערטער קלייבן".

אָבער דאָס וואָס זיין וואָרט איז ראַפינירט, הייסט נאָך ניט, אַז עס איז ניט שטאַרק געניג. ער קען, יאַני פיין, אויך אין זיינע פּערזן מאַכן אויף אונדז דעם טיפן איינדרוק פון מענטשלעכער דראַמע, וואָס זיינע לייוועגטן און צייכנונגען לאָזן אונדז איבער:

„די רו פון זאַטע איז ענלעך צו אַ פעטער מויז.
און זייער שרעק, צו אויסגעהאַקטע, ברייטע שויבן,
פון פריסטער יוגנט קען איך דעם הונגער בלויז.
דעם אַלטן הפקר-גאַסט וויל קיינער מיר ניט רויבן".

האָבן מיר פאַר זיך שוין דעם קינסטלער-מאָלער און דעם קינסט-לער-פּאָעט. אָבער די נאַטור האָט זיך, וואָס שייך יאַני פיין, ביי דעם ניט אָפּגעשטעלט; האָט זי אים געבענטשט מיט אַ רעדנער-טאַלאַנט, וואָס איז סווערען. וועגן וואָס יאַני פיין זאָל ניט רעדן אין דער עפנ-טלעכקייט — און ער איז זייער שטרענג צו זיך ביים אויסוויילן זיינע טעמעס — האַלט ער געשפּאַנט — פאַרכשופט איז דאָס ריכטי-קע וואָרט — זיינע צוהערער. מען קען אים הערן שעהן-לאַנג, ווייל ער האָט וואָס צו זאָגן און ער זאָגט עס אין אַ פאָרם, אין וועלכער די אינטעלעקטועלע סאָלידקייט איז איינגעוויקלט אין לירישע אונטער-טענער. הייגט ווער רעדט נאָך, אַז עס קומט אים אויס צו זיין אַ לעקטאָר אויף טעמעס פון קונסט! דאָס גרויסע גייסטיקע פאַרגעניגן וואָס יאַני פיין פאַרשאַפט דאָ, און די טיפע עסטעטישע עמאָציעס, וואָס ער רופט אין צוהערער אַרויס, וועט קיינער, וואָס האָט געהאַט די פּריווילעגיע בייצווווינען איינעם פון זיינע אַזעלכע רעפעראַטן, קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

איז דאָס אפשר איינע פון די דערקלערונגען פאַרוואָס ביי די תלמידים פון יאַני פיין, דעם שול-לערער, האָט זיך געשאַפן כמעט אַ קולט אים קעגנאיבער.

קינסטלער-מאָלער, דיכטער, לעקטאָר, פּעדאַגאָג — אָט די אַלע

עלעמענטן מאַכן יאַני פיין ענלעך צו געוויסע טיפּן, וואָס זיינען געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער רענעסאַנס-צייט, ווען דער מענטש-לעכער גייסט, דער מענטשלעכער אינטעלעקט, האָט אומדערמידלעך געזוכט אַלץ מער און מער אויסצוברייטערן דעם מענטשנס האָריזאָנטן.

אָבער דאָס אַלץ קריגט אין דער פּערזענלעכקייט יאַני פיין אַ טיפערע באַדייטונג, ווען מיר באַקענען זיך מיט אים, ווי מיט דעם מענטשן יאַני פיין. ערשט דאַן ווערט אונדז קלאָר ווי טיף ער, יאַני פיין, איז פאַרוואָרצלט ווי אַ גייסטיקער אַריסטאָקראַט.

מעלות פון גייסטיקער פּערזענלעכקייט זיינען נאָך ווייט ניט דאָס זעלבע ווי מדות טובות, און יאַני פיין איז צו אַלע זיינע מעלות אויך — און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע — אַ בעל מדות.

ער איז ראשית כל אַ ריינער, אַן עטיש ריינער מענטש. קעגנ-איבער יעדער אומערלעכקייט, צי בנוגע אַנדערע אָדער צו זיך אַליין, האָט ער אויפבאַוואַרט און אַנטציקנדיקע נאַאיוויטעט, וואָס איז אויס-געדריקט אין איינעם פון זיינע לידער אויף אָט דעם אופן:

„לאָמיר ווערן קליינע קינדער,
די שפּיל אין גרויסע איז מיר דערעסן,
ווי לאַנג קען מען דען מענטשן נאַרן,
אָדער צו אָפּנאַרן פאַרגעסן?"

ווען מען קען אים נאָענטער, זעט מען, אַז עס שטראַלט פון אים אַרויס עפּעס פון ד"ר שטאָקמאַנס, איבסענס באַליבטן העלדס, עטיש ליכט. פונקט ווי דער „פאָלקספיינד" האָט זיך געפילט שטאַרק, ווען ער איז געבליבן אַליין, אַזוי געפינט יאַני פיין מענטשלעכע עכטקייט אין דעם בלייבן מיט זיך אַליין:

„זאָלסט מיך מיט קיינעם ניט פאַרגלייכן,
ווייל עס באַקומט זיך שטענדיק שלעכט,
ס'איז יעדער אין דער וועלט אַליין,
אין דער אַלייניקייט איז ער בלויז עכט".

אָט די אַרויסהויבונג פון אַלייניקייט שטערט אים אָבער ניט אויסצושטראַלן טיפע מענטשלעכקייט און ליבשאַפט צו זיינע מיט-מענטשן. ער, דער צו אַלייניקייט, און במילא צו אינטראָספּעקטיווי-קייט בענייגטער יאַני פיין, איז גראַד איינער פון די נאָה לבריות-

## מעקסיקאַנישע רעפלעקסן

דיקסטע מענטשן, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלן. פונקט אַזוי ווי עס לאָזט אים נישט רוען דאָס לייד און פיין פון דער וועלט, איז ער דורכגענומען מיט ליבשאַפט צום קאָנקרעטן, לעבעדיקן מענטשן פון זיין אוממיטלבאַרער סביבה:

„דעם פריידיקער. וואָס ליגט זיין דרשה אויס אין ווייכן בעט.
האָב איך נאָך פיינט באַקומען איידער כ'בין געבאָרן,
כ'האָב ליב דעם פראָסטן חי־זקים, וואָס זאָגט מיר וואָס ער זעט,
און פון אַ חניפה־וואָרט איז ליבער מיר דער שטאָך פון דאָרן.

אַט אַזוי גייט אָט דער גייסטיקער אַריסטאָקראַט זיין וועג דורכן לעבן, דערפילנדיק, דורך יעדן איינעם פון די טאַלאַנטן זיינע, מיט וועלכע די נאַטור האָט אים אַזוי רייך באַשאָנקען, דעם אָנזאָג פון דעם גרויסן רוסישן דיכטער ניעקראַסאָוו צו זייען קערנדלעך פון גוטס און גייסטיקער דערהויבנקייט, נאָכדעם ווי ער האָט אַליין אַזוי גרינט־לעך זיך אויסגעלערנט דאָס, וואָס ער רופט דיכטעריש־טרעפלעך אַז „דעם שווערן אַלף־בית פון וויי".

.1953

# אשר קאהו, און זיין קוערנאוואקא־גלגול

קוערנאוואקא האט א סך מערקווירדיקייטן. איינע פון זיי איז איר כמעט שטענדיק טיף־בלויער הימל מיט א זון, וואס גלעט און לאשטשעט און ווארעמט אוים יעדעם ביינדעלע אין דיר. אן אידעא־לער קלימאט. אבער קוערנאוואקאס גרעסטע מערקווירדיקייט איז עם נישט.

אן אנדער מערקווערדיקייט פון אט דעם גן־עדן פאר טוריסטן זיינען געווים דיעגא ריוועראס פרעכטיקע מאלערייען אין דעם גו־בערנאטארס פאלאץ, וואס קיין שום קונסט־ליבהאבער און אין דעם הינטערגרונט פון מעקסיקעס געשיכטלעכער דראמע פאראינטערע־סירטער קולטור־מענטש, וועט נישט פארגעסן ארויפצושטעלן אויף זיין קאלענדאר בעת זיין באזוך אין דער הויפטשטאט פון שטאט מארעלאס. אויך זיי זיינען אבער ניט קוערנאוואקאס גרעסטע מערק־ווירדיקייט.

און געהערט דען נישט צו קוערנאוואקאס מערקווירדיקייטן דער אינטים־אנגענעמער יידישער ווינקל דאדט, וואס ס׳שטעלט מיט זיך פאר „אשל", די אפרו־היים, וואס „נדחי ישראל" האט דארט מיט עטלעכע יאר צוריק געגרינדעט און וואס איז איינער פון אירע גרעס־טע אויפטוען? צו קוערנאוואקאס גרעסטער מערקווירדיקייט זיינען מיר נאך אבער אלץ נישט צוגעקומען. לאזט זשע מיר אייך דא מיט איר באקענען.

יעדן פרימארגן קומט אריין פון א שבנישער „ווילא" אין דעם הויף פון אשל" אן עלטערער מאן, וואס אויפן ערשטן בליק דערמאנט ער אייך אין ווילהעלם, דעם לעצטן האהענצאלערן. פעסט זיין שריט, שטאלץ זיין גאנג, און א באפעלקערישקייט איז אויסגעגאסן אין זיין

גאנצן וועזן. איר וואלט געזאגט, אז ער פארקערפערט מיט זיך גיט־שעם פראטאטיפ פון די, וואס זיינען לויט אט דעם דיכטער־פילא־זאפס „וועלט־אנשויאונג”, געבוירן געווארן צו הערשן און באפעלן...

אט דער עלטערער מאן, וואס זעט אויס צו זיין ארום זעכציק יאר אלט, גייט האסטיק דורך דעם „אשל”־הויף, גייט צו צו דער נייער „אשל”־געביידע, וואס האלט זיך אין בויען, און גיט די ארבעטער פאראָרדנונגען און אנווייזונגען וואס, ווו און ווי זיי דארפן טאן. דערליידיקט אט דאס, גייט ער, שוין מיט א לאנגזאמערן טריט, צוריק, זיך אפשטעלנדיק צו שמועסן א ווײַלע מיט דעם אדער יענעם פון די „אשל”־געסט.

ווען איר קוקט זיך דאן צו אים נענטער צו, פארשווינדט דער ערשטער איינדרוק פון אט דעם מענטשנס „האהענצאלערישקייט” און פון אונטער די שטרענגע געזיכט־שטריכן באווייזט זיך א עטוואס מידער שמייכל פון לאנגער לעבנס־דערפארונג, גליקלעכער און אויך טראגישער. איר הערט זיך צו א ביסל צו דעם, וואס ער רעדט, און ס'באווייזט זיך פאר אייך א פערזענלעכקייט, וואס אין זיין „איצט” זוכט זי צו פארגעסן די פארגאנגענהייט, אבער וועלכע וואלט קיין איין טאג נישט געקענט אויסהאלטן, ווען נישט די דערינערונגען פון אט דער פארגאנגענהייט, וואס זיינען אפשר דער איינציקער שטיץ־פונקט און די איינציקע בארעכטיקונג פון איר איצטיקער עקזיסטענץ.

און וואס מער איר הערט זיך צו אים צו און וואס מער איר קוקט זיך צו אים צו, אלץ קלארער ווערט אייך, אז אט דער דריי און אכציק יאריקער זקן (דאס, אז ער איז א זעכציקער איז בלויז געווען א טוישונג, אזוי געזונט און שטארק איז ער נאך) איז איינע פון די קאמפליצירטסטע יידישע פערזענלעכ־קייטן, וואס ס'איז אייך ווען עס איז אויסגעקומען צו באגעגענען.

געווים, י. י. זינגער האט געגעבן אין זיינע „ברידער אשכנזי” א לאנגע קינסטלערישע באשרייבונג פון אט דעם מענטשן (אשר איז זיין נאמען); אבער ער האט אים אין דער פילזייטיקייט, וואס דער אמאליקער קעניג פון דער „ווידזעווער מאנופאקטור” אין דעם פאר דעם מבלדיקן פוילן שטעלט מיט זיך פאר, נישט באנומען. די טעמע אשר קאהן, ניט געקוקט אויף דעם, וואס זינגער האט איר אין זיין בארימטן ראמאן באריהרט, און וואס שלום אש האט אין דעם צווייטן טייל פון זיין נישט ווייניקער בארימטער טרילאגיע זיך אויף א ווײַלע ביי איר אפגעשטעלט, — איז נאך אין דער יידישער ליטערא־

טור נישט געגוג אויסגענוצט און באארבעט געווארן. אשר קאהן ווארט נאך אויף א קינסטלערישע פארקערפערונג, וואס זאל טיפער אריינ־דרינגען אין דער רעטעניש, וואס ער שטעלט מיט זיך פאר.

אז אסקאר קאהן (אזוי איז ער באקאנט געווען אין פוילן) איז איינער פון די גרעסטע אינדוסטריעלע זשעניען פון אונדזער יאר־הונדערט, דאס דארף מען נישט ערשט איצט באווייזן. דאס וואס דער צווייטער געניאלער ייד וואלטער ראטענאו, איז געווען פאר דער „אלגעמיינער עלעקטריציטעט געזעלשאפט" אין דעם דייטשלאנד פון דער ערשטער און נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, דאס איז אשר־אסקאר קאהן געווען פאר דעם אינדוסטריעלן לעבן פון דעם פאר דעם מבולדיקן פוילן. א מלוכה פון דרייסיק טויזנט ארבעטער האט מיט זיך פארגעשטעלט זיין וואס א מאל מער בליענדיקע „ווידזעווער מא־נופאקטור".

אבער קיין יידן האבן אין אט דער אימפעריע נישט געקענט אריינדרינגען. צי צוליב דעם וואס, ווי די פאפולערע ווערסיע וויל עס האבן, אסקאר קאהן האט נישט געוואלט, אז יידן זאלן חלילה מחלל שבת זיין דורך ארבעטן אום שבת, צי צוליב אנדערע סיבות, — דער פאקט בלייבט אבער, אז אין דער גרעסטער טעקסטיל־אונטערנעמונג פון פוילן האט, אונטער אסקאר קאהנס רעזשים, געהערשט דער „קרא־מיע יעווריעיוו"־פרינציפ.

אבער דער זעלבער אסקאר קאהן, וואס איז געווען פארבלענדט פון אסימילאציע־וויזיעס און איז געווען „אין דער היים" אין די פאלאצן פון די רוסישע און פוילישע מאכטהאבער, ווי, צום ביישפיל, אינדוסטריעלע באראנען, אלערליי פירשטן און גראפן און סתם רוסי־שע און פוילישע אריסטאקראטן, — אט דער זעלבער מענטש, וואס האט זיך געהאט אפגעשלאסן פון ארומיקן ברוזנדיקן יידישן לעבן אויף זיבן שלעסער, האט אין דעם פריוואטן קאבינעט פון זיין פא־לאץ גאר אפט זיך אויסגעלעבט טיף יידיש, אין דער וועלט פון תלמוד און חז"ל. דער פון יידן היפש דערווייטערטער אסקאר קאהן איז גע־ווען איינער פון די גרעסטע תלמודיסטן פון דעם פאר דעם מבולדיקן פוילן, און נישט דער בבלי און נישט דער ירושלמי האבן געהאט פאר אים וועלכע ס'איז סודות. ער איז ביי זיך „אין דער היים" מיט ש"ס און פוסקים.

נישט אלעמען איז באקאנט אז אסקאר קאהן איז עם דער זעלבער ר' אשר קאהן וואס אט אנגעשריבן איינעם פון די אריגינעלסטע, גע־

דאַנקענרייכסטע און טיפסטע ספרים, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן דורך אַ מזרח-אייראָפּעאישן יידן אין דעם איצטיקן יאָרהונדערט. (דערשינען אין לאָדזש, אין 1938). „מעדני מלך" הייסט אָט דער ספר פון אומגעפער פיר הונדערט זייטן, וואָס איז אַ פילאָזאָפיש-וויסנ-שאַפטלעכער קאָמענטאַר אויף „משלי", און צו וועלכן נישט קיין קלענערע און שטרענגערע אויטאָריטעט אויף אָט דעם געביט, ווי הלל ציטלין ז"ל האָט אָנגעשריבן אַ לאַנגן און באַגייסטערטן פאָרוואָרט. אָשר קאָהנס ערודיציע ביים באַנוצן זיך מיט קוואַלן, סיי יידיש-רעלי-גיעזע, סיי וועלטלעכע פון אַלערליי זשאַנערן, איז אויסערגעוויינלעך. „מעדני מלך" איז אַ ספר, וואָס, ווי הלל ציטלין עליו השלום האָט געהאַלטן, איז געווען צו זיכער מאַכן פאַר זיין מחבר סמיכות אויף רבנות; פון דער צווייטער זייט אָבער קען דער פילאָזאָפיש-וויסנ-שאַפטלעכער אינהאַלט זיינער גענוג זיין פאַר אַ דאָקטאָר-דיסערטאַציע.

:: :: ::

זיינען דאָס בלויז עטלעכע פון די פילע קעגנזעצלעכע שטריכן פון אָשר-אָסקאַר קאָהן וועלכער, זייענדיק נאָך אויך איצט עקאָנאָמיש פאַרזאָרגט, נישט צו פאַרזינדיקן, זוכט פיבערהאַפט אַן אָנהאַלט פאַר זיין ווייטערדיקן לעבן אין ענטוזיאַסטישער, שלא על מנת לקבל פרס — אַרבעט צווישן און פאַר יידן, וועלנדיק אַזוי אָרום באַטויבן אין זיך די מעכטיקע שטימע, וואָס באַשולדיקט אים געוויס טאָג-איין טאָג-אויס אין האָבן אין זיין לאַנגער און רייכער פאַרגאַנגענהייט באַגאַנ-גען אַזוי פיל שווערע טעותן, און אין האָבן געהאַנדלט אַזוי פאַרברע-כעריש-לייכטזיניק וואָס שייך זיין אַמאָליקן לעבעדיקן יידישן אָרום, צו וועלכן ער איז געווען אַזוי גרויזאַם-קאַלט און פרעמד.

.1951

# זיגמונט טורקאָווס נייער קאַפּיטל

ליבער זיגמונט!

„רינאָוואַרסע אַ מאַרירע". דו, זיגמונט, ביזט ניט פון יענעם טייג געקנאָטן, פון וועלכן ס'קומען אַרויס די „זאָל עס גיין, ווי עס גייט"-מענטשן. דער „מהיכה תיתא"-לעבנס-באַגריף איז דיר פרעמד, און אינערציע, ווי אַ לעבנס-פילאָזאָפיע איז דיר שטענדיק געווען דער-ווידער.

אַזוי לאַנג ווי דו האָסט נישט אָנגעשריבן די „פראַגמענטן פון מיין לעבן", האָסטו אָבער אין זיך, אין דיין טיפערן „איך", נישט גע-קענט איבערווינדן דיין נעכטן, וואָס דאָס מיינט, דיין וואַרשע, מיטן „וויקט"; דיין פּוילן, וואָס דאָס מיינט, דיין דינאַמישע, שפּרודלדיקע קינסטלערישע טעטיקייט, מיט וועלכער ס'פלעגן זיך קוויקן די יידי-שע קולטורעלע מאַסן אין די שטעט און שטעטלעך פון דער פּוילישער מדינה, פון ווילנע ביז לובלין און פון ביאַליסטאָק ביז לעמבערג. מיט וואַרשע, ווי דיין קינסטלערישע הויפּט-קוואַרטיר, האָסטו דיין געניאַ-לע קונסט, ווי אַן אַקטיאָר און רעזשיסאָר, אויסגעשטראַלט איבער אַלע צענטערס און ווינקעלעך פון דעם יידיש-וועלטלעכן קולטור-לעבן פון דעם פאַרן מכולדיקן פּוילן.

איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, אַז דיין עפּעס מער ווי אַ צענט-ליק יאָר אין ריאָ דע זשאַנייראָ איז פאַר דיר געווען אַ פּעריאָד מער פון וועגעטירן, ווי פון באמת לעבן. ס'קען אויך זיין פּראַקטיק-קאַלט אונטער די שטראַלן פון אַ טראָפּישער און אפילו פון אַן עקוואַטאָריאַ-לער זון. ווען די נשמה פון אַ קינסטלער קריגט נישט יענע גייסטיקע וויטאַמינען, וואָס זיינען פאַר אים אַ לעבנסנויטווענדיקייט, כדי ער זאָל קענען רעאַליזירן טאָג-איין, טאָג-אויס יענע טעטיקייט-עקספּאַנ-

סיע, יענעם כל עצמותי תאמרנאַ״, וואָס אָן אים ווערט ער, דער קינסטלער, גענגליכן צו דעם שוסטער פון טאַלטאַים דערציילונג, וועלכער האָט מער נישט געטאָרט זינגען זיינע לידער...

דעם יאָר־צענטליק, וואָס דו, זיגמונט, האָסט פאַרבראַכט אין בראַזיליע, ביזטו דאָרט געווען, אַזוי צו זאָגן, בלויז מעכאַניש. „אני במערב ולבי במזרח״. כאָטש דו ביזט קערפּערלעך געווען אין ריאָ דע זשאַניירע, ביזטו אָבער מיט דיין גאַנצן גייסטיקן וועזן נאָך אַלץ געווען אין וואַרשע. און ביסלעכווייז האָט אָט דער דואַליזם אין דיין לעבן דיך אַלץ מער און שטאַרקער אָנגעהויבן צו מאַטערן. אַזוי האָט עס ווייטער נישט געקענט גיין, ווייל ס׳איז אַנטשטאַנען די געפאַר, אַז דיין בענקשאַפט נאָך דיין „אַמאָל״, וואָס איז פאַרשוווּנדן אויף אייביק, און וואָס מיט אָט דעם פאַקט איז דיר געווען זייער שווער, במעט אוממעגלעך שלום צו מאַכן, — זאָל דיך אין גאַנצן פאַרצערן און דו זאָלסט ביסלעכווייז ווערן אַ שאָטן פון זיגמונט טורקאָוון.

און ווי ס׳איז דער פאַל מיט יעדער באמת שטאַרקער און דינאַמישער פּערזענלעכקייט, האָט עס אין דיין ריאָ דע זשאַניירע־לעבן געמוזט קומען צו אַ קריזיס, צו יענעם גייסטיקן איבערברוך, פון וועלכן, ווי דער לעגענדאַרער פויגל געניקס, וואָס קומט אַרויס אַ באַנייטער פון דעם אש, וואָס איז פאַרבליבן נאָכדעם ווי ער איז פאַרברענט געוואָרן, ביזטו אַרויסגעקומען דער נייער זיגמונט טורקאָוו, וואָס האָט מיר געשריבן דעם מיט אומענדלעכן אָפּטימיזם, מיט גרענעצלאָזער לעבנס־פרייד אָטעמדיקן בריוו פון דעם יידישן היימלאַנד.

דו ביזט, זיגמונט, פאַר דיין אייראָפּע־רייזע און דעם אָנשרייבן די „פאַרגמענטן פון מיין לעבן״, געשטאַנען אויף אַ פרשת דרכים: רעזיגנירן און אויסלעבן דיינע ווייטערדיקע יאָרן אין אַן אימפּאָטענטער, קרענקלעכער ראָמאַנטיק פון בענקעניש נאָך דעם „וואָס געווען, איז געווען און נישטאָ״, אָדער באַטרעטן דעם שווערן און פיינלעכן וועג פון דורכמאַכן די שווערסטע פון אַלע רעוואָלוציעס: די איבערווינדונג פון דעם „אַמאָל״ אין זיך אַליין און ווידער אַמאָל אַרויסגיין דעם לעבן אַנטקעגן.

כדי צו באַזיגן אין זיך דיין פוילן, האָסטו געמוזט נאָך אַמאָל, צום לעצטן מאָל, אַהינקומען און מיט דיינע אייגענע אויגן זען דעם „באַרג חורבן״, ווי זרובבל האָט נאָך זיין באַזוך אין דעם פוילישן עמק חבכה, באַצייכנט דאָס לאַנד פון סעגאַלאָוויטשעס „נישטאָ״...

און כדי צו נעמען דיפיניטיוו אָפּשייד פון דיין פוילן, איז נייטיק

געווען, אַז די זאָלסט אַט דעם פּוילן, ווי אַ טייערן פאַרשטאָרבענעם, אַ דענקמאָל אויפשטעלן; אַ דענקמאָל, ראשית כל, כדי דו אַליין זאָלסט זיך קענען באַרואיקן און אָנהייבן קאָנקרעט צו טראַכטן וועגן אַריבערגיין אין דיין לעבן, ווי אַ יידישער קינסטלער, צו דער טאָג־אַרדנונג...

דו האָסט געמוזט אויפשטעלן אַ ליטעראַרישן מאָנומענט פאַר יענע טייערע פּוילישע יידן, וואָס האָבן אין וואַרשע „מיט אַזאַ טיפן טרויער באַגלייט פּרצן צו זיין אייביקער רו"; יענע טייערע מענטשן־יידן, „זייערע טאַטעס, אונדזערע זיידעס, וואָס האָבן אויסגעשפּאַנט די פערד פון דער קאַרעטע, אַליין זיך אין איר איינגעשפּאַנט און אַרומגעפירט מענדעלן בעת זיין באַזוך אין וואַרשע"...

דיין פּוילן־רייזע, זיגמונט, און דיין שאַפן אַט דעם מאָנומענט, וואָס דו האָסט אַ נאָמען געגעבן „פראַגמענטן פון מיין לעבן", זיינען געווען דער ווענד־פונקט אי דיין לעבן, סיי ווי אַ ייד בכלל און סיי ווי אַ יידישער קינסטלער.

דו האָסט, ווי אַ רעזולטאַט פון אַט דעם קריזיס, „דערזען, באַנומען און פאַרשטאַנען". און ס'איז דיר „קלאָר געוואָרן, אַז דער „אַמאָל", אין וועלכן דו האָסט צוזאַמען מיט די אומגעקומענע מיליאָנען געהאַט געלעבט און זיך אויסגעלעבט, איז פאַרשוווּנדן אויף מער זיך נישט אומצוקערן.

און ווען אַט דאָס באַוווּסטזיין האָט זיך אין דיר פולשטענדיק אויסגעקריסטאַליזירט, האָסטו, ווי ס'איז אייגן פאַר אַ מענטשן מיט ווילן און מוט צו זיין ערלעך צו זיך אַליין, וואָס דאָס איז די שווערסטע ערלעכקייט, — געצויגן די לאָגישע קאָנסעקווענצן פון דעם נייעם אמת, וואָס דו האָסט אין זיך אַנטדעקט.

דיין באַשלוס אונטערצוציען אַ סך־הכל פון דיין ריאַ די זשאַנייראַ־קאַפּיטל און זיך צו באַזעצן אין מדינת־ישראל, איז דעריבער, נאָך דעם לייענען די „פראַגמענטן פון מיין לעבן", פאַר מיר נישט געקומען ווי אַן איבעררראַשונג. ער איז אין דיר לאַנג געוואַקסן ביז ער איז רייף געוואָרן; און יעדע רעוואָלוציע, נישט געקוקט אויף איר אויגנשיינלעכער פּלוצימדיקייט, איז דאָך, גרונטזעצלעך, נישט מער ווי דער מאָמענט, ווען אַ פולשטענדיק אויסגערייפט עפּעלע פאַלט אַראָפּ פון בוים. אַזוי איז עס מיט רעוואָלוציעס אין סאָציאַלן לעבן; אַזוי איז עס אויך אין דעם לעבן פון דער איינצל־פּערזענלעכקייט.

און אַזוי ווי די נאַטור דולדעט נישט קיין „וואַקואוּם", און אַ

# מעקסיקאַנישע רעפּלעקסן

מענטש פון דיין גייסטיקן קאַליבער קען נישט לעבן אָן קאָנסטרוקטי־
ווע, שעפערישע אידעאַלן, איז געקומען דער מאָמענט, ווען דו האָסט
אין די טיפענישן פון דיין נשמה אויסגערופן: „לע רוא ע מאָר, וויוו
לע רוא!" „מיין נעכטן, דאָס יידישע פוילן, איז טויט; זאָל לעבן מיין
יידישער מאָרגן, מדינת־ישראל!"

באַגריס איך דיך, זיגמונט, פון טיפן האַרצן צו דער דורכגעפיר־
טער רעוואָלוציע אין דיין אייגענעם לעבן.

.1952

# אַרטור רובינשטיין, דער פּוילישער ייד

וואָס גרעסער ס'ווערט, מיט דעם לויף פון די יאָרן, אונדזער דערפאַרונג מיט אינטערפּרעטירנדיקע קינסטלער אין קאָנצערט־זאַל וואָס שייך דער אויספירונג און אויסטייטשונג פון דער מוזיק פון דעם ראָמאַנטשיסטן צווישן די ראָמאַנטישע קאָמפּאָזיטאָרן פון די לעצטע הונדערט יאָר, אַלץ מער פאַרוואָרצלט זיך אין אונדז די איבערצייגונג, אַז אויב ס'לאָזט זיך פאַראַפראַזירן דער אויסדרוק „אַלאַה איז אַלאַה, און מאַהאָמעד איז זיין נביא", קען מען זאָגן, אַז „שאָפּען איז שאָפּען, און אַרטור רובינשטיין איז זיין אידעאַלער אינטערפּרעטירער".

צו הערן אַרטור רובינשטיינען אין אַ פּראָגראַם, וואָס איז געווידמעט אויסשליסלעך צו דער מוזיק פון אָט דעם קאָמפּאָזיטאָר, וואָס איז דער וויכטיקסטער צושטייער פון דעם פּוילישן פאָלק צו דער מוזיקאַלישער שאַפונג אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב, איז אַן עסטעטיש־עמאָציאָנעלע דערפאַרונג, וואָס בלייבט אין דעם זכרון פון דעם מוזיק־ליבהאָבער יאָרן־לאַנג. פּיאַניסטן קומען און פּיאַניסטן פאַרן אוועק, אָבער דער איינדרוק פון זייערע שאָפּען־אינטערפּרעטאַציעס, ווי שטאַרק ער זאָל ניט האָבן געווען אין דעם מאָמענט פון זייער שפּילן אים פאַר די צוהערער, פאַרבלאַסט ער אָבער און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ דערינערונג מיט נעבלהאַפטן קאָנטורן, דאַן ווען רובינשטיינס שאָפּען־אויספירונגען קלינגען אין אונדזערע אויערן שטענדיק פריש און לויטער. צייט האָט איבער זיי קיין שליטה ניט.

שטעלט מען זיך אַליין די פראַגע:

ווו איז דער שליסל צו דעם סעקרעט פון אָט דער אומפאַרגלייכלעכער מייסטערשאַפט פון אַרטור רובינשטיין אויף דעם געביט פון

שאפען-אינטערפרעטאציע, וואס ווערט אים אנערקענט מצד די פאר־בליקומס פון די קאנצערט-זאלן איבער דער גארער וועלט, און ווערט אפגעשפיגלט אין דער מוזיקאלישער קריטיק אומעטום?

געווים דארף מען עם ראשית כל צושרייבן צו רובינשטיינס אוים־ערגעוויינלעכער פעאיקייט אריינצודרינגען אין די גייסטיקע עסענץ פון די דורך אים געשפילטע ווערק, בכלל. אט איז ער דאך אויך באַ־רימט ווי אפשר דער סאמע בעסטער אינטערפרעטירער פון שפאני־שער מוזיק. דאס באשטעטיקט בלויז נאכאמאל די טעאריע, אז ווען ס׳האנדלט זיך וועגן באמת געניאלע אינטערפרעטירער, ווערן די גרענעצן פון נאציאנאליטעט גאר לייכט אריבערגעשפרונגען. מיר זעען, צום ביישפיל, די דערשיינונג, אז דער שפאניער איטורבי איז איינער פון די בארופנסטע, אויב ניט אמאל גאר דער בעסטער, אינ־טערפרעטירער פון דער מוזיק פון דעם דייטש מאצארט, און דער דייטש וואלטער גיזעקינג איז אן אומפארגלייכלעכער אויסטייטשער פון דער פיאנא-מוזיק פון דעבוסי, איינעם פון די פראנצויזישסטע צווישן די פראנצויזישע קאמפאזיטארן פון אלע צייטן.

איז אבער אט דאס אין דעם פאל פון ארטור רובינשטיינס שאפען־אינטערפרעטאציעס בלויז איינער פון די קוואלן, פון וואנען עס שטראמט זיין טיפער און לויטערער שאפיניזם.

וואס שייך אט דעם מייסטער-פיאניסט, קען — און דארף — זיין איינציקארטיקייט, ווי א שאפען-אינטערפרעטירער, באלויכטן ווערן אויך אין דעם ליכט פון דעם געדאנק, אז „ווילסטו דעם דיכטער פארשטיין, מוזטו אין זיין לאנד גיין”. אויב מיר ווילן טיפער באגרייפן ארטור רובינשטיינס סווערענע שאפען-באהערשונג, מוזן מיר אריינ־דרינגען אין דעם, וואס איז, גייסטיק, רובינשטיינס לאנד, און דאס איז זיין יידיש-פוילישקייט.

— 2 —

ווען מ׳איז נענטער באקאנט פערזענלעך מיט אט דעם גאט-גע־בענטשטן פיאנא-קינסטלער, ווערט פיל לייכטער צו דערגרונטעווען זיך אויך צו אנדערע ווארצלען פון זיין לויטערן שאפיניזם, אויסער די, וואס מ׳מוז נאטירלעך אננעמען, ווען עס האנדלט זיך וועגן א קינסטלער פון זיין, רובינשטיינס, אוניווערסאלן פארנעם.

ווייל ווימן דארף מען, אז ארטור רובינשטיינן איז ווייט פון

„קאָסמאָפּאָליטישקייט", (וואָס ס'איז אייגנטלעך בלויז אַן אַנדער וואָרט פאַר אַסימילאַטאָרישקייט), כרחק מזרח ממערב. אויב מיר ווילן געפינען צווישן אינטערפּרעטירנדיקע קינסטלער אויפן מוזי־קאַלישן געביט אַ פּראָטאָטיפּ פון אַ, גייסטיק, פּולבלוטיקן, וואָרעמען יידן, איז רובינשטיין איינער פון די בעסטע ביישפּילן. ס'איז גענוג צו הערן מיט וואָס פאַר אַ בייסנדיקער איראָניע ער רעדט וועגן גע־וויסע היינטצייטיקע מוזיקער־יידן, וואָס פירן לגבי זייער אידישקייט אַ שטרוים־פּאָליטיק, כדי פון איר אַרויסצופילן זיין, רובינשטיינס, אייגענעם נאַציאָנאַלן יידישן באַוווסטזיין. ער שמייסט זייער מורא זיך אויסצוזאָגבן פאַר יידן, און זייער פּחדנותדיקן ווייכן פון יידיש לעבן, מיט ריטער פון צאָרן; און ער שיסט אין זיי אַריין פיילן פון שפּאָט און פאַראַכטונג.

אַרטור רובינשטיין איז אַ ייד מיט אַלע פיבערן פון זיין באַוווסט־זיין. יעדע „טורנע", וואָס ער מאַכט איבער מדינת־ישראל, איז פאַר אים אַן אומפאַרגעסלעכע גייסטיק־דערפרישנדיקע איבערלעבעניש, און ער קען וועגן זיינע איינדרוקן פון ירושלים, תל־אביב און חיפה, פון איין זייט, און פון די קבוצות אין דעם אידעאַליסטישן פונק, וואָס ער זעט דאָרט טליען, פון דער אַנדערער זייט, רעדן שעהן לאַנג, מיט גרוים ענטוזיאַזם און טיפן פּאַטאָס. די עקזיסטענץ פון מדינת־ישראל איז פאַר אים אַן עלעמענט פון פּערזענלעכן גליק.

ס'איז דאָ עפּעס באַצויבערנדיק־נאַאיווּעס אין זיין פאַרוווּנדע־רונג, געמישט מיט אַ לייכטן טאָן פון פּראָטעסט, צוליב דעם, וואָס אין ישראל הערט ער אויף העבּרעאיש ניט נאָר דעם „שמע ישראל", וואָס ער געדענקט (זיינע עלטערן האָבן עס מיט אים אין זיין פריער קינדהייט געלערנט), נאָר אויך אַזעלכע „פּראָפאַנע" זאַכן, ווי יאָהאַן שטראַוסעס אָפּערעטע „די פלעדערמויז".

רובינשטיינס פאַרוואָרצלטע יידישקייט איז אַ פאַקט, פּונקט אַזוי ווי ס'איז, פון דער צווייטער זייט, אויך אַ אמת, אַז ער איז דערצויגן געוואָרן ניט אויף דער יידישער שפּראַך, נאָר אויף פּויליש. יידיש קען ער ניט, כאָטש ער האָט ניט צו אָט דער שפּראַך די „סנאָבישע" באַ־ציאונג, וואָס ס'ווייזן צו איר אַרויס געוויסע יידן־קינסטלער פון אַ קלענערן קאַליבער ווי אַרטור רובינשטיין. ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס צווישן זיינע נאָנטע פריינט, וואָס אויף זייער פריינטשאַפט איז ער שטאָלץ, האָט זיך געפונען אַזאַ „כל עצמותי יידישקייט תאמרנה"־ייד, ווי דער פאַרשטאָרבענער נחום סאָלאָקאָוו; פּונקט אַזוי ווי ס'איז

אויך ניט קיין צופאַל, וואָס, אים צו לאַנגע יאָר, שלום אַש, איז אויך איינער פון אַרטור רובינשטיינס נאָנטע פריינט. ער, רובינשטיין, דער־ציילט איבער מיט אַ באַזונדערס גרויסן פאַרגעניגן אַשם ענטפער צו געוויסע פוילישע ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס האָבן — נאָכדעם ווי „דאָס שטעטל" איז געווען דערשינען אין דער איבערזעצונג, אויף פויליש, און האָט אַרויסגערופן אַלגעמיינע אַנטציקונג אין די קרייזן פון דער פוילישער אינטעליגענץ, — אים, אין זייערע מיט לויב־גע־זאַנג פולע קריטישע אָפּרופן, פאַרגעלייגט איבערצוגיין צו פויליש, ווי דעם שפּראַכלעכן אינסטרומענט פאַר זיין קינסטלערישן שאַפן:

— איך קען זיך נישט העלפן, מיינע ליבע פריינט, די ווייכסל רעדט צו מיר בלויז אויף יידיש.

און מיט וואָס פאַר אַ צופרידנהייט דערמאָנט ער סאָקאָלאָווס אַראַטאָרישע טריאומפן, ווי אַ פּרעלעגענט אויף פויליש, וואָס וועגן זיין פויליש האָבן אפילו די אַנטיסעמיטישע צייטונגען אין וואַרשע זיך געפילט געצוווּנגען צו זאָגן זייערע לייענער, אַז די פוילישע אינ־טעליגענץ דאַרף מאַסנווייז באַזוכן נחום סאָקאָלאָווס רעפעראַטן, כדי ביי אים, דעם יידן, זיך צו לערנען ווי צו רעדן אַ ליטעראַרישן פויליש.

זיינען אָט די צוויי פאַקטן כאַראַקטעריסטיש פאַר אַרטור רו־בינשטיינס גייסטיק־יידישער פיזיאָנאָמיע.

רובינשטיין איז דורכגעדרונגען מיט פוילישער לאַנדשאַפט, אַזוי ווי ער געדענקט איר נאָך פון זיינע קינדער־יאָרן, און עס זיינען דאָך יענע איינדרוקן, וואָס באַווירקן קינסטלערישע סענסיטיוויטעט אין דעם ווייטערדיקן לעבנס־גאַנג. ער איז „אויסגעבונדן" אין דער פוי־לישער ליטעראַטור, אין דער געשיכטע פון פוילן און אין פוילישן פאָלקלאָר. ער רעדט וועגן אָט דעם אַלעם, ווי וועגן „אַלטער ליבע, וואָס זשאַווערט ניט".

איז דעריבער נאַטירלעך זיין פּיעטעט צו די אָפּשפּיגלונגען פון יענעם פוילן, וואָס אויך שאָפּען האָט אויסגעדריקט אין זיינע קינסטלערישע וויזיעס; ווייל וואָס איז דען, אין גרונט גענומען, שאָ־פּענס מוזיק, אויב ניט צו אוניווערסאַלער באַדייטונג דערהויבענע אידעאַליזירונג פון טרוימען פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און אַ בענק־שאַפט נאָך יום שכולו שבתדיקייט? נישט אומזיסט האָט ראָבערט שומאַן, דער אומשטערבלעכער ראָמאַנטישער קאָמפּאָזיטאָר, זיך אויסגעדריקט, אַז אין שאָפּענס מוזיק זיינען אָפּט הינטער רויזן פאַר־שטעלט האַרמאַטן, און אַ אין זיינע „פּאָלאָנעזן" הערט זיך ניט זעלטן

דער רוף צו באַפרייאונגס-קאַמף. פאַלן דאַך די יאָרן פון שאָפּענס לעבן און שאַפן צוזאַמען מיט דער צעטיילטער פוילענס באַדריקונג מצד אירע דריי פאַרשקלאַפער.

ווער איז דען, אויב אַזוי, מער באַרופן צו זיין שאָפּענס מוזיקאַלישער פאָנען-טרעגער, ווי דער געניאַלער פיאַנאָ-קינסטלער רובינשטיין, וואָס איז, לויט זיין יידיש-פוילישער גייסטיקער פערזענלעכקייט, אַן עכאָ פון מיצקיעוויטשעס יאַנקעל, פון „פאַן טאַדעאוש"; פון אָרזשעשקאָס „מאיר יוזעפאָוויטש"; פון יענע פוילישע יידן, וואָס האָבן, ווי דער רב מייזעלעש, אין די טעג פון דעם העלדישן קאַמף בעת דעם אויפשטאַנד אין טויזנט אכט הונדערט דריי און זעכציק קעגן דער באַדריקונג מצד דעם צאַרישן דעספּאָטיזם, וועלכן אַפּאַטאַשו האָט פאַראומשטערבלעכט אין זיין באַרימטן ראָמאַן, — דערהערט און פריידיק אויפגענומען דעם רוף מצד דער דאַמאָלסטדיקער פוילישער אינטעליגענץ: „זאַ נאַשאָן אי וואַשאָן וואָלנאָשטש!"

דעם פאָלאַק טאָוויאַנסקים משיחישע חלומות געפינען אַן אָפּקלאַנג אין דעם שטאָלצן יידן און טיפן הומאַניסט אַרטור רובינשטיין; און שאָפּענס, מיט פרייהייט-בענקשאַפט אָטעמדיקע מוזיק איז פאַר אָט דעם געניאַלן אויסטייטשער פון גייסטיקער דערהויבנקייט אויף פּיאַנאָ, דער אידעאַלער אופן אויסצודריקן איר קיינמאָל ניט וועלקנדיקע פּאָעזיע פאַר יעדן, וואָס האָט אַ מוזיקאַלישן געהער און אַ גייסט, וואָס איז פעאיק זיך דורכצודרינגען מיט די אייביקע ווערטן פון אַלמענטשלעכער קונסט.

דעם פוילישן יידן אַרטור רובינשטיין טיילט דער־יבער די וועלט-געשיכטע פון מוזיק צו דעם כבוד צו פיגורירן אין די אַנאַלן פון פּיאַנאָ-קונסט, ווי דער טיפסטער שאָפּען-אינטערפּרעטירער פון אונדזער צייט.

.1953

# אינהאַלט - פאַרצייכניס

## אַ שטים פון דער מעקסיקאַנער תפוצה

## בויער פון ישוב



## יידישע שרייבער אין מעקסיקע



# אַלגעמיינער טייל

## ליטעראַריש־קינסטלערישע איינדרוקן



## פילועטן